# אַלע ווערק

פון

# פרץ הירשביין

ווילנע—1930

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

פּרץ הירשביין

# שוואַרצבּרוך

צען חדשים מיט די יידשע איבערוואַנדערער
אין ראַטנפאַרבאַנד

אגאי, קרים. 1928 — 1929

ווילנע — 1930
ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# אינהאלט

זייט

# פון לעצטן יאַריד

אין אמתן האָט מען איצטער באַאַרבעט האָבן שלום-עליכמען אַ לעבעדיקן, ער זאָל „מנחם-מענדלען“ זען, ווי מען ציט אים אַרויס פון חרובן יאַריד און ער, אַ צעטראָגענער, אַ פאַרמוטשעטער, לאָזט זיך פירן. ליגט אַוועק דעם אַרשין, וואָס האָט געמאָסטן כמענגעס פאַר די שיקסעס אויפן מאַרק, און לערנט זיך איינשפּאַנען אַ פּאָר אָקסן, אויף אוקראַינער אָדער קרימער פעלדער.

יעדער טראַגיזם טראָגט מיט זיך אַ מאָס קאָמיזם. און יעדער קאָמיזם טראָגט אין זיך טראַגישעס. עס איז אָבער גרינגער אויפצונעמען דעם קאָמיזם, מיט וועלכן דאָס טראַגישע ווערט אויפגעלייזט. עס קען שוין ניט זיין קיין טראַגישערע לאַגע, ווי די יידישע, אין צייט פון מלחמה, אין צייט פון בירגערקריג און שפּעטער, ווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט גענומען די איבערהאַנט. האָט מען נאָך מער יסורים געקענט צוטראַכטן פאַר יידן, ווי די, וואָס האָבן זיך אויף זיי אויסגעגאָסן אין אַכצנטן, אין ניינצנטן יאָר, אין אוקראַינע צי אויף אַנדערע רוסלאַנדס געמאַרקן? מען האָט געקענט מיינען, אַז די צווישנפעלקערלעכע מלחמה האָט זיך איינגעשטילט, ווייל מען האָט פּלוצלינג דעם יידן באַמערקט און מען האָט באַדאַרפט זיינע אָדערן לעבעדיקערהייט פון אים רייסן. אַזוי איז דאָך עס געווען. דער ייד אין רוסלאַנד איז אַרויסגעקומען פון קריג — אַ איבערגעשראָקענער; פון דער רעוואָלוציע — צעבראָכן לענד-און-פיס. און ווען ער האָט זיך ווי-ס'איז אויסגעטשוכעט, האָט ער געפונען, אַז דעם מאַרק האָט מען צוגענומען פון זיינע גאַסן און די האַרבסטע שטראָף אַרויפגעלייגט אויף דעם, וואָס האָט נאָר געפּרוווט זיין באַלאַגאַן ווידער אויפשטעלן. הונגער, פּעסט, אַלמנות, יתומים, קאַליקעס, צעריסענע נערוון, צעשלאָגענע געמיטער. מיט דעם גאַנצן יידישן אימפּעט צו לויפן און געפינען — טיר און

 

טיער פאַרשפאַרטע; ניטאָ וואוהין צו לויפן. דער לעבּנס פאַרלאַנג האָט קיין אויסוועג ניט געפונען. שטעטלעך האָבּן באַקומען די דער; שטעט- לעך האָבּן זיך פאַרנייגט צו מערב. שטעטלעך האָבּן אָנגעהויבּן איינ- צוזינקען.

די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט דערהויבּן די דערנידעריקטע און דערשלאָגן בּיז צום שטויבּ די דערהויבּענע. פון גרויס-קרעמער, בּיז צום מעקלער; פון דעם פאַבּריקאַנט, וואָס האָט עקספּלואַטירט טויזנטער אַרבּעטער, בּיז צו דעם, וואָס האָט געלייזט צען גראָשן אַ טאָג אין גאַרנישטיק קרעמל — זיי אַלעמען האָט די סאָציאַלע רעוואָלוציע פאַרמשפּט. געקומען איז דאָס שטרענג און אומרחמנות- דיק; געקומען איז עס האַרבּ און בּיטער, ווי אַ שטראָף פאַר אַלטע זינד. דער יידישער מאַרק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיסט- בּאַרג און דער ייד אינמיטן, זוכנדיק אין מיסט, מיט וואָס זיך צו דערנערן. מען האָט נאָך פון מיסט עפּעס אָפּגעראַטעוועט און בּאַר דעם געפּרוווט אַ בּאַלאַגאַן אויפשטעלן.

די רעוואָלוציע אַליין איז אויך אַ ווילע מיד געוואָרן און גע- בּליבּן אַ פאַרחלשטע אויף די חורבות און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען האָט ווידער האַנדל דערלויבּט. עס איז אָבּער ניט געווען אַ אומקער צום אַלטן; עס איז גיכער געווען אַ וואַקכאַנאַליע פאַרן אונטערגאַנג. איצטער זעט קליין און גרויס, אַז דער מאַרק איז פאַר- שפּילט. דער מיסטבּאַרג איז אַליין פון זיך איינגעגאַנגען און דער ייד איז געבּליבּן אַ נאַקעטער, אַ נשמה אַ נאַקעטע האָט זיך אַרומ- געדרייט אויפן פּוסטן מאַרק; זי דרייט זיך נאָך טיילווייז איצטער אויך אַרום אויפן קליינשטעטלשן מאַרק.

און ווען די רעוואָלוציע איז איבּערגעגאַנגען צו איר בּוי-פּראָ- גראַם, איז געקומען די צייט אויך די יידישע מאַסן, ווי אַ דיקער בּלעטערפאַל אין האַרבּסט, פאַרוועלקט און צעקנייטשט, אַזוי האָט זיי די אייגענע צעשטערנדיקע רעוואָלוציע געפונען אויפן אַלטן מאַרק, דעמאָלט ווען די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבּן היילן וואונדן... יידן זיינען גרייט געווען אָנצוטאָן וואָס פאַר אַ שווערן יאָך עס זאָל ניט זיין, אַבּי צו דערנערן זיך. יידן זיינען גרייט אויסצושטרעקן די הענט צו-וואָס פאַר אַ שווערער אַרבּעט עס זאָל נאָר אָנטקעגן

קומען. מען זעט אַרויס, ווי ווייט די מנחה=מענדלס זיינען שוין גע=
פּרוּווט געוואָרן, אַז מען קען זיי אין גרויסע מאַסן איבערפירן צו
ערד=אַרבעט.

---

ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע מיט זיבעצן יאָר צוריק,
דעמאָלט ווען די טירען פון אַמעריקע זיינען נאָך פאַר אַלעמען
געווען אָפן; דעמאָלט ווען אַריבער אַ האַלבע מאה טויזנט יידן אַ
יאָר פלעגן אַנטלויפן פון רוסלאַנד — האָט עס אויך אויסגעזען,
אַז מען אַנטלויפט פון אַ שלעכטן יאַריד און מען וואַרפט אויף איי=
ביק אַוועק וואָג=און=מאָס; אַז מען שפּייט אויף אייביק אַרויס דאָס
שטרויעלע פון מויל. יידן, אַלט און יונג, מאַן און פרוי, אַיעדערער
האָט געזוכט אַ טיר אין אַ שאַפּ אַריין; אַ יעדערער האָט זיך גע=
לערנט האַלטן אַ שטיקל געציי אין האַנט; אַ יעדערער האָט זיך
דערפילט פריי. אויסגעגלייכט די פּלייצעס אויף אַמעריקאַנער ערד,
בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרדינט זיין ברויט דורך פּראָדוקטיווער
אַרבעט; עס האָט זיך דעם אַריבערגעוואַנדערטן יידן אויסגעדאַכט,
אַז ביז אַמעריקע איז ער געווען אַ פּוסט=און=פּאַסניק און ערשט
איצטער האָט ער דערפילט דעם טעם אין זיין פּאַרדינסט. אָ ווי שווער
ער האָט געאַרבעט! ווי שווער און ביטער מען האָט אים עקספּלו=
אַטירט! מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר פריער האָט מען דאָך נאָך גע=
אַרבעט צוועלף שעה אין שוויץ=שאַפּ. אַזויפיל זיינען יידן געווען גרייט
נאָכצוגעבן, אַבי צו אַנטלויפן פון דער אַמאָליקער רוסלאַנד, וואו
מען האָט געצוואונגען שפּייזן זיך אויפן מיסטבאַרג. די ריזיקע יידישע
אַרבעטער=אַרמיי, וואָס האָט אָנגעציילט אין די הונדערטער טויזנטער,
איז דאָך געווען אַ פּרייווילליקע, ווייל אינאיינעם מיט דער שווערער
אַרבעט אין שאַפּ, האָבן זיי דערשפּירט אַ געוויסע מאָס פּערזענלעכע
פרייהייט, וואָס אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד האָבן זיי ניט גע=
קענט האָפן ווען עס איז צו באַקומען. עס איז דאָך געווען אַ רע=
טוּעניש פאַר גאָר אַ סך, פונוואַנען עס האָט זיך גענומען צו די
יידישע מאַסן אַזאַ פּיאָנערישער גייסט. פּיאָנערטום איז געלעגן אין
יענע וואַנדערער, וואָס האָבן איבערגעוואַנדערט פון אַלטן, רוסישן וויסטן
יאַריד, פון יענער הפקרותדיקייט אין אַריין אין אַ לאַנד, וואו מען

מען האָט געקענט די הענט פֿאַרדינגען און דורכדעם ניט אָנווערן די מענטשלעכע ווערדע. אַפֿילו דער היימישער בעל-מלאכה, וואָס אין די „היימישע" שטעט און שטעטלעך האָט מען אויך אים געקוקט פֿון אויבן-אַראָפּ:

— אַ שניידערוק!

— אַ שוסטעריונג!

מישטיינסגעזאָגט, וואו זייער אָרט איז געווען אין דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט — קומענדיק קיין אַמעריקע, האָט דער יידישער בעל-מלאכה צום ערשטן מאָל דערפֿילט זיין אייגענע ווערדע אַלס מענטש, און דעריבער האָט ער מיט אַ בלינדער ליבע געקראָגן אַמעריקע, וואו אַרבעט איז באַרעכטיקט און דער אַרבעטער האָט דאָס רעכט צו שטיין פֿאַר זיין אַרבעטסגעבער מיט אַ גלייכער פּלייצע.

געווים האָט עס געקענט אַזוי זיין, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע זאָל חרוב מאַכן דעם מאַרק, דעם יאַריד; זאָל אַרונטערדרייסן די באַלאַגאַנעס און אַרויסרייסן בײַ די מנחם-מענדלס דעם באָדן אונטער די פֿיס — נאָר צו דער אייגענער צייט זאָלן שוין זיין פֿאַבריקן לרוב, וואו מען וואַרט אויפֿצונעמען דעם באַפֿרייטן מענטשן, וואָס דורך זיין אַרבעט ווערט ער נאָך פֿילפֿאַכיק פּריווילעגירט. מען וואָלט ניט געקענט חושד זיין, אַז די יידישע מאַסן שפּילן דאָ אַ צו-להכעיס מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט חרוב געמאַכט אַ גרויסן מיסטבאַרג, אַרום וועלכן די שטאָטישע מענטשהייט האָט זיך דערנערט; אַרום וועלכער דער פֿליגקערער האָט גענאָגט דעם פּאַוואָליעדיקן. און ווען מען האָט דעם יאַריד מיט דעם גאַנצן מיסט זיינעם אָנגעהויבן אויסצוקערן פֿון לעבן, האָט זיך די גרויסשטעטישע און קליינשטעטלשע מענטשהייט, ווי אַ קליין קינד צעוויינט. אויך וואָס צו וויינען איז געווען. אַז עס ווילט זיך עסן, איז שלעכט. אַז מען גייט נאַקעט, איז שלעכט. אַז קיין דירה איז ניטאָ — איז שלעכט.

צום בעסטן האָט עס צוגעשפּילט דעם פּויער (אויסער, פֿאַרשטייט זיך, דעם גוטבאַזיצער). ביים רייכן האָט מען צוגענומען דעם גרעסטן טייל ערד. מען האָט פֿאַר אים איבערגעלאָזט מיט יושר.

מען האָט אים איבערגעלאָזט אַזויפיל, וויפל דער אָרעמאַן האָט געקראָגן. ביי אַ שטיקל ערד אונטער די פיס איז דער פויער געבליבן. זריעה האָט מען אים געגעבן. ברויט האָט ער געקראָגן.

גוט האָט עס אָפּגעגאָלטן די אַרבעטער פון פאַבריקן. דעם פאַבריקאַנט האָט מען דורכגעיאָגט — זיי זיינען ביים פאַבריק געבליבן. די הענט זיינען ניט געבליבן הענגען, ווי בייטשן גלאַט אַזוי; מיט איעדן טאָג האָט זיך די לאַגע אין פאַבריק פאַרבעסערט און די לאַגע פון די אַרבעטער איז געוואָרן פעסטער. ביסלעכווייז האָט די סאָציאַליסטישע מלוכה אָנגעהויבן אויפצושטעלן אַ ווירטשאַפט אין אויפגעעפנט טירן פאַר אַ סך, גאָר אַ סך ליידיקגייער.

אויסערגעוויינטלעך שלעכט איז געבליבן די לאַגע פון יידישן כלל. קיין ערד האָט ער ניט געהאַט. ניט געווען, וואָס צו טיילן צווישן אָרעם און רייך. אויפן פאַבריק זיינען די יידישע מאַסן ניט געווען פאַרטראָטן. ביי די ברייטע מאַסן פון קליינעם שטעטל, וואו די מערהייט האָט זיך דערנערט פון מאַרק, פון יאַריד, פון דאָרף, פון אַ ברייטן גאָשטשעניק — — פאַר זיי האָט די רעוואָלוציע אָן איר ערשטער פאַזע געבראַכט בלויז חורבן. פאַר זיי האָט תחילת די רעוואָלוציע געבראַכט בלויז אַ קללה אָן וועלכער עס איז האָפענונג אויסגעלייזט צו ווערן. און עס דעריבער נאַטירלעך, וואָס די יידישע מאַסן זיינען די לעצטע אויסגעלייזט צו ווערן פון זייער שווערער לאַגע, ווייל פאַר זייערטוועגן באַדאַרף די מלוכה אַליין צוטראַכטן פון אָנהייב. פאַר זיי מוז די מלוכה שאַפן די פאַבריק; פאַר זיי מוז די מלוכה זוכן ערד. און מען מוז אונטערשטרייכן, אַז מיט אַ גרויסער געטרייקייט האָט זיך די מלוכה גענומען צום איבערבוי פון יידישן עקאָנאָמישן מצב אויף די נאַטירלעכע יסודות, ווי עס באַדאַרף דער סאָציאַליסטישער שטאַט.

דער פראָצעס פון איבערבוי גייט אָן מיט אַ נאָרמאַלן טעמפּ לויט די מעגלעכקייטן און באַדינגונגען. עס גייט אָן די ערנסטע איבערוואַנדערונג ניט נאָר פון שטעטלשן מאַרק אין פאַבריק אַריין, אָדער צו דער אַרבעט — די גרויסע איבערוואַנדערונג מאַכט דורך די גאַנצע יידישע פסיכאָלאָגיע. קען מען זיך אויסמאָלן, אין פוילן, למשל, אַז אַ קליינשטעטלדיקער יחסן, וואָס האָט זיין שניטקראָם

אין מזרח-מארק און זיין „שטאט“ אין שיל, ביי דער מזרח-וואנט — זאל מיטאמאל זיך אריינעמען עפעס אין קאפ אריין און אנהייבן זיך צו שעמען מיט זיין באשעפטיקונג? דא איז עס געווארן א חרפה. דא, אז מען פרעגט א יידן, וואס עסט שוין זיין שטיקל ברויט, צי ביי דער ערד, צי אין אן ארטעל, וואו ער מוט א מלאכה, אז מען פרעגט אזא יידן:

— וואס האט איר פריער געטאן?

קומט אים אריין א פארב אין פנים און ער שמייכלט, ווי איינער זאגט:

— „צוליב וואס נאך דערמאנען מיין ניט-שיינע פרנסה?“ און ער זייט דורך צווישן די ציינער?

— כ׳וויים דארטן, מען האט געהאנדלט.

אדער:

— איר ווייסט ניט אמאליקע יידישע פרנסות?

— אדער:

— מען האט געלעבט פון ווינט.

און א גאר צופרידענער מיט דער איצטיקער לאגע טוט א זאג:

— מען האט געשווינדלט, חבר הירשביין.

שוין דער צוועלפטער יאר נאך דער רעוואלוציע און מען האט צייט געהאט זיך איינצולעבן אין דער נייער אטמאספערע, וואו האנדלען זעט אויס קרימינאל אין די אייגענע אויגן. דער קליינער פראצענט, וואס עקשנט זיך נאך, צאלט די גרויסע צינזן, זיצט אין זיין ליידיק קרעמל און ווארט אויף א קונה — צו אזא איינעם, אז איר קומט אריין, זיצט ער, ווי א פארמשפטער; ווי דער לעצטער, וואס איז געבליבן אויפן יאריד; די נאכט איז אנגעקומען און אלע וועגן זיינען פאר אים פארשטעלט. אזא איינער איז אפגעשיידט פון דער געזעלשאפט. ער איז דא כמעט דאס אייגענע, ווי דער „פאריא“ אין אינדיע. קיין שטימרעכט האט ער ניט; זיינע קינדער איז ער ניט בכוח צו דערציען אין מלוכהשע אנשטאלטן. ער זיצט ניט אין זיין אמאליקן געשעפט, א שטאלצער, א בעל-דעה; ער זיצט ווי אויפן עולם-התוהו און ווארט, אז באלד, באלד, אייב

ער וועט ניט אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר פון זיין קרעמל און זיך ניט לאָזן לויפן, וואו די אויגן וועלן אים טראָגן — וועט זיך שוין קיינמאָל דער טאָג איבער אים ניט אויסלייטערן.

דאַקעגן, ענטפערט איך מיט שטאָלץ דער אָרעמאַן, וואָס מיט זיינע הענט פאַרדינט ער זיין שטיקל ברויט. ער וועט איך, מיט אַ גליקלעכן פייער אין די אויגן, אַרויסכאַפּן פון בוזים דאָס פּראָפעסיאָנעלע ביכל און אַ ווייז טאָן:

— איצטער בין איך אַ מענטש. איצטער בין איך אַרויף צוריק אויף די רעלסן. מיינע קינדער קען איך דערציען, שטים־רעכט האָב איך געקראָגן, וואָס פעלט מיר איצטער? און אויב ביי זיך אין שטעטל געבליבן — איז געווים גוט.

דעריבער איז די איבערוואַנדערונג צו ערד־אַרבעט שוין אַ ווייטערדיקע סטאַדיע אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די יידישע מאַסן. דאָ וואַנדערט ער אַרויס אין אַ וועלט, וואָס איז אים אי נאָענט, אי ווייט. ער דערשפירט תחילת אַ באָדן אונטער די פיס, ער, דער ייד, וואָס האָט קיינמאָל, אויסער זיין שטעטל, קיין רעכט ניט געהאַט אויף קיין שפאַן ערד, וועט מיטאַמאָל ווערן באַלעבאָס איבער זיינע אייגענע צען, פופצן, צו צוואַנציק העקטאַר לאַנד. פון דער אַנדערער זייט כאַפּט אים אַרום אַ פחד, אויף אייביק זיך אָפּצושניידן, ניט נאָר פון זיין שטעטל — נאָר פון דער שטאָטישער וועלט בכלל. עס איז ביים גרעסטן טייל איבערוואַנדערער פאַרבונדן מיט אַזאַ גרויסן שפּרונג, אַז די אויגן באַדאַרף ער צומאַכן — דער קאָפּ זאָל זיך ניט פאַרדרייען.

---

און אַז דער ייד גייט שוין אַוועק צו ערד־אַרבעט — צו קיין אוקראַינע, אויף כערסאָנער סטעפּעס, צי קיין קרים, — גייט עס אים איבער דער אומבאַקאַנטער שווידער דורכן לייב, וואָס קומט פון פרייד און שרעק, ביידע אינאיינעם; דערלייזונג און נייע פאַרמשפּטקייט. אַ סך פאַרבאָרגענע וואונדן דערמאָנען אָן זיך. עס קומט אָן אויף אים, גלייך ווי ער וואָלט נאָך איינמאָל, צום לעצטן מאָל, איבערגעלעבט אַ חורבן, ווי ערשט איצטער האָט זיך דער חורבן געטראָגן איבער זיין קאָפּ; ווי ערשט איצטער איז דורך די פּאָגראָם־כוואַליע;

ווי ערשט איצטער האָט זיך פאַר אים אויפגעעפנט אַ טירעלע און ער האָט דערשפּירט, אַז אויב דורך דעם דאָזיקן טירל וועט ער זיך אַרויסכאַפּן, איז ער געראַטעוועט.

און אַזוי פאַרלאָזט ער דעם גרויסן יאַריד, דער לעצטער, דער פאַרשפּעטיקטער. צומאָל דאַכט זיך אים אויס, אַז ער גייט אין אַ אייביקער, אומבאַקאַנטער נאַכט אַריין; אָבער צום גרעסטן טייל לייטערט זיך פאַר אים ביסלעכווייז אויס אַ גרוילעכער און צומאָל אַ זוניקער פרימאָרגן. ער איז אינערלעך ניט קיין פייער, נאָר אַ שווער קראַנקער, וואָס האָט זיך ערשט איצטער אַראָפּגעקליבן פון בעט. ער איז אינעווייניק פול מיט קאַפּריזן, וואָס אויף אַ ווילע האָט ער זיי ווי ס'איז צונויפגעבונדן; ער איז אינערלעך נאָך פול מיט שרעק, נאָר ווי ס'איז האָט ער די שרעק פאַרקוועטשט צווישן די ציינער:

— ערד?
— איך וועל מיט דער נאָז אַקערן די ערד!
— איך וועל מיט די הוילע הענט רייסן די ערד.
— איך וועל מיט מיין שווייס זאַט מאַכן די ערד.
— אַן אייגן שטיקל ברויט!
— ברויט פון מיין פעלד!

עס לויפט דורך אַ מחשבה:

— האַ, וואוהין? וואו?

ער קוקט זיך אום, צי ער איז ניט אַליין. ער זוכט חברים. צום ערשטן מאָל דערשפּירט דער ייד, אַז מיט נאָך עמעצן איז היימלעכער... אַוודאי, עס האָט געטויגט אויף כּפּרות ביז איצטער דער „יעדער פאַר זיך“. אַ גרויסער יאַריד און איעדערער מיט זיין געשטעל; איעדערער האָט צו זיך געשלעפּט דעם פריער. אַ נייע צייט. אַ סאָציאַליסטיש לאַנד. איך וועל טאָן, וואָס מען הייסט. פאַרברידערן. פאַרחברן, קאָלעקטיוון.

— העי! ווער פאָרט נאָך? ווער פאָרט מיט? וואָס איז דער תכלית צו זיצן אין שטעטל? די מלוכה גיט ערד. אַמעריקע העלפט זיך איינאָרדענען. שלמה... חיים... שעפּסל... דוד... בערל... כאַצקל... טאָדרעס!!...

דאָס זיינען די וואָכעדיקע פון שטעטל.

— גרינבּערג... שטיינבּערג... אײַזנבּערג... פיינבּערג.... זילבּער־בּערג!.. גאָלדבּערג!!.. בּערנשטיין... פינקלשטיין... ערלשטיין... פיינ־שטיין... גרינשטיין... סאַפירשטיין!... וואַסערמאַן... ליבּערמאַן... בּראַ־ווערמאַן... צוקערמאַן!!!

עס רירט זיך דער שבּתדיקער עולם.

אַוודאי, נאָר קאָלעקטיוו. אַוודאי, נאָר יד־אחת. אַוודאי, נאָר אין טעפּל; נאָר אין קעשענע. לאָמיר זיך געבּן די הענט:

— אינאײנעם!

— אַלע גלייך...

— אַלע מענטשן גלייך...

— בּאָלשעוויקעס...

— העלפן בּויען סאָציאַליזם.

— איך וועל פירן מיין ווייץ איז מיל אַריין.

— ציפּע־רייזל וועט בּאַקן בּרויט פון מיין אייגענעם ווייץ....

די בּאַוועגונג פון יאַריד איז מיט אויפגעשרויפטן עקסטאַז, מיט אַ אומדערוואַרטער, פאַר זיך אַליין מונטערקייט. פאַרשטעקט דעם ווײ. פאַרשטעקט די וואונד. מען הייבּט אויף די אויגן צו דער רע־גירונג, ווי צו אַן אייגענער גוטער קרובה; מען הייבּט אויף די אויגן צו די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, „געזערד“, „אַגראָדזשוינט“; „יק“א:

— האַ, ווער נעמט אונז? — ווער פירט אונז? — ווער העלפט אונז?...

— האַ, וואו בּיסטו?

— דאָס בּין איך!

— וואוהין גייסטו?

— קיין כערסאָן. — — — — — — — —

— איך אויך קיין כערסאָן!

— קיין קרים....

— איך אויך קיין קרים!

— — — — — — — —

מיט אַריבּער דריי יאָר צוריק האָט די רעגירונג אויסגעאַר־בּעט איר פּלאַן אויף אַ משך פון צען יאָר. אין פאַרלויף פון צען

יאָר זאָל מען אַריבערפירן הונדערט טויזנט יידישע משפחות צו ערד־אַרבעט. בערך אַ האַלבער מיליאָן נפשות. ביז צום אַכט־און־צוואַנציקסטן יאָר האָבן אַרויסגעוואַנדערט צו ערד־אַרבעט קיין כערסאָן, קרים און ווייסרוסלאַנד גענויע צוואַנציק טויזנט משפחות, קרוב פון הונדערט טויזנט נפשות. די איבערוואַנדערער האָבן שוין געגרינדעט אַריבער צוויי הונדערט ישובים; אין דעם צאָל אַ סך גרויסע דערפער. האָבן שוין אויסגעבויט קרוב פון צען טויזנט הייזער. דריי יאָר צייט — עס שווינדלט פאַר די אויגן אַזאַ מין איבערוואַנדערונג. דער יידישער טראַגיזם ווערט צייטנווייז אויסגעלייזט הורך שומיקן קאָמיזם. אין אוקראַינע האָט מען אָפגעשניטן פאַר יידן גענויע צוויי הונדערט טויזנט העקטאַר לאַנד; אין קרים — קרוב אַ פערטל מיליאָן העקטאַר לאַנד; אין ווייסרוסלאַנד — גענויע הונדערט פופציק טויזנט העקטאַר לאַנד. שטייען שוין אין סטעפּ טויזנטער יידישע הייזער; הונדערטער יידישע דערפער. יידישע דאָרפס־און־ראַאָן־ראַטן .. יידן רייסן מיט דער נאָז די ערד. יידן שלאָגן זיך אַרויס פון די כוחות. אַ סך זיינען געקומען צו מוטער־ערד מיט נערוון צעשייבערטע. אַ סך — מיט אומגעדולד. אַנדערע זוכן ביי מאַמע־ערד אַ שטיקל יאַריד... אָבער דער גרעסטער טייל איז געקומען פון לעצטן יאַריד. מאַמע־ערד האָט זיי צוגענומען מיט אַ אומפריינדלעכן פנים. עס קומט פאַר די איבערבעטעניש.

שוין עטלעכע חדשים, אַז איך גיי נאָך די טריט פון אונזערע איבערוואַנדערער און לעב איבער זייערעליידן און זייערע פריידן.

---

# אויף כערסאָנער סטעפּ

דער סטעפּ האָט זיי אויפגענומען. ווי אויף אַ גלייכן טיש האַלט ער זיי, די איבערוואַנדערער. כערסאָנער סטעפּ, וואָס אַ סך באַהאַלט ער אין זיך:

זאַטקייט, שפע.

און די „דער“. טריקעניש. הונגער.

דאָס צווייטע איז זעלטן, אָבער דאָך קומט עס אַמאָל. אויף מיין מזל איז אויסגעפאַלן דער שלעכטער יאָר. זיי, די יידישע איבערוואַנדערער, וועלן אַ סך, אַ סך זאַטע יאָרן זען. און דאָך — — עס איז אויך זייער ערשטער יאָר, דער צווייטער יאָר. נאָך ניט אָנגעגעסן זיך צו־זאַט.

סטעפּ באַדאַרף מען קענען ליב האָבן. ווער עס האָט ליב מיראַזשן צו זען; ווער עס האָט ליב צו זען אַלע פיר ווינקלען פון דער ערד; ווער עס וויל זען דעם פשוטן באַגינען און פשוטן פאַרנאַכט — דער בינדט זיך צו צום סטעפּ.

כערסאָנער סטעפּ האָט ניט קיין בוים, סיידן מען פלאַנצט אים. כערסאָנער סטעפּ איז פעט, שוואַרצע שפע. באַוויליקט דער סטעפּ — איז דעם פויער גוט. איז גוט די ווינטער־זריעה; איז געלונגען די פרילינג־זריעה; איז געקומען אין צייט רעגן; האָט ניט איבערגעשלאָגן די גערעטעניש קיין אומצייטיקער פראָסט; אומצייטיקע שטורעמס, און גאָר אומצייטיקע טריקעניש — דעמאָלט איז כערסאָנער סטעפּ סיי פעלד, סיי וואַלד. דעמאָלט איז דאָ גענוג תבואה, אָנצופילן אַלע שפייכלערס. גענוג שטרוי צו הייצן אַ גאַנצן ווינטער די אויוונס, גענוג פאַשע פאַר די בהמות. דער סטעפּ קען דעמאָלט אויך זיין מילד און נאָענט.

דער סטעפּ איז קרענקלעך אין די הייסע שעהן פון מיטן הי־מער, ווען ער האָט פאַרמשפּט די זריעה צום אונטערגאַנג, ווען

ער האָט זיך פאַרעקשנט און איז קאַרג און איינגעצויגן. ער קאָרטשעט זיך. אים שטעכט די שיטערע תבואה; אים שטעכן די מאָגערע שטרויען; די קאַרליקעס־דערנער. ער שלעפּט צו זיך די הימלען מיט דער זון. האַלבן טאָג, דאַכט זיך, אַז באַלד וועט די זון זיך אַראָפּלאָזן אויף אַ רגע און אונטערצינדן אַלץ, וואָס וואַקסט שיטער אויפן פלאַכן פּנים פון סטעפּ.

אין אַזעלכע טעג בין איך אָנגעקומען אינעם כערסאָנער סטעפּ. מען האָט געוואוסט, אַז די געגנט איז אַ פאַרשפּילטע. ברויט האָט אויסגעפעלט. די רעגירונג האָט אויסגעטיילט ברויט פאַר די נויטבאַדערפטיקע. די אַגראָנאָמען זיינען אומגעלאָפן צווישן די פעלדער און צוגעלייגט אַן אויער צום סטעפּ. יידן האָבן געקוקט צום הימל:

— אַ וואָלקנדל!

— אפשר...

— נאָך אַ וואָך וועט דאָס פעלד אויסהאַלטן.

— שטרוי קאָרטשעט זיך.

— די זאַנגען בראָטן זיך.

— די קערנער זיינען אין זייער מילך אויסגעגאַנגען.

— וועט מען כאַטש די שטרוי אָפּראַטעווען פאַר די בהמות.

— וועט מען כאַטש אַ ביסל שטרוי אָפּראַטעווען צום הייצן.

— האַ, וואָס זאָגט די רעגירונג, וועט מען טאַקע פון הונגער אויסגיין, ווי אין צוויי־און־צוואַנציקסטן יאָר?

— און דער „אַגראָדזשוינט“ — טראַכט ער עפּעס?

— און וואָס זאָגט מען אין אַמעריקע, ווייסט מען דאָרט, ווי עס האַלט מיט די איבערוואַנדערער?

— די גויים באַשולדיקן יידן! זאָגן אַז זינט יידן האָבן זיך אַהער אַריינגעצויגן, האָט זיך ס׳מזל אָפּגעטאָן פון כערסאָנער סטעפּ.

אין אַזאַ אָ צייט בין איך אָנגעקומען אין כערסאָנער סטעפּ. אַ גאַסט איז ניט קיין רעגן. אַ גאַסט איז ניט קיין אָנזאָג אויף אַ געראָטעניש. אַ גאַסט איז אַ סימן, אַז יידן זיינען ניט פאַרטראָגן געוואָרן אין כף־הקלע. אַ גאַסט איז אַ מין טעלעגראַמע, אַ ראַדיאָ־

גראַמע. ער וועט מודיע זיין. ער וועט עס צעפּויקן איבער דער וועלט, אַז:

— מען האָט שווערע צוויי יאָר איבערגעלעבט.

— די מלבושים, וואָס מען האָט נאָך מיטגעבראַכט פון צפון, זיינען שוין באַלד אויף שטיקער צעפאַלן.

— איצטער גייט מען אום באָרוועס. ווינטער וועט מען די פיס אָפּפרירן, ווייל עס וועט ניט זיין אויף קיין שיך

— ווי וועט מען עס קענען באַווייזן פאַר אַ געזונד זאַלבע גיין צו באַשוכן, באַשטיוולען, כאָטש באַפּאַנטאָפלען.

איך האָב געוואוסט, אַז מיטלען נעמט מען אָן סיי מצד דער רעגירונג און סיי מצד די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אַז די יידישע פויערים זאָלן האָבן ברויט. אַז אין האַרבסט זאָל זיין ווינטער-זריעה, אַז מען זאָרגט שוין, די בהמות זאָלן האָבן ווינטער גענוג פאַשע, כדי די איבערוואַנדערער זאָלן ניט געצוואונגען זיין צו פאַרקויפן זייערע בהמות; אַז מען וועט באַזאָרגן אַ געוויסן טייל איבערוואַנדערער מיט אַרבעט; אַז אויב נאָר אין לאַנד ערגעץ-וואו וועט זיין ברויט, וועט מען שוין דערפון אָפּשפּאָרן און ברענגען צו די איבערוואַנדערער אין כערסאָנער סטעפּ. און איצטער, שפּעט אין ווינטער, אַז איך שרייב די דאָזיקע שורות, ווייס איך, אַז די נייטיקע מיטלען זיינען אָנגענומען געוואָרן. איך ווייס, אַז די איבערוואַנדערער זיינען זיך ניט צעלאָפן. די הייזער זיינען געבליבן. די מענטשן אין די הייזער. די פיס האָט מען ניט אָפּגעפרירן. קיין רחבות איז ניטאָ. האָפענונג איז פאַראַן — און ווייל איך ווייס, אַז דעם כערסאָנער סטעפּ האָט מען ניט אויסגעטראַכט ספּעציעל צוליב יידישע איבערוואַנדערער. און ערד-אַרבעט און בהמות מיט מילך און אָקסן און פערד און גענז און קאַטשקעס און הינער און אינדיקעס האָט מען ניט דערפונדן ספּעציעל צוליב יידן — דעריבער קען איך איצטער איבערהיפּן דעם ניט-געראָטענעם זומער אויף די פעלדער; קען איך איצטער איבערהיפּן דאָס, וואָס מען האָט געשניטן ניט קיין תבואה-פולע זאַנגען, נאָר נידעריק ביי דער ערד דעם פאַרטריקנטן שטרוי; קען איך איצטער איבערהיפּן און ניט ריידן קיין סך וועגן דער פרוי מיט אַ גאַנצן בונט נאַקעטע, גרין-געלע

קינדערלעך, וואָס איז צוגעפּאַלן מיט אַ גרויס געוויין, אַז מען זאָל די ראַטעווען און אירע קינדער ראַטעווען פון אונטערגאַנג. און, וואָס האָט מיין באַגלייטערין, אסתּר שומיאַטשער, אַריינגעבראַכט אין אַ גרויס געוויין, דערמאָלט ווען מיר זיינען אַרויף אויפֿן כערסאָנער סטעפּ, וואָס האָט זיך געפּרעגלט אין דער צערונענער זון.

איבערהיפּן וויל איך עס איצטער, ווי מען היפּט איבער מאָקן, מאָזולען, שקאַרלאַטינע, וואָס האָבן קינדווייז געבּרענט ווען גוף און וואָס צו בעל־מצווה אַמאָל, צום קנס־מאָל נעכטן און צו דער ערשטער ליבע היינט דערמאָנט מען עס ניט.

איצטער זע איך פֿאַר זיך די שורות דערפֿער מיט די גלייכע גאַסן, די רויטע קאַכלנע דעכער, ווי זיי האָבן געגלייט אינאיינעם מיט דעם סטעפּ אין דער צעפּלאָסענער זון.

— אָ, וואָס פֿאַר אַן איינדרוק!

— אָ, וואָס פֿאַר אַ גערעטעניש!

— ניט אַנדערש, די הייזער זיינען פֿון סטעפּ אַרויסגעוואַקסן!

— ניט אַנדערש, מען האָט זיי אַהער געבראַכט פֿאַרטיקע!

— ניט אַנדערש, דער נאַקעטער סטעפּ האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך ישוב און האָט זיי געבוירן. —

— ניט אַנדערש...

און וואָס טוען דאָ יידן אין סטעפּ?

כערסאָנער סטעפּ קאַפּריזעט זיך גאָר, הלמאי מען איז איך אים מיט אַ צו־גרויסן טומל אָנגעקומען. כערסאָנער סטעפּ קאַפּריזעט זיך, הלמאי מען האָט אויף אים אַרויפֿגעבראַכט די קאַפּריזנע יידעלעך.

— די דערפֿער וועלן שוין זיין דערפֿער.

— דער סטעפּ וועט זיי ניט אַראָפּשלײדערן פֿון זיך.

— די דערפֿער זיינען אויפֿגעקומען, ווי עס קומט אויף אַ גערעטעניש נאַטירלעך און ערלעך.

איך צייל די הייזער. דרייסיק אין אַ דאָרף. פֿערציק אין אַ דאָרף. זעכציק אין אַ דאָרף.

אַ ייד, אַ בערדיקער, גייט, מיט די הענט אויף הינטן פֿאַרלייגט. אַ באָרוועסער. שווערע, שוואַרצע פֿיס — ער נעמט ניט אַראָפּ די הענט פֿון הינטן. מיושבדיק. דער דאָרף איז זיינער.

אַ מיידל מיט אַ פֿאַרשאַרצטער, שטרוי־קאָלירענער גריווע, מיט נאַקעטע אָרעמס פֿאַרבּרוינטע; מיט פֿיס נאַקעטע בּיז צו די קני און מיט אַ נעזל פֿול מיט קלייען — זי שטייט אויפֿן וואָגן און טרייבּט אַ פּאָר פֿערד מיטן קנאַק פֿון בּייטש — — — — — דער דאָרף איז אירער.

אַ יידענע שיט עפּעס פֿון כאַטינק פֿאַר אַ קופּקעלע הינער, וואָס פּיקן פֿון דער ערד און כאַפּן אַ קוק צו איר אַלע ווײַלע, איבּ זי שיט נאָך — — — דער דאָרף איז אירער

אַ בּאָרוועסער עולם קליינוואַרג, יינגלעך און מיידלעך, וואָס איז סטראָמגעלאָפֿן פֿון ערגעץ אין ערגעץ געלאָפֿן און מיט אַ חידוש זיך אָפּגעשטעלט בּאַטראַכטן דעם גאַסט, וואָס גייט אַ פֿאַרמוחטער מיט דער לענג פֿון דער גאַס — די דאָזיקע קינדער, זיי זיינען שוין דאָ אַזוי היימיש, ווי דער שטעכעדיקער קוראַי איז היימיש אין סטעפּ.

— קוקט אָן אונזערע הייזער, צוגעקלעפּטע צו דער ערד, אַ ליאַדע ווינט קען זיי אַוועקטראָגן — חכמהט זיך דער פּעסימיסט.

— קוקט אָן אונזערע הייזער, וואו האָט כערסאָן געהאַט אַזעלכע דערפֿער?

אַזוי רעדט דער אָפּטימיסט.

— ווער האָט עס געוואוסט, אַז מיט שטרוי קען מען הייצן אַן אויוון.

— ווער האָט עס געגלויבּט, אַז מיט שטרוי קען מען אָפּבּאַקן אַ בּרויט?

— ווער האָט עס געגלויבּט, אַז מיר וועלן אַמאָל דערלעבּן צו זען הייזער איינס אַנטקעגן אַנדערן...

— און איצטער — צוויי שורות הייזער, אַזאַ לענג!

---

דורכגעגאַנגען די גאַס, די איינציקע גאַס און אָנגעציילט עטלעכע און דרייסיק הייזער. זעץ מיך צו אויף אַן איבּערגעקערט קעסטל. ווישׂ דעם שוויס. יידן רינגלען אַרום. יידן שיין שוואַרץ געוואָרענע און געצאַמטע. יידן אומרויקע, וואָס קענען נאָך אויף איין אָרט ניט איינשטיין, בּייטן זיי פֿוס אויף פֿוס. יידן בּאָרוועסע און די הייזן

לאַנג ביז די טריט. יידן באָרוועסע און די היזן פאַרקאַשערט ביז די קני, גלייך ווי מען גרייט זיך אויף שלאַקס רעגן און בלאָטע.

שטעלט זיך צו אַ יידענע מיט אַ קינד אויפן שוואַנגערן בויך און דאָס קינד זויגט דעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט און קוקט מיך אָן מיט בלויע אויגן און מיט אַ בלאַסן שטערן און בלויע אָדערלעך ביי די שלייפן. דאַכט מיר, אַז ניט די יידענע וויל עפּעס הערן פון שמועס, נאָר דאָס זונעלע אירס, דאָס געראָטענע, וואָס ביי איר אויפן בויך און אפשר נאָך אַזאַ זונעלע אַ געראָטע-נעם אין בויך — זאָלן זיי הערן, וואָס מען רעדט מיטן אַמערי-קאַנער שרייבער.

שטעלט זיך צו אַ יידענע מיט אַ ווייסער קאָסינקע אויפן קאָפּ און די קאָסינקע אַדורכגעבונדן הינטער די אויערן. די אויערן אָפן, גרייט אַ סך צו הערן. איר פּנים איז מיט דראָבנע קנייטשעלעך. צעקעסטלטע קנייטשעלעך, פון ניט דערעסן, אָדער פון אַ סך דראָבנע זאָרגן, אָדער פון אַ סך, גאָר אַ סך איבערגעקומענע שרעקן. און אַ סך אַ סך שטעלן זיי אַזוי אָן די אויערן און בויגן זיך אַריבער צום רעדל, אַז מער ווי אויערן, וואָס ווילן הערן זעט מען ניט. אַ מענטש ווערט מיט אַמאָל גאָלע אויער.

די קליגערע, די באַזאַכטערע יידן הייבן פריער אָן:

— דאַכט מיר, אַז אַמעריקע איז אַ קלוגע מדינה. אַ באַ-וויז, דאָס איז דאָך אַמעריקע. ניט שייך. און דער „אַגראָדזשוינט" איז דאָך אַן אַמעריקאַנער. אַ „ער", צי אַ „זי", ווייס איך ניט. נאָר נאָך די אַווטאָמאָבילן, וואָס קומען אַהער מיט די „אַגראָנדזשוינט"-מענטשן, יאָ, די אַווטאָמאָבילן, זאָגט מען, קומען גלייך פון אַמעריקע אין אָדעסער האַפן און פון דאָרטן נעמט מען זיי שוין גלייך אַהער... שמועסט מען, אַז קלוג, קלוג און באַנאַרישט זיך... אָט וועל איך עס באַווייזן. ווי לייגט זיך עס אויפן שכל, אַז מען קומט אין סטעפּ; מען באַדאַרף ווערן אַ פויער. אַ פויער, ווי אין פּסוק שטייט. מיט כוח, מיט אַ ריח. מיט פערד, מיט אָקסן, מיט מעלקעדיקע קי און מיט וואָס דען ניט? און קיין געלט האָט דער איבערוואַנדערער ניט. און וואָס צו פאַרקויפן אויך ניט. און אַז אַמעריקע האָט זיך מיישב געווען צו העלפן — איז דאָך עס ווי פון הימל

אַראָפּגעפאַלן. טאַקע משיח. טאַקע — ס'איז דאָך ניט שייך... נעמט מען און מען רוקט אַריין דעם גאַנצן קרעדיט, וואָס אַ איבער־וואַנדערער באַדאַרף קריגן, און מען בּויט אים אַ פּאַלאַץ מיט דריי פענסטער פון פאָרנט. דריי בּיי די זייטן. מען רוקט אין דעם אַריין דעם גאַנצן קרעדיט און דערצו אַ ביסל מיין אייגן אָפּגעשפּאָרט געלט — וואָס איז, בּאַשר אין אַמעריקע וויל מען, אַז יידישע פּוי־ערים זאָלן וואוינען אין פּאַלאַצן... זאָגט מיר, איך בּעט אייך, צי פאַרשטייען זיי ניט אַייערע אַמעריקאַנער, אַז די ווענט וועל איך ניט גריזשען? אַז די שטוב וועט מיר ניט געבּן קיין בּרויט? אָ? קענט איר מיר ניט זאָגן, צי אין אַמעריקע פירט זיך אויך אַזוי, צי נאָר דאָ פירט מען אַזעלכע פאַראָנדקעס?

און איך טראַכט אַזוי, צי וואָלטן איבּערוואַנדערער געקלאָגט די דאָזיקע קלאָג, ווען עס איז איצטער, אָנשטאָט די טריקעניש, אַ גוטע האָפענונג אויף אַ גערעטעניש... אָבּער די אויערן האָבּן נאָכ־געגעבּן דער צונג:

— און ווי דערהייצט מען אַזעלכע גרויסע הייזער, ווען קיין האָלץ איז ניטאָ?

— מיט שטרוי?

— מיט קיזיקעס?

— מיט מיין פינסטער מזל?

— האָט מען פאַראַיאָרן געפּרוּווט.

— און מען וועט היינטיקס יאָר אויך פּרוּוון.

אַ פרוי האָט זיך אַיינגעשטעלט. און נאָך איידער זי האָט אָנגעהויבּן צו ריידן, האָבּן זיך אויסגעשטעלט אויף איר לענגלע־כער נאָז טראָפּעלעך שווייס ווי פּערל:

— זאָגט אין אַמעריקע, אַז גוט טוט מען, וואָס מען בּויט אונז גוטע און גראַמע הייזער. בּאַשר, אַז ס'איז קיין בּרויט ניטאָ, ליגט מען מיט דער הויז אין דער ערד. זאָל נאָר אַ שיין טאָג די זון — — — — — —

האָט מען איר איבּערגעשלאָגן:

— יידענע, קנאַפּ שיינט דיר היינט די זון?

— פאַרגעסט, אַז פאַר דיין געלט בּויט מען דיר הייזער.

— פֿאַרגעסט, אַז דריי פֿערטל פֿון דיין קרעדיט איז אַריינגע־קראָכן אין דער הויז אַריין.

— אַ העלפֿט די גרייס, און נעכאַי וואָלט מען מיר געגעבן מיט צוויי קין מער.

— נעכאַי וואָלט מען מיר ווינטרויבן געפּלאַצט, וואָלט איך האָבן אויף וואָס אַרויסצוקוקן.

דער שמועס איז געווען אַ פֿאַרביטערטער. אַ אומגעדולדיקער. איך ווייס די יידישע טבע. אַ הויז איז ביים הימלאָזן אַ גרויסער ענין. אַ קאַכלנער דאַך אין אַ געגנט פֿון שטרויענע דעכער, איז גאָר אַ פֿיינע זיכערקייט, אַז די היים איז אַ היים. און פֿונדעסטוועגן וואַרפֿט מען זיך מיט די „גרויסע הייזער".

דער ערשטער ייד איז נאָך ניט פֿאַרטיק. פֿאַטאָליע הייבט ער ווידער אָן:

— פֿאַרוואָס דווקא האָבן זיי זיך אויף אַ נזער בּאָרד געלערנט שערן? פֿאַרוואָס די הייזער, וואָס זיי בויען הייִנטיקס יאָר, קאָסט שוין מיט עטלעכע הונדערט רובל ביליקער? פֿאַרוואָס זאָגט מען, אַז אין קרים בויען זיי הייזער אַ העלפֿט די גרייס? מיט הייזער פּרווט מען זיך, מיט דער זריעה פּרווט מען זיך...

דערווייל קומט אָן דער אַגראָנאָם און זאָגט אָן:

— חברים, מען וועט מאָרגן זיך לאָזן אין פֿעלד די ווייץ שניידן. וואָרעם וועט מען וואַרטן נאָך אַ וואָך צייט, וועט די פּאַשע אויך פֿאַרפֿאַלן ווערן. איצטער, כּל־זמן עס איז נאָך אינגאַנצן ניט אויסגעברענט, קען מען עס שניידן, וועט זיין אַ ביסל פּאַשע פֿאַר די בהמות.

האָט מען זיך דורכגעקוקט און אָפּגעזיפֿצט:

— הייסט עס, אָפּגעשפּילט אַ זומער.

— הייסט עס, וועט די קין עסן די ווייץ, וואָס איז ניט גע־בוירן געוואָרן.

— נע, אַ זומערל.

— מאָטשבע דערציען ביזן ווינטער.

— זאָל עס ברענען — איכל עס ניט שניידן!

חבר אַגראָנאָם, זייט איר זיכער, אַז עס וועט שוין ניט רעגענען?

דער חבר אַגראָנאָם איז ניט זיכער, צי עס וועט רעגענען, צי ניין. דער חבר אַגראָנאָם איז זיכער, אַז דער רעגן וועט שוין די ווייץ ניט אָפּראַטעווען. ער קען נאָך אָפּראַטעווען די פּראָסע; ער קען נאָך אָפּראַטעווען ליינען. ער קען נאָך פאַרריכטן די פעלדער און פּאַשע וועט זיך באַווייזן. און אפשר וועט אויפקומען דער זילדער קוראָ, וועט מען קענען קאָשען פאַרן ווינטער.

די ייִדענע מיטן קינד אויפן בויך און מיטן קינד אין בויך איז אויסגעקומען פּונקט לעבן מיר, האָט זי זיך אויסגענייצט מיט דער געלעגנהייט און מיט אַ רויטלעכקייט אין פּנים געפרעגט:

— איר זייט אַן אַמעריקאַנער?

— יאָ, איך בין פון אַמעריקע.

— קענט איר עמעצן אין שיקאַגאָ?

— יאָ, איך קען עטלעכע מענטשן אין שיקאַגאָ.

— איך האָב דאָרטן אַ שוועסטער אין שיקאַגאָ. זי האָט חתונה געהאַט. איצטער איז איר פאַמיליע פּערלמאַן — איר האָט זיך מיט איר אפשר באַגעגנט?

דאָס זונעלע אירס מיט די בלויע אויגן און בלאַסן שטערן און בלויע אָדערלעך ביי די שלייפן האָט מיך אָנגעקוקט אַזוי נאָענט, אַזוי טיפזיניק, עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט: אָט באַלד וועט ער אויפעפענען זיינע פאַרטריקנטע, צונויפגעדריקטע ליפּעלעך און מיט אַזאַ דין, דין קעלכעלע וועט ער זאָגן:

— „ביי אונז אין גאַס איז ניטאָ קיין ביימער, און אַז איך וועל ווערן אַ גרויסער, וועל איך ניט האָבן אויף וואָס צו קלעטערן. זאָגט, מען זאָל פלאַנצן ביימער".

---

פונדעסטוועגן בין איך זיכער, אַז ניט אַמעריקע, נאָר די דאָזיקע, פון לעצטן יאָריד געקומענע ייִדן, האָבן אויפגעבויט די הייזער, שורות גאַנצע. דערפער שיינע. און כאָטש די הייזער, ווי די ייִדן, שטייען אַזוי גרינג, קוים וואָס זיי רירן אָן דעם סטעפּ, נאָר דער סטעפּ וועט זיי ניט אָפּלאָזן. ווייל דער כערסאָנער סטעפּ האָט

זיך דינע צייטן, ווען זיין שפּע שפּאַרט אַרויס פון זיין פעטן גרונט אַרויס און מיט דעם פּאַרמאַניעט ער צו זיך. ווייל ניט יידן האָבן אים אויסגעטראַכט. דייטשן לעבן אַ סך, אַ סך יאָרן אויף דעם איי־גענעם סטעפּ און זיי זיינען פון דער שפּע צום סטעפּ געבונדן — און ניט פון זיין קאַרגשאַפט.

אָן ווען יידן וואָלטן נאָר אַליין ניט גלויבן, אַז מיט זייער קומען אויף כערסאָנער סטעפּ האָט אויפגעהערט צו רעגענען!

## דער אָפּטימיסט

אַרום האַלבן טאָג. די זון שרפֿעט. שוין דעם דריטן טאָג,
אַז איך פֿאָר דאָרף־אײַן, דאָרף־אויס דורכן ייִדישן סטעפּ. און אָט
שטעל איך מיר ווידער אָפּ אין אַ נײַעם, שיינעם דאָרף. צוויי לאַנגע
שורות הײַזער מיט רויטע דעכער. דאָ און דאָרטן שטייען אויס די הײַ־
דינע אַקאַציע־ביימעלעך — הײַ־יאָר פֿאַרפּלאַנצטע.

ווי דער שטייגער, רינגלען די פּויערים אַרום דעם אַוטאָמאָ־
ביל. אַלט און יונג, ווײַבער און קליינע קינדער. מען הייבט זיך אָן
צו קלאָגן אויף דער שווערער צײַט, אויף דער טריקעניש. אַנדערע
פֿרעגן זיך נאָך, צי עס האָט גערעגנט אין דער געגנט פֿונוואַ־
נען איך קום. איך ווער באמת מיד. עס וואָלט זיך וועלן, אַז
עמעצער זאָל זאָגן אַ גוט וואָרט צו דערפֿרייען.

פּלוצלונג שפּיר איך, עמעצער ציט מיך פֿאַרן אַרבל. איך קוק
מיר אום — אַ בלאָנדער ייִד אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ שיטער
בלאָנד בערדל, די העמד צעבראַשטשעט און די אויגן, קינדעריש, ליב־
טיקע, בלויע, האָבן זיך, ווי געבעטן, איך זאָל נישט נעמען פֿאַר
אומגוט פֿאַר אַזאַ חוצפּה... און שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערן,
האָט ער מיר אײַנגערוימט אין אויער:

— קומט אַרײַן, חבֿר, צו מיר אין שטוב אַרײַן; קומט אַרײַן,
איך וועל זיך נישט קלאָגן פֿאַר אײַך. בײַ מיר איז אַ פֿרייד, אַז
איך קען שוין אַרײַנבעטן אַ גאַסט צו זיך אין שטוב אַרײַן. אַ יאָר
שוין איבערגעלעבט אונטער אַן אייגענעם דאַך... קומט, איך בעט
אײַך.

איך האָב זיך ווי עס איז אַרויסגעמאַכט פֿון עולם און בין
אים נאָכגעגאַנגען. מיר זײַנען אַרײַן אין שטוב, וואו עס האָבן ווי
געוואַרט אויף אונדז אַן אויסגעבלייכטע, אָפּגעצערטע מוטער, מיט

דעם אויסדרוק אין פנים, וואָס איז שטענדיק גרייט אַ טרער צו לאָזן. און ביים זייט, לעבן פענסטער איז געזעסן אַ בלאָנד מיידל, אין טאַטן געראָטן. אין האַלטנדיק מיך אונטערן אָרעם, האָט דער באַלעבאָס זיך געווענדט צו דער פרוי:

— אָט זעסטו, סימע, אַז מען לעבט, דערלעבט מען אויפצונעמען אַ שרייבער פון אַמעריקע אונטער דעם אייגענעם דאַך.

זי האָט מיר געגעבן די האַנט און גלייך זיך געכאַפּט, אַז זי איז אַ מוטער:

— אפשר וועט דער גאַסט טרינקען אַ גלאָז מילך?

— פרעג נישט און גיב — האָט ער אונטערגעכאַפּט -- זאָל דער חבר הירשביין דערציילן, אַז ער האָט געטרונקען מילך ביי אַ יידישן איבערוואַנדערער... אַוודאי זייט איר געקומען אין אַ שווערער צייט. דער עולם קלאָגט, ווייל עס טוט וויי. מען איז צעשראָקן. איך וועל עס נישט טאָן. ווייל איך האָב מיך נישט אויף וואָס צו קלאָגן.

די באַלעבאָסטע איז צוגעקומען צום טיש און אַנידערגעשטעלט לעבן מיר אַ גלאָז מילך, רעאַגירנדיק אויפן מאַנס ווערטער:

— אַוודאי וואָלט זיך וועלן אויסקלאָגן דאָס האַרץ. אַוודאי, אַז סע קומט אַהער אַ פרעמדער מענטש, קען ער מיינען, קוקנדיק אויף אונז, אַז מען איז געווען אַמאָל שלעפער. דערצייל דעם גאַסט, ער מעג וויסן, ווי אַזוי מיר האָבן געלעבט ביז דער רעוואָלוציע.

— נע, מיין ווייב, נישטאָ וואָס צו דערמאָנען יענע צייטן — האָט ער זיך אַריינגעמישט — יענע צייט איז געשטאָרבן. איך זאָג עס אייך, חבר, אַז פאַר מיר איז יענע צייט געשטאָרבן אויף שטענדיק. ווייבער האָבן ליב צו דערמאָנען. נאָר, סימע, דאָס איז אַ טעות. אונז איז גוט. פון טאָג צו טאָג ווערט בעסער. איך קוק נאָר צום דרויסן, אויב עס וועט אַזוי כסדר שרפהנען, וועט זיין ניט גוט. וועט אַלץ אין פעלד פאַרברענט ווערן... סימע, ווישׁ ניט די טרערן. זאָל דער גאַסט אַוועקפירן קיין אַמעריקע אַ גוטן גערוס, אַז ער איז געווען אין אַ שטוב פון אַ יידישן פויער, וואָס איז צופרידן. אָט, אַדרבא, זאָג דו, טאָכטער, פעלט אונז עפעס דאָ?

די מוטער האָט זיך געכאַפּט, אַז די טיטע מאַקע ניט גוט מיט דעם, וואָס זי שטערט דעם מאַנס אָפּטימיזם. זי האָט זיך פאַרענטפערט:

— דער גאַסט וועט עס ניט נעמען פאַר אומגוט. אַ ווייבערשע שוואַכקייט... דו ביסט גערעכט. אַוודאי, אַז איך קוק אַרום די פיר ווענט, אַוודאי איז דאָך עס מיינס. מסתמא וועט ווערן בעסער.

די טאָכטער האָט באַקומען כאַרב אין איר מילך־ווייסן פּנים און האָט אויסגעשטראָפט דער מאַמען:

— ווי פּאַסט עס פאַר דיר, מאַמע, דו גאָר... דער גאַסט קען טאַקע מיינען, אַז דאָס איז דיין גאַנצע אַרבעט צו פאַרגיסן טרערן. וועל איך שוין דעם גאַסט דערציילן, אַז דווקא די מאַמע האָט אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן מוט. זי איז מיטן טאַטן געווען דאָ אין מיטעפון ערשטן טאָג אָן. אַז מיר זיינען געקומען, איז די שטוב שוין באַלד געווען אויסגעבויט, זי האָט מיטן טאַטן געווינטערט אין אַ זעמליאַנקע, דעמאָלט ווען נאָר פינף איבערוואַנדערער זיינען געווען דאָ.

דער באַלעבאָס האָט זיך נישט געפילט, אַריבגעקלעטערט אויפן אויוון און פון דאָרטן אַראָפּגענומען אַן אייזערנעם אַרשין מיט אַ הילצערן הענטל און האָט עס מיר פאָרגעשטעלט:

— אַז דער חבר הירשביין וועט קומען קיין אַמעריקע, זאָל ער דערציילן, וואָס דער יידישער איבערוואַנדערער האָט געמאַכט פון וואָס־און־מאָס. וויפל, מיינט איר, האָט דער דאָזיקער אַרשין געמאָסטן שניט־סחורה, טוך, סאַמעט, זייד, בייקע און ציץ? מיין טאַטע האָט נאָך מיט דעם דאָזיקן אַרשין געמאָסטן און דערנאָך האָב איך אים באַנוצט אַ יאָר צוואַנציק געווים... געווען אַ קראָם, פאַרלייגט די פּאָליצעס מיט סחורה ביז צו דער סטעלע. אַנו, טרעפט, וואָס טוט ער איצטער ביי מיר, דער דאָזיקער אַרשין? איך זע, אַז איר וועט ניט טרעפן. נו, זאָלט איר דערציילן אין אַמעריקע, אַז דער ייד אין ראַטנפאַרבאַנד באַנוצט איצטער דעם אייזערנעם אַרשין אָנצומישן דער בהמה דאָס עסן און, אָפטמאָל, איבערצושאַרן דעם אַש אין אויוון. קיין קוילן האָבן מיר ניט. מען הייצט מיט שטרוי אָדער מיט בהמישע מיסט.

די מוטער האָט פונדעסטוועגן אין דער שטיל ווידער אָפּגעווישט אַ טרער. און דערביי געזאָגט:

— ווער האָט געקאָנט טראַכטן, אַז מיר וועט נאָך אויסקומען קנעטן בהמישע מיסט?

דער אָפּטימיסט האָט זיך אָבער נישט געלאָזן:

— און אַז מיט מיסט, איז וואָס? וואו איז דאָס געשריבן, אַז מען מוז הייצן דווקא מיט האָלץ אָדער מיט קוילן? זאָל זיך דאַכטן, אַז מיר האָבן אַפילו קיינמאָל קיין האָלץ אָדער קוילן נישט געזען. ווי מען רעדט זיך איין, אַזוי האָט מען. ניין, איך זאָג דיר, סימע, נאָך אַמאָל, דו ביסט נישט גערעכט. טויזנטער מאָל נישט גערעכט... וואָס הייסט אַמאָל איז דיר געווען בעסער? וואָס האָט דיר ניקאָלאַי געגעבן? האַ? אדרבה, זאָג... אַ שניטקראָם האָט ער דיר געגעבן? אַ פייג! דו האָסט אַליין געמאַכט אַ שניטקראָם און דערפאַר געצאָלט צינזן. אָבער אַ שטיקעלע ערד, האַ? זאָג מיר, סימע, צי אַ שטיקעלע ערד אומזיסט האָט ער דיר געגעבן? אַ פאָגראָמעלע האָט ער דיר געגעבן. יאָ, אַ פאָגראָמעלע... אַ טאָכטער איז ביי מיר אומגעקומען אַרום זשיטאָמיר. זאָגט עס אין אַמעריקע, חבר, אַז דאָס יידישע פאָלק איז דאָ אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים. דעם מדבר זיינען מיר שוין דורכגעגאַנגען. איצטער זיינען מיר אין אַן אייגן לאַנד. אַ אייגנס, חבר! איך טרעט אויף מיין ערד. אַז די מלוכה וועט נישט צונעמען — וועט שוין קיינער אויף דער וועלט נישט צונעמען...

— און די שונאים אַרום? — האָט זי אַריינגעוואָרפן.

— וואָס פאַר אַ שונאים? — האָט ער אָנגעשטעלט זיינע בלויע אויגן.

— שכנים, פויערים, נישט-יידן. באַרימען זיך, אַז מען וועט עס נאָך צונעמען ביי יידן — האָט זי פאַרזאָרגט געזאָגט.

— זאָלן זיי נעמען! — האָט ער איבערגעשריען — די מלוכה וועט געבן איבער די הענט. איי, וועט זי שלאָגן איבער די הענט. איר פאַרשטייט, חבר הירשביין... יידן באַגרייפן עס נישט. צופיל פאַר זיי פאַר איין מאָל. גענומען, אָפּגעשניטן אַ שטיק אוקראַינע און דערלאַנגט יידן. אָן געלט, אָן גאָר ניט — באַגרייפן עס נישט יידן... טרינקט, חבר, עס איז מיין גלאָז מילך; מיין בהמה האָט עס געגעבן.

די טאָכטער האָט זיך ווידער אָנגענומען מיט כּוח, אויפּסניי זיך פאַרדויטלט און עס איז שווער געווען צו זאָגן, וועמען זי וויל דאָ קומען צו הילף, דעם טאַטן, צי דער מאַמען.

— דער טאַטע איז דער אָפּטימיסט פון דאָרף—האָט זי געשמייכלט אַזוי רופט מען אים דאָ ביי אונז. דער גאַסט האָט געמעגט הערן, וואָס יידן אין דרויסן ריידן אויך.

— אָפּטימיסט, נאַ דיר אַ מאָדנע קראַנקהייט — האָט ער זיך געהיצט — וואָס הייסט אַן אָפּטימיסט? קינדער, איך פרעג אייך, וואָס איז עס אַן אָפּטימיסט? און אַז איך שריי, אַז מיר איז גוט—ווער קאָן עס מיר פאַרווערן? — האָט ער זיך ביי מיר געבעטן.

— ווען עס איז גוט, מעג מען שרייען אין די גאַסן — האָט די מוטער געטענהט.

— גלויבט זיי נישט. אַ טבע אַזאַ צו קלאָגן זיך. אדרבא, סימע, לייג אַרויף די האַנט אויפן האַרצן און זאָג בהן שלך — צי דיר איז שלעכט? איך וויל עס פון דיר הערן.

זי האָט אָנגעהויבן נאָכצוגעבן:

— יאָ, ווי מען וויל, קאָן מען זאָגן. אַז איך דערמאָן מיך אין די פּאָגראָמען... ווי מען איז געוועזן געווען אַריינצוקריכן אונטער דער ערד, אַבי זיך אויסבאַהאַלטן. מען איז נישט זיכער געווען מיטן לעבן אַפילו אינמיטן שטאָט; כאָטש מענטשן זיינען געווען אומעטום — נאָר וואָס האָט אַ מענטש געהאַט פאַר אַ ווערדע יעמאָלט? און אַז איך באַטראַכט זיך, ווי אַזוי פאַראַיאָרן, כּמעט איינער אַליין בין איך געלעגן אין אַ זעמליאַנקע... עס איז געווען קאַלט און נאַס; עס האָט אויסגעפעלט דאָס שטיקל ברויט, אָבער מיטן לעבן איז מען געווען זיכער.

ער האָט זי געכאַפּט פאַרן האַנט און געוואָלט, זי זאָל זיך אויף נאָך עפּעס מודה זיין:

— האָסט געשפּירט, אַז קיינער וועט דיך נישט באַפאַלן, האַ? ווייסטו פאַרוואָס? ווייל די זעמליאַנקע איז געווען אויסגעגראָבן אויף דיין שטיקל ערד און הינטער דער זעמליאַנקע האָט געוואַקסט די מלוכה... זאָגט עס אין אַמעריקע, חבר הירשביין, זאָלן אונזערע יידן דאָרט וויסן, אַז די מלוכה טיילט זיך מיטן לעצטן ביסן.

די טאָכטער איז אויך איבערגעגאַנגען אויפן טאַטנס צד:

— איך האָב נישט געמיינט צו קלאָגן זיך פאַרן גאַסט. עס קאָן דער גאַסט זען, וואָס פאַר אַ שווערע הענט איך האָב געקראָגן פאַר איין יאָר.

און די מוטער האָט אונטערגעהאָלפן:

— זי, מיין טאָכטער, האָט אויסגעשמירט די שטוב אַליין. און זי האָט אויסגעווייסט אינעווייניק. מיר דינגען נישט קיינעם. מען קנעט מיסט מיט בלאָטע אַליין, אַז מען באַדאַרף...

און זי איז צוגעגאַנגען און געגעבן דער טאָכטער אַ קוש אין באַק.

אַרום די פענסטער האָט זיך אָנגעהויבן צו טומלען. אין טיר האָט זיך באַוויזן אַן עולם. מען האָט פאַריבל, וואָס דער אָפּטימיסט האָט פאַרכאַפּט דעם יידישן שרייבער אינגאַנצן פאַר זיך. אַן עלטערער עולם און מיטליאָריקע פויערים, עטלעכע ווייבער מיט די קינדער אויף די הענט האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינצוקלייבן אין שטוב אַריין. און מען האָט אַ נעם געטאָן דעם אָפּטימיסט אויפן צימבל:

— טוסט נישט גוט, הענעך, וואָס דו כאַפּסט אַריין איעדן גאַסט צו זיך אין שטוב און דו פּאָמפּעסט אים אָן מיט דיינע גליקן. אַ גאַסט, אַז ער קומט פון אַמעריקע און דערצו נאָך אַ שרייבער, באַדאַרף מען אים דערציילן דעם אמת.

— נאָר דעם אמת.

— אויב דער גאַסט פאַרשטייט ווי אַ פעלד זעט אויס — וועט ער פאַרשטיין, אַז מיר וועלן געשוואָלן ווערן פאַר הונגער.

— אין אַ מדבר האָט מען אונז פאַרפירט.

— מע וועט אונדז מוזן, אַז אַ האָן וועט אַפילו נישט אַ קריי טאָן.

אַ פרוי שפּאַרט זיך דורך דורכן עולם, מיט אַ האַלבן ברויט אין האַנט. דער ברויט איז אָפּגעזעסן, בלוילעך־גרוי. זי וויל זיך דווקא דער־שלאָגן צום גאַסט:

— לאָזט מיך צו, איך וויל, אַז דער יידישער שרייבער זאָל זען וואָס פאַר אַ ברויט מען עסט ביי אונדז... זאָל דער גאַסט פאַרזוכן.

— באַווייז, סימע, דיין ברויט — האָט דער אָפּטימיסט געשריען — די אייגענע מעל. אַלע האָבן באַקומען די אייגענע מעל. לערנט זיך אויס פריער באַקן. דאָס גיט די מלוכה אַרויס. אַזאַ מעל האָט איצטער די

מלוכה... איך זאָג אייך, חברים, אַז איר באַגייט אַ פאַרברעכן, ווען מיט אַזוינע רייד באַגעגנט איר אַ גאַסט.

האָט אַן עלטערער פּויער, מיט אַ צעפּודלטער גרויער באָרד, אָנגעהויבן שווערלעך:

— איך בּין מסכּים מיט דיר, העניך, כע־כע־כע... זיי מיינען אוודאי, אַז דאָס איז אַ פאָרשטייער פון דער מאָסקווער קאַנטאָר. דאָס איז אַ יידישער שרייבער, חברים. אונזערער אַן אייגענער חבר. און אַז ער איז געקומען זען ווי אַזוי די יידישע איבערוואַנדערער לעבּן — באַדאַרף מען אים זאָגן וואָס מען פילט... אמת טאַקע, מען הונגערט צו. אמת טאַקע, עס ווייזט זיך אַ שלעכטער זומער... אמת טאַקע, די קריסטלעכע פּויערים אַרום זאָגן, אַז יידן האָבּן אַהער אַראָפּ געבראַכט די טריקעניש; אַז יידן האָבּן אַראָפּגעבּראַכט די אומגערע־טעניש — אָבּער דער חבר דאַרף וויסן, אַז דאָ זיצן שוין יידן אויף אייגענער ערד. דעם דאָרף האָבּן אויך יידן אויסגעבּויט. מילא, אַ שלעכטער יאָר... כע־כע־כע... מע וועט שוין נישט אומקומען.

דער עולם שלאָגט אים איבּער. מען וויל אָפּשוואַכן דעם אַיינדרוק פון זיינע פּשוטע רייד:

– וואָס קומט פון דאָרף אַרויס? אַז מיר האָבּן אַ דאָרף אַן אייגענעם, טאָ איז וואָס?

— מיר האָבּן אין שטאָט געוואוינט און דאָרטן האָט מען אויך געטראָפן צום יידן — דערציילט ער אַ מעשה, אַז מיר האָבּן אויסגע־בּויט אַ דאָרף. יידן האָבּן שטעט אויך געבּויט — וואו זיינען זיי?

— דאָרט וואו דער צאַר איז! — האָט אַ מיידל מיט אַ קווייטשיקער שטימע איבּער אַלעמענס קעפּ אַריבּערגעשריען.

דאָס האָט אָבּער געווירקט צום גוטן. דער עולם האָט זיך געכאַפּט, אַז מען רעדט ניט צו דער זאַך. און פרישע אָפּטימיסטן האָבּן זיך אויפגעזוכט:

— אוודאי איז איצטער בּיי אונז אַ ראַטן־מלוכה.

— דאָס באַדאַרף מען וויסן אין אַמעריקע אויך, אַז די מאַכט איז הינטער אונז.

— אָ, אָ, זאָל נאָר עמעצער אויפהייבּן אַ האַנט...

— און אַז מען האָט געוואָלט אויספּאַשען אונזערע פעלדער — האָט מען באַוויזן, אַז מען איז נישט די אַמאָליקע יענקלס און כייקלס. מען איז אַנדערש געוואָרן!

— מען האָט זיך אויסגעלערנט צו ליידן.

— אוי, וואָס מען האָט זיך שוין אָנגעליטן; וואו נעמט מען אַזויפיל כּוחות צו ליידן? — האָט אַן עלטערע פרוי אָפּגעזיפצט.

— וואו ליידן, האַ? וואו האָט איר געליטן, וואו? — האָט דער אָפּטימיסט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

— אַ גוט יאָר אויף דיר, הענעך! — האָט די אַלטע געצויגן די ווערטער — האָסט מסתּמא פאַרגעסן, אַז מען האָט ביי דיר אַ טאָכטער געקוילעט.

— איך האָב דערציילט. איז וואָס איז די ראיה? ווילט איר דערציילן דעם חבר, אַז פּאָגראָמען זיינען געווען? אוודאי זיינען געווען פּאָגראָמען. —

— ניין, נישט דאָס, חברים — האָט דער אָפּטימיסט זיך געבעטן — וואַרפט אַוועק די אַלטע מעשׂיות. און איר, חברטע פינקלשטיין, קומט בעסער צו מיין יידענע און לערנט זיך אויס, ווי צו באַקן אַ ברויט פון ווייצענע מעל, וואָס האָט אַ צומיש גערשטענע מעל... און איך וואָלט אייך בעסער זאָגן, מען זאָל בעטן דעם גאַסט, ער זאָל ביי אונז דאָ איבערבלייבן אויף איבערנאַכט. מען וועט געבן צו וויסן אויף די אַרומיקע ערד־חלקים. דער חבר וועט אונז דערציילן פון אַמעריקע...

אַיי, האָט עס דעם עולם אַ נעם געטאָן. עפּעס אַ קלייניקייט, אַמעריקע:

— איך האָב צוויי ברידער אין אַמעריקע.

— איך האָב מיין טאַטן אין אַמעריקע.

— איך האָב דריי שוועסטער אין אַמעריקע.

— איך האָב צוויי פעטערס אין אַמעריקע.

— איך האָב צוויי ברידער אין אַמעריקע; איך קען זיי אַפילו נישט. זיינען אַוועקגעפאָרן ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער יינגל.

— דאָ וועט ווערן מיט דער צייט אַמעריקע!

— פריי זיינען מיר ווי אין אַמעריקע.
— פרייער ווי אין אַמעריקע!
— וואָס פאַר אַ פרייהייט האָבּן זיי אין אַמעריקע?
— אַרבּעטער־דעמאָנסטראַציעס צעטרייבּט מען אין אַמעריקע.
— אַ קאַפּיטאַליסטישע מלוכה — וואָס פאַר אַ פרייהייט אין אַמעריקע?
— און דאָרטן, בּיי אייך, אַ פּויער, איז אויך אַזאַ יאַטעבּעדאַם ווי דאָ? אָהאָ, אַ פּויער דאָ!
— פּשש... אַן אַרבּעטער־און פּויערים־מלוכה.
— דער פּויער וועט מיט זיין בּרויט אַלץ אַריבּערוועגן.
— פאַרן פּויער דאַרף דאָס גאַנצע לאַנד.
— אַז דניעפּערבּוי וועט זיין פאַרטיק, וועלן מיר האָבּן אין אונזערע דערפער עלעקטרע, ווי אין אַמעריקע...
— לענין האָט דאָך געזאָגט, אַז אָן עלעקטרע איז דער פּויער קיין פּויער נישט.
אַ פרוי הייבּט אָן צו ריידן מיט אַ האַלבּ־זינגעוודיקער שטימע:
— זיי ריידן פון לעקטרע און איך האָבּ פאַר מיין קינד נישט קיין טראָפּן מילך. און איך האָבּ נישט פאַרוואָס צו קויפן, ווען איך זאָל אַפילו וועלן קויפן.
אַ צווייטע פרוי קומט איר צו הילף:
— און אַז דו וועסט האָבּן פאַרוואָס צו קויפן, האָסטו וואָס צו קויפן? מען ווערט אויסגעטריקנט און אויסגעקוואַרט; עס איז אויפן מעסטל קעראָסין נישטאָ און עס איז אויפן שטיקל צוקער נישטאָ. צו אַלע צרות, האָבּן נאָך די אַמעריקאַנער קרובים אין אונז אינגאַנצן פאַרגעסן. אַמאָל פלעגן זיי נאָך עפּעס צושיקן און איצטער, זינט מען האָט זיך בּאַזעצט אויף דער ערד, מיינען זיי דאָרטן, אַז דאָ שיט זיך שוין מן פון הימל.
איר רעדע האָט שטאַרק אויסגענומען און דער עולם איז מסכּים:
— ווען די אַמעריקאַנער קרובים וואָלטן העלפן...
— אוודאי, ווען די קרובים פון אַמעריקע קומען צו הילף איצטער — וואָלט מען די אויגן געעפנט.
— איצטער איז די ריכטיקע שעה.

— איך וואָלט מיר אַ בהמה געקויפט.

— איך וואָלט מיר אַ שטעלכל צוגעבויט, איך זאָל האָבן וואו די עופות צו האַלטן.

— איך וואָלט מיר די אָקסן אויף פערד אויסגעביטן.

— איך וואָלט מיר אַליין פאַר זיך אַ קאַסאַרקע געקויפט.

— חברים, שטילער זאָל זיין — האָט זיך דער אָפּטימיסט אַריינגעריסן — איר האָט מיר איבערגעשלאָגן, ווען איך האָב געהאַלטן אין סאַמע דערקלערן דעם חבר, אַז מיר איז גוט. איך האָב אים באַוויזן, וואָס איך האָב געמאַכט פון מיין אַרשין — און ער האָט געפּאָכעט מיטן אַרשין אין לופטן.

— אוודאי, מקויים געוואָרן, וואָס דער נביא ישעיה האָט געזאָגט: „אין יענעם טאָג וועט מען איבערשמידן דעם שווערד אויף אַקעראייזן און דעם שפּיז אויף אַ שניידמעסער...” אוודאי האָט מען געמיינט אָט די דאָזיקע שפּיז... האַ? — האָט אַן עלטערער ייד געחוזקט.

— יאָ, אַ שפּיז! — האָט דער אָפּטימיסט זיך געקאָכט — דאָס איז אַ שפּיז, וואָס האָט דעם יידן צרות אָנגעטאָן. דאָס איז אַ שפּיז, וואָס האָט די גויים געשטאָכן אין די אויגן. מען האָט דעם יידן ניט פאַרגונען. אַלע פּאָגראָמען, אַלע צרות זיינען געקומען צוליב דעם־אָ־דאָזיקן שפּיז — האָט ער מיט דעם אַרשין געפּאָכעט איבער די קעפּ.

— וואָס איז פאַראַן איצטער פון דעם צו ריידן — האָט אַ צווייטער מיושבדיק געצויגן די רייד — איך האָב אויך געהאַט אַן אַרשין... איך האָב געהאַט וואָג און מאָס. מען האָט עס ביי מיר צוגענומען אין פּאָגראָם־צייט. איך בענק נישט נאָך דעם.

— איך בענק אויך נישט נאָך דעם, זאָל נאָר אַ רעגן אַרויספאַלן— האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט.

דאָס איז געווען אין דער ריכטיקער צייט. דער רעגן איז געלעגן ביי אַלעמען אויף די ליפּן:

— אַיי, אַ רעגן... אַיי, אַ רעגן. אוי־וויי אַ רעגן... אוי־וויי אַ רעגן.

— אַייד האָט מורא געהאַט פאַר אַ רעגן און איצטער, איך וואָלט מיר אַ נאַקעטער אויסגעטאָן און זיך געשטעלט אונטערן רעגן כאָטש אויף אַ טאָג און אויף אַ נאַכט — זאָל ער נאָר גיסן!

— יאָ, חבר אַמעריקאַנער, ווען אַ רעגן טוט אַ גאָס, אײ, אײ, אײ...

— עס וואָלט נאָך די תבואה געראַטעוועט.

— זעקס דעסיאַטין, אַליין פאַראַקערט, אַליין געבראָנעוועט און אַליין געזייט. מיר שניידט דאָס האַרץ, אַז איך גיי דורך מיין פעלד.

— איצטער פאַרשטיי איך, פאַרוואָס בּיי יידן איז פאַראַנען אַ תּפילה אויף רעגן.

— קומט צו אונז נאָך אַ רעגן, וועט איר אונז נישט דערקענען.

ווער וואָלט זיך דען איצטער פאַר אַייך בּאַקלאָגט?

— אַזוי שיין זיינען די וויצן אויפגעגאַנגען.

— אַז מיין ווייץ איז אויפגעגאַנגען, האָב איך אָנגעהויבּן צו זינגען פאַר שמחה. און מיין ווייבּ, אַז זי האָט צום ערשטן מאָל געזען דאָס פעלד בּאַדעקט מיט אַזאַ גרינעם גראָז, פון דער אויפגעגאַנגענער תבואה, האָט זי געוויינט פאַר פרייד.

דער אָפּטימיסט האָט ווייטער געקראָגן דאָס וואָרט:

— נו, איז וואָס, חבר, זאָגט איר צו צו בּלייבּן בּיי אונז איבּערנאַכט?

מען האָט אים אונטערגעהאָלפן:

— בּלייבּט בּיי אונז, וועט אַרויספאַלן אַ רעגן.

— שטענדיק ווען געסט קומען פון מאָסקווע, גייט אַ רעגן.

— איר האָט דעם גאַסט נישט געלאָזט אַפילו אויסטרינקען די גלאָז מילך. ער וואָלט צו מיר אַריינגעקומען, וואָלט איך אים געגעבּן אַ טעלערל סמעטענע... זייט-זשע מוחל, טאַקע, דער גאַסט איז די גאַנצע צייט אין איין שטוב. קיין עין-הרע, דרייסיק הייזער בּיי אונז, זאָל דער גאַסט זען, וואָס מיר האָבּן אין קאַרגע צוויי יאָר אויפגעבּויט. — האָט די פרוי מיטן שלעכטן בּרויט געזאָגט.

און מען האָט זיך צו מיר אַ נעם געטאָן:

— קומט, חבר, קומט אין דאָרף. און נעמט די גלאָז מילך מיט זיך.

— בּיי מיר וועט זיך אויך געפינען אַ גלאָז מילך.
— און בּיי מיר וועט מען נאָך אויך געפינען אַ גלאָז מילך.
— זאָל זיין אַרעגן, וועט זיין פּאַשע — וועט שוין זיין מילך.
— וועט זיין בּרויט און עפּעס נאָך צו בּרויט.
דער אָפּטימיסט זאָגט נאָך:
— עס וועט זיין בּרויט. עס וועט זיין פּאַשע. עס וועט זיין מילך. די מלוכה איז מיט אונז, וועט אַלצדינג זיין, חבר.
צו בּיסלעך האָט זיך דער עולם אַרויסגעקליבּן דרויסן. ווען די ייִדן האָבּן מיך שוין שיר, שיר ניט אַרויסגעפירט אויף דער אַנ־דערער זייט טיר, האָט די בּאַלעבּאָסטע מיר פאַרשטעלט דעם וועג:
— איך וועל אייך ניט אַרויסלאָזן, בּיז איר וועט בּיי מיר ניט אויסטרינקען די גלאָז מילך...
פאַרשטייט זיך, אַז איך האָבּ געמוזט טרינקען...

# שלום-עליכם

אין כערסאָנער סטעפּ איז זיין נאָמען פאַראייביקט געוואָרן. אַ צענטראַלער דאָרף מיט אַ יידישן דאָרפס-ראַט — טראָגט זיין נאָמען:

— שלום עליכם!

ערב מלחמה. אָנהייב זומער. ווילנע. איך מיט מיינע פעקלעך, אויף אַ שלעכטן איזוואָשטשיק — אַייל צום וואָקזאַל, די באַן ניט צו פאַרשפּעטיקן. דער איזוואָשטשיק שמייסט איבערן רוקן פון זיין געלבלעכן פערד און דער וועג איז מיט אַמאָל פאַרשטעלט:

הויפּט-גאַס, געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט. אַ פּראָצעסיע. אַ יידישע. יידעלעך, יונג און אַלט, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, שפּאַצירן, ציען זיך פאַרויס. און פון סאַמע פאָרנט גייט זיך, אויך די הענט פון הינטן, שלום-עליכם! אַ גאַסט. דערקענט. גייט אים די יידישע גאַס נאָך.

שפּרינג איך אַראָפּ פון איזוואָשטשיק, פאַרשטעל אים דעם וועג:

— שלום-עליכם!

— עליכם-שלום! אָבער וואָס אַזוי פאַרשמייעט?

— איך אַייל צום באַן.

— וועט די באַן אַנטלויפן, וועט זיין אַן אַנדערע; אַ ייד אַיילט.

— איך וועל די שיף פאַרשפּעטיקן.

— וואו האָט איר אין ווילנע אַ שיף?

— איך פאָר קיין אַרגענטינע, וויל זעען דעם באַראָן הירשס יידישע קאָלאָניעס.

— פאָרט געזונטערהייט, לאָזט דאָרט גריסן יידישע קאָלאָניסטן.

---

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

איך וואָלט אים איצטער געוואָלט באַגעגענען אַטאָ־דאָ, ביים שוועל פון אַ נײַ לעבן. איך האָב אַ סך געטראַכט פון אים, ווען איך בין געווען אין כערסאָנער סטעפּ און דרײַ נעכט גענעכטיקט אין „שלום־עליכם". דאָ האָט זיך עס געענדיקט. דער לעצטער אַקאָרד. געשטאָרבן דער לעצטער יאַריד. אַ סך וואָלטן מיר ביידע געשוויגן. אַזוי האָב איך אַליין געשוויגן און פון אים געטראַכט. פון זײַן מנחם מענדלען געטראַכט, ווי דאָ האָט ער אַראָפּגעוואָרפן דעם לעצטן קאָמעדיאַנטישן כאַלאַט און דער מענטש, אַ בלייכער, אַ פאַרמאַטערטער, כאַפּט אַ ביסל פרישע לופט.

כאָטש אַ שווערער יאָר, נאָר דאָ אין שלום עליכם זעט מען בולט דעם אָנהייב פון אַ שיינער צוקונפט אין אַ באַפרייט לאַנד. דער ייִדישער דאָרפסראַט מיינט אַ סך. די ייִדישע שולן זײַנען ניט קיינעמס קאַפּריז, נאָר לעבנסנויטווענדיקייט. קיינער שטערט ניט דעם דאָזיקן לעבן. פאַרקערט, די מלוכה האָט דעם דאָזיקן פאַקט צום לעבן אַרויסגערופן.

— שלום עליכם!

— עליכם שלום! פאָרט געזונט און לאָוט גריסן דאָרט ייִדישע קאָלאָניסטן.

יאָ, איך בין אַהין, קיין אַרגענטינע אָנגעקומען ווען די מלחמה האָט פּונקט אויסגעבראָכן. אויף די ייִדישע פעלדער איז געווען „גאָטס פּלאָג", ווי די קאָלאָניסטן האָבן זיך אויסגעדריקט. פאַרפּליי־צונגען, וואָס זײַנען געקומען נאָך טריקענישן. דאָך האָבן די ייִדישע דערפער אַרויסגערופן בײַ מיר אַ סך פרייד. קיינמאָל אַזוינס ניט געזען. און ווען געענטער דערנענטערט זיך צו מענטש און פעלד, איז די זאָרג אַרויסגעקומען צום גאַסט, פּונקט ווי איצטער אויף די כערסאָנער פעלדער. קאָלאָניסטן האָבן זיך באַקלאָגט אַ סך און דער עיקר האָט מען זיך פאַר מיר געקלאָגט אין דער פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, אַז די קינדער בלייבן אָן אַ שול. ווען וואָס פאַר אַ שול האָט זיך עס יעמאָלט געהאַנדלט? מישטיינסגעזאָגט, יק"א־שולן: אַ ביסל עברי, אַ ביסל לויבגעזאַנג דער אַרגענטינער רעפּובליק. און די דאָזיקע שולן, וואָס די יק"א האָט אויסגעהאַלטן אויפן קאָלאָניסטס קרעדיט, האָט מען געהאַלטן ביים פאַרמאַכן. יק"א האָט אויסגעפונען, אַז די

אַרבעט איז ניט אַסימילאַטאָריש געניג, האָט זי דערקלערט, אַז די רעגירונג האָט פּאַריבל, פּאַרוואָס זי, די יק"א, דערלאָזט ניט, אַז די קינדער זאָלן וואָס פריער ווערן אַרגענטינער קרעאָושעס.

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

נייטיק געווען אַ וועלט־מלחמה, כּדי פון איר זאָל געבוירן ווערן אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, און נייטיק געווען, אַז די סאָציאַליסטישע אידעאַלן זאָלן נעמען די איבערהאַנט, כּדי מען זאָל קומען צו די יידישע מאַסן און זאָגן:

— „די מלוכה איז אַייערע און איר זייט די מלוכה. די מלוכה דאַגהט פאַר אַייך און איר דאַגהט פאַר דער מלוכה. און יעמאָלט, ווען איר וועט ריידן אַייער שפּראַך, איר וועט אין די שולן דערציילן די קינדער אין אַייער שפּראַך, וועלן ניט זיין קיין נאַציאָנאַלע עפּילעפּטיקער, וועט איר אַלעמען ליב האָבן און אַלע אַרום אַייך, וואָס וועלן באַקומען פונקט אַזאַ נאַצ אָנאַלע פרייהייט ווי איר, וועלן אַייך אויך ליב האָבן. כאָטש באַזונדערע שפּראַכן, נאָר קיין בבל וועט ניט זיין. מען וועט זיך שוין צונויפריידן. וועט מען נאָר פון אַרבל אַרויסוואַרפן דעם מעסער, פון די קעשענעס — די שטיינער און פון בלוט — די סם און גאַל — וועט מען זיך שוין גאָר גוט צונויפריידן. איז דעריבער די מלוכה גערן, אַז וואָס פריער זאָלט איר האָבן אַייער שול און אַייער שפּראַך, כּדי אַייך זאָל זיין גוט אויפן האַרצן".

אַזאַ פּשוטקייט. אַזאַ, ווי דער לויטערער פרימאָרגן. און נייטיק געווען, אַז פריער זאָל זיין אַ וועלט־מלחמה און פון איר בלוטיקן טראַכט אַרויס זאָל געבוירן ווערן די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַמאָליקער רוסלאַנד און אויף די כערסאָנער סטעפּעס, וואו גאָר ניט לאַנג נאָך האָט גאַלאָפּירט די פון בלוט שיכּורע פּאַרזועניש, וואָס האָט גע־שטשירעט די ציינער אויף דער זייט פון יידישן ישוב:

— אַי, וועט מען קוילענען!

— אַי, וועט מען עס די הויט שינדן!

— אַי, וועט מען עס אָדערן רייסן!

— אַי, וועט מען דאָס לייב פּאַסעווען!

— אײַ, װעט מען עס דעם לעצטן פֿון זײ מיטן אָפּצאַס צעטרעטן !...

— — — — — — — — — — — —

איז איצטער, אין אַכט און צװאַנציקסטן יאָר, פּונקט פֿערצן יאָר זינט אַ איזװאָשטשיק האָט געבײטשט זײן מאָגער פֿערדל, װײל הירשביין האָט געאײלט צום װאָקזאַל, כּדי ער זאָל ניט צו פֿאַרשפּעטיקן, און די שיף ניט פֿאַרשפּעטיקן, װײל ער האָט בחוש געפֿילט, אַז אױף רוסלאַנד קומט אַ חורבן; אױף אײראָפּע אַ חורבן און אפֿשר אין עק װעלט איז אַן אױסבאַהאַלט פֿאַראַן דאָ; אפֿשר בײ די אַרגענטינער קאָלאָניסטן איז אַן אױסבאַהאַלט דאָ — פּונקט יעמאָלט איז אים שלום עליכם פֿאַרלאָפֿן דעם װעג, װען די ײדישע גאַס איז אים נאָכגעגאַנגען —

—שלום עליכם!

— עליכם שלום!

עס איז דער אַכט און צװאַנציקסטער יאָר פֿון דעם אײגענעם יאָר־הונדערט און איצטער בין איך אין „שלום־עליכם“. אַ ײדישער דאָרף אַ נײער; אַרומגערינגלט מיט נאָך ײדישע דערפֿער: „װינטשעװסקאַיאַ“. טראָצקאַיאַ“. „אמת“...

— שלום עליכם, איר רױטע דעכער אונטערן בלױען הימל! איך בין װײט, װײט ניט קײן גאַסט בײ קאָלאָניסטן און כאָטש איצטער איז אונטער אײך, מײנע רױטע דעכער אונטערן בלױען הימל, קײן ברױט ניטאָ, איז דאָך אַ חוץ ברױט עפּעס פֿאַראַנען. געװען צײטן, װען ברױט איז געקומען אַפֿריער. פֿאַר ברױט האָט מען זיך פֿאַרקױפֿט. פֿאַר ברױט און נאָר פֿאַר ברױט איז פֿון משהן און שלומהן, פֿון דודן און יעקבֿן געװאָרן אײן מנחם־מענדל, װאָס האָט אַרױסגעשמײעט אױף אַלע יאַרידן; צוליב ברױט װעגן זײט איר געװאָרן אַ חוכא־וטלולא איבער דער גאַנצער װעלט. צוליב ברױט װעגן האָט מען געבױגן דעם קאָפּ, אַז אױף אים זאָלן בערעלעך זיך קלײבן — — — איז איצטער אַן אַנדער צײט, דאָ, אין ראַטנפֿאַרבאַנד, אין דער אײנציקער סאָציאַליסטישער מלוכה; גאָר אַן אַנדער לעבנסשטײגער:

— ברױט — שפּעטער און אַפֿריער — פֿרײהײט!

---

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

— און ווי לעבן עס איבערוואַנדערער אין שלום עליכם?

— עס וואָלט אַלצדינג גוט געווען, ווען נאָר מ׳טן געדעטעניש וואָלטן מיר ניט געווען אַזוי דורכגעפאַלן. אָבער ווייטער, ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגן. אַזאַ דאָרף! מען קאָן זאָגן אַײַנגעפונדעוועט. אַ יידישער דאָרפסראַט, קומט אדרבא און באַטראַכט אונזער בנין: מיר האָבן אַ אייגענע קרעדיט־געזעלשאַפט. אַ קאָאָפּעראַטיווע קעז־פאַבריק...

מען גייט באַטראַכטן די ווירטשאַפט. שלום־עליכם איז אין האַרץ פון סטעפּ. און שלום־עליכם איז די האַרץ פון יונגן קאָלאָניסטישן ישוב. פורלעך קומען. פורלעך פאָרן אַוועק. צופוסגייער. בחורים. מיידלעך. אָדער חברים און חברטעס.

— שלום־עליכם, חברטע!

איך האָב איר פאַרשטעלט דעם וועג. זי איז געגאַנגען אינמיטן דער ברייטער און שטויביקער גאַס און ערשט איצטער האָט זי דערשפּירט, אַז זי גייט באָרוועס. אַ הויפן רויזנקערלעך האָט זי געהאַט אין דער לינקער האַנט און אויסשפּייענדיק אין איילעניש דעם אויסגעלושטשעטן קערל, איז אַ שוואַרצער האַלבער שאָלעכץ געבליבן אויף דער אונטערשטער ראָזער ליפּ און שפּעט איז געווען אים אַראָפּצוּוואַרפן. איך קוק גאָר ניט אויף אירע באָרוועסע פיס ביז די קני, נאָר זי שפּירט, אַז דאָס קליידל איז אויף אַ ווײַלע קורץ געוואָרן. און אָנשטאָט איר זאָגן, אַז מיר אַרט ניט וואָס זי האָט זיך פאַרשעמט, ווייל פון לאַנגע יאָרן איז דאָס באַוואוסט, אַז אַ דאָרפיש מיידל איז שיין ווען זי פאַרשעמט זיך און אַז יידישע דאָרפישע מיידלעך האָבן אויך איבערגענומען די אייגענע אייגנשאַפט, און באמת — כדי איר צו פאַרלייכטערן די רויזנקערלעך אין הויפן, וואָס איז שוין שפּעט געווען צו באַהאַלטן, האָב איך באַדאַרפט נעמען ביי איר אַ ביסל קערלעך און אויך אָנהייבן צו שיילן און, אַז אַ האַלבער שאָלעכץ זאָל זיך אויף מיין אונטערשטער ליפּ שטעלן, וואָלט זי מסתמא זיך צעלאַכט — אָנשטאָט דעם אַלעמען טו איך איר אַ פרעג:

— שלום־עליכם, חברטע, צי האָט איר אויך אַזוי מורא פאַר דער אויגערעטעניש ווי די חברים מענער?

צי זי האָט פאַרשטאַנען, אַז איך האָב געזאָגט ניט דאָס וואָס איך האָב געמיינט; צי דאָס איז אַרויסגעקומען אַליין פון זיך. זי האָט די רויזנקערלעך אַ בערגעשאָטן פון דער לינקער האַנט אין דער רעכטער און מיט דער לינקער האָט זי פאַרשאַרט אַ בלאָנדן לאָק, וואָס איז איר געקראָכן אין דער רעכטער אויג אַריין. איצטער האָט זי אויף מיר געקוקט מיט צוויי גרויסע, גרויסע אָפענע אויגן און אָנשטאָט די ראָזקייט אין אירע צוביסלעך איינגעפאַלענע באַקן, איז אָנגעשטאַנען אַ בלייכקייט, וואָס דער זונענברוין האָט ניט געקענט פאַרדעקן. די אונטערשטע ליפּ האָט איצטער אַ ציטער געטאָן און דער האַלבער שוואַרצער שאָלעכיץ איז אַראָפּגעפאַלן. איצטער זיינען ביידע ליפּן געווען בלאַסלעך, פון וואַנען די ראָזקייט האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן און זי האָט אַ זאָג געטאָן, מער צום סטעפּ ווי צום גאַסט:

– הונגער... מיר קענען אים. — דערפאַר האָבן מיר געקעמפט, אַז הונגער זאָל ניט אָפּשרעקן.

אַ ר פּנים, וואָס האָט תּחילת אויסגעזען אַן אַכצן יאָר ק״ה, איז אַריינגעשפּרונגען אין די דרייסיקער. ווען זי האָט ווייטער גערעדט, האָט זי נאָך אַלץ געקוקט אָן אַ זייט צום סטעפּ:

— „ווער עס געדענקט און ווער עס האָט פאַרגעסן. אַמאָל איז פאַרגעסן אַ גרויס גליק. אַמאָל איז דאָס אַ קראַנקהייט. און אַז מען פאַרגעסט וואָס מיט אונז איז פאַרלאָפן אין זיבעצעטן, אַכצנטן, ניינצטן כמעט ביז אונזער איבערוואַנדערן אַהער, ביז פאַר צוויי יאָרן — דאָס, אַז מען פאַרגעסט, איז שווער צו לעבן. נאָר דאָס, אַז מען געדענקט, איז גרינג צו לעבן. אָ, ווי גרינג... איר זעט אָט יענע שטוב דאָרטן פון דער רעכטער האַנט, די נאָך ניט געקאַלכטע — די דאָזיקע פיס מיינע האָבן די ליים געקנאָטן און געמאַכט דעם קאַליב... און ווייסט איר, אַז די פיס האָבן פון יעמאָלט אָן אַזאַ פאַרגעניגן ניט געהאַט. אַזוי געשמאַק ווי צו קנעטן אַ פולע דייזשע ברויט... נאָר די פיס האָבן מער הנאה געהאַט ווי די הענט בשעת מען קנעט ברויט. — הונגער... מיר קענען אים...

און זי האָט אינסטינקטיוו אַריינגעלייגט אַ קערל אין מויל אַריין און עס איז קענטיק געווען, אַז איר האָט הנאה געטאָן, וואָס זי

אַט מיר פֿאַרגעשטעלט די פּיס אירע, וואָס האָבּן געקנאַטן די ליים
ט די שטרוי פֿאַרן קאַליבּ.

„אַמאָל איז פֿאַרגעסן אַ גליק און אַמאָל איז פֿאַרגעסן אַ קראַנק-
יט... און אַז מען פֿאַרגעסט דעם זיבּעצנטן, אַכצעטן, ניינצעטן
ן ווייטערדיקע יאָרן בּיז צו דער איבּערוואַנדערונג, איז דאָס אוודאי
קראַנקהייט".

איז דאָס אומגעריכט בּאַגעגנטע מיידל די איינציקע חכמה, וואָס
נקט אַזוי?... און די אַלע, וואָס בּענקען נאָך אין שטעטל אַריין
ן חלומען נאָך, אַז אַ יאַריד וועט זיך אויסשטעלן, וואו דער ייד
ט ווידער האָבּן אין סאַמע מזרח זיין געשטעל... עמיצער וואָלט
יין איצטער געזונגען און צוגעפּלעסקעט מיט די הענט:

אויפֿן הימל אַ יאַריד
און דער מאַרק אינדערמיט;
געשעפֿטן אויף וויסטע מזלות.
אויפֿן הימל אַ יאַריד
און עס טאַנצט שוין דער ייד;
אין לופֿטן צעפּלאָסן די פּאָלעס...

---

— שלום עליכם!
— עליכם שלום!

פֿון פֿעלד קומען די קאַמסאָמאָלן פֿון שלום-עליכם. האַלבּער טאָג.
ז בּרענט ווי אין קאַלכאויוון. די יוגנט פֿון שלום-עליכם, מיטן
ג. פֿון פֿעלד. אַ פֿופֿציק-זעכציק חברה. בּחורים און מיידלעך.
ין רייטער אויף אַ מאָגערן פֿערד. אַ טעלעכע בּיקסן. אַ בּיסל שטע-
נער. דער טראָגט אַ שווערער. דער טראָגט אַ זיכערער, דער שוויים
נט. דער שטויבּ קנוילט זיך. די געשווירענע מיידלעך אין רויטע
כלעך און מיט רויטע קני, מיט די שווערע אָרעמס, האַלטן מיט
ם טראָט; שטייען ניט אָפּ פֿון די בּחורים. צוליבּ זיי איז דער
עפּ איצטער אויך בּרוין געוואָרן, כּדי זייער קאָליר ניט צו שטערן.

און פֿאַרוואָס איז דאָס פֿריערדיקע מיידל ניט מיטגעגאַנגען
ן פֿעלד מיט די קאָמסאָמאָלן? איז זי שוין צו אַלט? איז זי נאָך

קליגער פון דעם דאזיקן חייל, וואס איז אוועק אין פעלד אויספרווון די כוחות? זיינען אירע מאסיווע פיס נאר צוגעפאסט צום קנעטן ליים?...

אמאל איז פארגעסן אגרוים גליק און אמאל איז דאס א קראנק־הייט. אוודאי איז דאס מיידל גערעכט געווען. יעדער פשוטער אמת אויף דעם ריכטיקן ארט, אין דער ריכטיקער צייט, איז געגליכנט צום רעגן, וואס קומט אין צייט ווען דער סטעפ איז פארשמאכט. א סך העלפט מיר ארוים איצטער אין ראטנפארבאנד, וואס איך געדענק די אמאליקע רוסלאנד און געדענק ווי עס זעט אויס דאס יידישע לעבן אין דער יידישער גאס פון שטאט און שטעטל אין א סך לענדער, אויף וועלטס ברייט און לענג. און וואס איז טאקע ברויט, ווען אין אים האט מען סם און צעשטויסענעם גלאז געמישט? און וואס איז טאקע הונגער, אויב צו מיין שוועל האט זיך אראפגענייגט די העלע צוקונפט און רעדט צו מיר מיט אזא ניכטערער און פאר־שטענדלעכער שפראך:

— ווער עס האט מיך דערזען, דער וועט מיך האבן. דער, וואס האט מיך מיט געוואלד צו זיך געשלעפט — צו אים בין איך געווארן די געגנווארט.

— וואס איז דער זאטער נעכטן אין פארגלייך מיט היינטיקן, הונגעריקן היינט?

---

— שלום עליכם!

— עליכם שלום!

— צי וואלט איר װעלן, אז אלץ זאל זיך אומקערן צום אלטן. אז דער צאר זאל זיצן אויף זיין טראן. האנדלען זאלט איר מעגן. דאוונען און גאט בעטן — וויפל דאס הארץ גלוסט און א שטיקל ברויט זאל זיין, אפשר גיכער אין צייט ווי איצטער?

דאס האב איך אין שלום־עליכם געפרעגט אן עלטערן יידן, וואס האט זיך פאר מיר געקלאגט, אז צו עסן איז ניטא וואס. נאקעט איז מען, בארוועס אויך. קיין גערעטעניש ניטא. און אפילו מיטן דאוונען באדארף מען זיך אויך אויסבאהאלטן...

און אז איך האב אים א פרעג געטאן דאס איבנדערמאנטע, איז דער עלטערער ייד ארוים פון די כלים:

— סטייטש, ווי אַזוי פרעגט איר דאָס מיר אַזאַ זאַך? וואָס פאַר אַ ייד וויל עס, אַז עס זאָל זיך אומקערן צום אַלטן? סיידן אַ משוגענער. סיידן אַ חסר=דעה... ווער וויל עס פאַרבייטן איינס אויפן אַנדערן? ווי קען מען עס... פריער האָב איך געוואוינט אין אַ גרויסן כּרך און ניט געווען אויסגעהיט און איצטער, אַ קליינינקייט — — שלום=עליכם! אַ יידישער דאָרף און אַ יידישער דאָרפסראַט אין שלום=עליכם! איר זעט דאָרטן די חברה. וואָס גייט פון פעלד? אַן אַרמיי אַ גאַנצע. שלום עליכם האָט אַן אייגענע אַרמיי... וואָלט איך געווען יינגער, וואָלט איך אַפילו קיין רגע ניט געקלערט. וואָלט אַריין! און אפשר וואָלט איך נאָך איצטער אַריין, ווען מען נעמט מיך צו. אַ קליינינקייט, וואָס שלום=עליכם איז! מיר האָבן דאָך אַ יידישן דאָרפסראַט. און אַ דאָרפסראַט געהער דאָך צום ראַיאָנעם ראַט און דער ראַיאָנער ראַט גייט שוין ווייטער און ווייטער. מיר זיינען דאָך אַ ראַטן=מלוכה. משמעות, אַז דער שלום=עליכם=דאָרפסראַט איז אַ שני שבשני מיט דעם גרויסן ראַט. אָ, ניין. נעמט ניט פאַר אומגוט; אַזאַ פראַגע אַז מען שטעלט אַ יידן אין ראַטנפאַרבאַנד, איז שוין אַ שטיקל באַליידיקונג...

אַמאָל איז פאַרגעסן אַ גרויס גליק און אַמאָל איז פאַרגעסן אַ קראַנקהייט...

ווילט זיך מיר איצטער דערמאָנען אַ מעשה, אַז אין אַ הייסן זומער, אין אַכטאונצוואַנציקסטן יאָר, אַז איך בין געווען אין שלום=עליכם, בין איך אינאָווענט אַליין אַרויסגעגאַנגען אין גאַס און געגאַנגען טריט ביי טריט (די גאַסן אין די יידישע דערפער זיינען ברייטע). איך בין געגאַנגען אינמיטן גאַס. געווען אַ דושנע נאַכט. דער טראָט מיינער האָט ניט אָפּגעקלונגען אין ווייכן שטויב, אַזוי ווי איך האָב געהאַלט. פלוצלונג האָב איך דערהערט הינטער מיר טריט. איך קוק מיך אום — קיינעם ניט צו זען. עס איז מיר געווען אַ חידוש, איך זאָל הערן טריט נאָענט לעבן זיך און קיין שפור פון מענטשן אַהינטער מיר. איך האָב גענומען ווייטער גיין און דאָס מאָל האָב איך דערהערט טריט, זייט ביי זייט מיט מיר...

עס איז געווען אין יידישן דאָרף שלום=עליכם, וואָס האָט אַ יידישן דאָרפסראַט; אַ לעבעדיקע אַ טעריע, וואָס ציט זיך אַוועק

און פארקניפט זיך מיט נאך יידישע דערפער, מיט די צענטראלע ראטן. א ייד האט שוין אויסגעבעסערט זיין זיכרון. יא, טריט האב איך גע-הערט זייט ביי זייט לעבן זיך. איך האב קיינעם ניט געזען און דאך בין איך געווען רויק. ווארעם עס איז רעכט געווען, אז מיינע אייגענע טריט האבן שוין איצטער ניט געהילכט אליין פאר זיך, ווי דאס איז געווען די געוויינהייט, ניט נאר מיינע, נאר פון א סך, גאר א סך — טריט איז א פריוואטע זאך...

און אפשר — — —

— שלום עליכם!

— עליכם-שלום! פארט געזונט און לאזט גריסן די יידישע קא-לאניסטן אין ארגענטינע.

איך האב עס יעמאלט געטאן. און איך טו עס איצטער אויך.

# ט ר י ק ע נ י ש

(ד ע ר צ י י ל ו נ ג)

גלי און מדבּרדיקער אָטעם איבּער אַ געגנט, וואו עס כוואַליעט
יך נאָך דער געדיכט אויפגעגאַנגענער ווייץ. גלי און מדבּרדיקער
ייסער אָטעם לאָזט ניט די זאַנגען אָנקוועלן מיט קערנער. האַלבּער
ַאָג, גיסט זיך איבּער אין דער לופט פּורפּור און העל־רויט, געל און
אַרוועלקטער גרין. און מיט דעם — פּחד און פאַרוויסטונג.

אַ אָנזאָג קומט פון ווייט און פאַלט נאָנט:

— אומזיסט די מי; אומזיסט די האָפענונג.

אַ אָנזאָג, וואָס קומט פון ווייט און פאַלט נאָנט:

— אומזיסט געאַיילט און געבּויט הייזער, אומזיסט געאַיילט און
עבּראַכט אַהער ווייב און קינד. היינטיקס יאָר איז אַ פאַרשווערונג
אַנטקעגן אַלע מיען...

דער ניי־אָנגעקומענער מענטש איז אומרויק. מאַן און פרוי שטייען
ייט בּיי זייט און קוקן צום פעלד און פרעגן איינס דעם אַנדערן:

— וועלן מיר שוין קיינמאָל קיין קערנדל פון פעלד ניט אַראָפּ־
עמען?

דער הייסער ווינט כאַפּט אונטער פון וועג אַ הייסן זייל שטויב
און טראָגט אים און דרייט אים מיטן וועג און וויכערט אים אַריין
צווישן די ווייצנפעלדער און בּאַהאַלט זיך מיט אים צווישן די האַלבּ־
פאַרבּרענטע און נידעריק געבּויגענע שטרויען.

— האָט דער רעגן שוין אויף אייבּיק אויסגעמיטן אונזער פעלד?

— רעגן!

— וואו נעמט מען רעגן?

— די זריעה גייט פאַרפאַלן. דאָס לעצטע קערנדל אין קאָן גע־
שטעלט...

אַ מאַסע אַ צעשראָקענע, וואָס האָט אַלע האָפענונגען אָנגעוואָרן, איז אַהער געקומען, דאָ הייזער אויסגעבויט; דאָ אויסגעלייגט גאַסן. דאָ אַפילו ביימעלעך פאַרפלאַנצט ביי די הייזער. אַפילו פאָרהענגלעך אויפגעהאַנגען אויף די פענסטער. שטאָטישע שיינע ווייסע גאַרדינען אויף די דאָרפישע פענסטער — — —

האָט זיך ערגעץ אַ העלליש פייער אָנגעצונדן און אַהער יאָגט עס די פלאַמען. אַהער אויף די יידישע פעלדער. מען זעט ניט די פלאַמען. דער ווינט בלאָזט אַהער די היץ מיט אַ פולן מויל און די היץ נידערט אַראָפּ אויף די פעלדער. פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ביז אַ שטעכעניש אין די שלייפן, ביז אַ טריקעניש אין האַרצן.

איך בין אַהער געקומען אויף אַ ווייל און מיך באַצווינגט אויך די אומרויִקייט, וואָס כאַפּט אַרום ביי אַ שווערן גוסס צוקאָפּנס.

אַזאַ פחד באַצווינגט אָפטמאָל חיות און פייגל, ווען זיי דערשפירן אַ קאַטאַסטראָפע וואָס די נאַטור גרייט פאַר זיי. דער אייגענער פחד, וואָס באַצווינגט אָפטמאָל, אויב מען פאַרבינדט דעם גורל מיט דער נאַטור. עס האָט אויסגעזען דאָ, גלייך ווי אויף יענער זייט יידישע פעלדער איז עק וועלט, בעת דאָ האָט די זון אַ העללישן פייער אָנגעצונדן, וואָס פאַמעלעך, אָבער זיכער, פאַרלענדט ער, באַרלענדט ער דעם פויערס מי.

דער שטאָט־מענטש שפּירט עס ניט. ער און זיינע טואונגען — זיי האָבן ניט שותפות געמאַכט מיט דער נאַטור. אין זיינע הענט ליגט די גאַנצע קראַפט. זיין ווילן איז אַ גוטע פאַרזיכערונג בייצוקומען אַ סך, אַ סך שטערונגען.

דער פויער מאַכט אַ פולן שותפות מיט דער נאַטור. חדשים־לאַנגע איבערגעפילטע מיט זאָרג ציען פאַרביי, ביז ער איז זיכער, אַז די נאַטור האָט דעם שותפות אָנגענומען. די ערד ווערט צום פויער אַ מאַמע. און צומאָל אויך אַ ליב קינד. און די ערד ווערט אָפטמאָל צום פויער אַ בייזע שטיפמאַמע, אַ קאַרגע, אַ רויבעריקע, וואָס נעמט צו דעם פויערס אַלע מיען און דערלאַנגט אים דערפאַר אַ ביסל דערנער.

דער פויער שטעלט אויס זיין פנים צו אַלע פיר ווינטן. ער לערנט צו וויסן, וואָס איעדער ווינט ברענגט מיט זיך. ער ווייסט, אַז דער צפון־ווינט קומט גיכער פון אַלץ מיט אַ קללה. דער מזרח־ווינט

ז'ז אַן אָנזאָגער פון בּרכה. נאָנט איז אים דער מערב, דער דרום=ווינט—
ואָס זיינען דעם פויערס אַרויסהעלפער. דער פויער קוקט אַריין
זין בּאַגינען און פאַרפעלט ניט צו כאַפּן אַ בּליק ווי די זון פאַרגייט.

זייער שנעל איז דאָס געשען, אָבער עס איז געשען, אַז דער
אומגעדולדיקער שטאָט=מענטש האָט שוין דאָ פאַרבּונדן זיין גורל
זיט דער נאַטור. דער אומגעדולדיקער יידישער איבּערוואַנדערער
האָט אָנגעוואָרן זיין אייגענעם ווילן, זיין אייגן בּיסל מזומן און גע=
קומען צו דער ערד און איר זיך איבּערגעגעבּן. די נאַטור פרוווט אויס
יין געדולד פון סאַמע אָנהייב אָן. נאָר וואָס די היים אַוועקגעשטעלט
און ליב איז געוואָרן די היים. נאָר וואָס דעם סטעפּ אויפגעריסן און
ליב איז געוואָרן דער סטעפּ. נאָר וואָס די זריעה פון האַנט אַרויסגעלאָזט
און דער סטעפּ איז געוואָרן אי ווילן, אי גורל. דער סטעפּ איז גע=
וואָרן פאַר איינעם אַ מאַמע און פאַר איינעם אַ ווייבּ. פאַר איינעם אַ
שטיפמאַמע און פאַר איינעם אַ קינד, וואָס ליגט אין גרויסע היץ.

אַזוי האָט עס מיך, דעם זייטיקן, אַריינגעצויגן אין איבּערוואַנדע=
רערס פּחד. אַזוי ווי ער, בּין איך בּאַגינען אַרויס און געקוקט צום
הימל, צי זעט מען אַ וואָלקן: אַזוי בּין איך, ווי ער, נאָך אַיעדן טאָג, מיט
דעם מדבּרדיקן גלי און מדבּרדיקן הייסן אָטעם, אַ מידער געזעסן
ביים שוועל פון פאַרנאַכט און געקוקט צו מערב=זייט, אפשר איז אין
דער שקיעה אַן אָנזאָג פאַראַן:

— מאָרגן וועט עס רעגענען.

---

אין אַזאַ פאַרנאַכט בּין איך אַרויס, אויסן דאָרף, אַ גיט אַרומ=
געוואַשענער פון שטויבּ, וואָס האָט געבּיסן די הויט פון פּנים —
און זיך אַראָפּגעלאָזן ביים ראַנד פון פעלד, אין שאָטן פון אַ מאָגע=
רער ווייצנפעלד. איך האָבּ אָפּגעריסן אַ זאַנג, אים צעריבּן אין האַנט—
נאָר סימנים פון קערנדלעך. הייטעלעך איינגעשרומפּענע. איך האָבּ
אויסגעפּרווט נאָך אַ זאַנג — אַליין דער איינער אָנזאָג אויף
הונגער בּלייבּט אויף מיין האַנט. און איך טראַכט:

— פאַר איינעם איז דער סטעפּ שוין געוואָרן אַ מאַמע און פאַר
דעם אַנדערן — אַ קינד, וואָס ליגט אין היץ און ניטאָ ווי אַזוי עס
צו לעשן און ראַטעווען...

אַ גערויש צווישן די זאַנגען הינטער מיר. אַ מאַן האָט זיך אויפ־געהויבן פון דעם מאָגערן ווייץ אַרויס. אַ באָרוועסער, הויזן פאַרקאַשערט ביז צו די קני און העמד ביים האַלז צעכראַשטשעט. בלאָנד. דאָס פנים פאַרוואַקסן, די היץ האָט זיינע אויגן אָנגעשטרענגט.

ווי אַזוי האָב איך אים ניט באַמערקט פריער? ער האָט זיך דערנענטערט צו מיר. איך האָב אים באַגריסט און ער האָט געענטפערט, אַ הייב טוענדיק דעם קאָזיריק פון זיין צעפלאַצטער, געלבלעכער היטל. ער איז געבליבן שטיין אַנטקעגן מיר און געוואַרט, איך זאָל אָנהייבן צו ריידן.

אָבער אין דער איינענער צייט האָט זיך פון צווישן די ווייצן אויפ־געהויבן אַ יונגע בלאָנדע פרוי אין זיין עלטער. דאָס פנים שטאַרק פאַרברענט פון דער זון. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און באַגריסט, אַ סך ענערגישער פון מאַן און כמעט לאַכנדיק געזאָגט:

— איר האָט זיך געקאָנט דערשרעקן פאַר אונז.

— איר כאַפּט אַ דרעמל אין די ווייץ — האָב איך אין שפּאַס געזאָגט.

ער האָט נאָך אַלץ אויסגעזען ווי אין אַ פאַרלעגנהייט. נאָר זי, שוין שטייענדיק זייט ביי זייט מיט אים, האָט אַ פלוצלונגן לאַך געטאָן.

— איר זייט אויך אַרויסגעקומען אין פעלד אַ קוק טאָן אויף אונזער ווייץ — האָט ער געזאָגט מיט אַ טיף מעלאָדישער שטימע — איך האָב געזען ווי איר האָט געזוכט קערנדלעך אין די זאַנגען.

— איך האָב ניט געפונען — האָב איך געזאָגט.

— און עס וועלן שוין ניט זיין — האָט ער קורץ אָפּגעהאַקט.

קוקנדיק אויף זיי, האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָס פעלד איז איצטער זייער איינציקע היים; אַז דאָ האָבן זיי געוואָלט מאַכן אַ געלעגער, נאָר איך האָב זיי געשטערט. איצטער, אַז איך האָב זיי באַטראַכט נענטער, האָב איך דערקענט ענלעכקייט אין זייערע פנימער, דער עיקר אַרום די אויגן און אין די פּעלדעלעך, וואָס האָבן זיך ביי זיי ביידן אויפגעהויבן העכער פון נאָז, צום שטערן צו. אויגן גרויע סיי ביי אים סיי ביי איר; נאָר זיינע פון דער היץ אָנגעצונדן.

— זייט איר שוועסטער און ברודער? — האָב איך געפרעגט.

האָט זי אַראָפּגעלאָזן די אויגן און געזאָגט ווי פאַר זיך:

— אַ שרייבער זאָל מאַכן אַ טעות...

— דאָ זיצן מיר אויף אַייער פעלד — האָב איך ווידער געזאָגט, ועלנדיק דערביי פאַרווישן מיין פריערדיקע פראַגע, וואָס איז געווען, ויט ווי מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, ניט אין דער ריכטיקער צייט.

— עך, איבערוואַנדערער, איבערוואַנדערער... — האָט זי מיט אומגעריכטן טראַגיזם, פונקט ווי פון דער בינע אַראָפּגעדעקלאַמירט.

עס איז אָנגעשטאַנען אַ שטילשווייגן. מיר אַלע דריי זיינען ויסגעקומען אין אַ ענגער גרופּע, גלייך ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע נאַאַנטע און אַזוי זיצן מיר שוין דאָ פון גאַנץ לאַנג. דער „עך, איבערוואַנערער..." האָט געקענט מיינען אַ סך. שווער געווען צו באַשטימען, ואָס פאַר אַ מיין עס האָט געהאַט פאַר די דאָזיקע צוויי מענטשן, וואָס יינען איצטער געזעסן לעבן מיר אין, וואָס ביי ביידן זיינען ענלעכע נייטשעלעך איבערן נאָז, אַרויף־שטערן.

זי איז ווידער געווען די ערשטע, וואָס האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— איר טראַכט אוודאי, הלמאַי צוויי איבערוואַנדערער האָבן יך געמאַכט אַ געלעגער אין די ווייץ... דאַכט מיר, אַז באַלד בין יך שוין אַזוי אויסגעטריקנט געוואָרן ווי די ווייצנזאַנגען. דאָס איז ינט קיין ברודער... דאָס איז מיין מאַן. און דאָס ווייצנפעלד איז אונזער ביידנס קינד, וואָס איז קראַנק... וואַכן מיר איבער אונזער קינד, וואָס ווערט פאַרברענט פון היץ.

זי האָט אָפּגעווענדט איר פּנים און געווישט די טרערן. זי האָט עשלונגען און זיך געוואָרגן מיט געוויין, וואָס האָט געשטיקט אין האַלז. ער האָט אַ ווײַלע געקוקט צו איר פּלייצע, וואָס האָט נערוועז אַ אָר מאָל אַ צוק געטאָן אַרויף, צו די אַקסלען, וואָס האָבן אַרויס־עקוקט דורך דער שיטערער, אויסגעריבענער, ראָזגער, ציצענער בלוזקע. ינט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק האָט ער געצויגן די רייד:

— דאָס ערשטע מאָל אַן אייגן פעלד... וואָס האָב איך צו לייקע־ען — איך האָב ניט געהאַט קיין צוטרוי צום סטעפּ, איך האָב קיינמאָל ניט געקענט דעם סטעפּ. אַפילו נאָכדעם, ווי דער שוואַרצ־

ברוך איז שוין געלעגן אָפּן אונטער דער זון, האָט ער ניט גערעדט צו מיין האַרצן. בלויז אין לעצטן האַרבסט, בשעת מיין מי איז אויפגעגאַנגען, דער גערייכט אויפגעגאַנגענער ווייץ האָט דעם שוואַרץ-ברוך צוגעדעקט — יעמאָלט איז עס מיר נאָענט געוואָרן... איצטער דערווייטערט ער זיך פון מיר. ער איז שטאַרקער פון מיר. אָט באַלד וועט ער ווידער האָבן זיין אומהיימלעכן אויסזען, ווי יעמאָלט, בעת איך בין אַהער אָנגעקומען... וואָלט כאָטש אויף אים וואו-ניט-וואו אַ בוים וואַקסן, ווי אין ווייסרוסישן פעלד... שטאַרבט די תּבואה אָפּ, בלייבן די ביימער דאָ און דאָרטן. דערקענסט זיי פון יאָר צו יאָר. דער היגער סטעפּ... די תּבואה ווערט פאַרברענט. הונגער רוקט זיך אָן. און ער ווערט דיר פרעמד.

און די צוויי מענטשן, וואָס האָבן מיר תּחילת אויסגעזען ווי אָפּגעריסענע פון דער ערד, האָבן ביסלעכווייז אויפגעדעקט די פעדים, וואָס בינדן זיי מיט דעם ניט באַליבטן און אומבאַקאַנטן סטעפּ. זיי האָבן ביידע צו ביסלעך גערעדט. פראַזנווייז דערציילט. די דער-ציילונג איז געווען אי אַלט, אי ניי. ס׳יי קליינשטעטלדיק-יידיש ס׳יי פויעריש-שווערלעך... ביידע אין די איינע יאָרן: אַכטאונצוואַנציק יאָר. ביידן האָט די מלחמה פאַרכאַפּט אין דער ליטע. ער האָט גע-וואָלט שטודירן און שוין ניט געקענט באַווייזן. האָט ער זיך געריבן אַרום אַ רייכן האָלץ-סוחר. זי איז געווען אַ לערערין. געווען אַ פעלד-שעריצע. נאָך דער רעוואָלוציע, ווען די פּאָליאַקן האָבן פאַרלאָזן ווייסרוסלאַנד, האָט עס זיי געצויגן אַהיים. האָבן זיך דורכגעריסן דורכן שלאַכטפעלד און געקומען אַהיים.

— וואָס איז אייגנטלעך אַ היים? — האָט ער פילאָסאָפירט — פאַרוואָס האָט נאָך די מלחמה איבערגעלאָזן ביים מענטשן דעם באַגריף „היים“? וואָס האָט מיך געצויגן, איך זאָל זיך לאָזן אויף מסירת-נפש צוריק אין היימישן שטעטל אַריין? יאָ, די רעוואָלוציע. אמת. ס׳איז ווערט געווען. סוף-כל-סוף האָט די רעוואָלוציע צעשטערט דעם באַגריף „היים“. איך האָב אויף אַלץ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. קען דער סטעפּ אויך זיין אַ היים. מיר זיינען ביידע פון איין שטעטל. קען מען שוין פאַרטראָגן די היים אין כּף-הקלע אויך. וואָס איז די נפקא-מינה... האָבן מיר שוין אַ קינד אויך באַגראָבן

אין סטעפּ. נאָר אַזעלכעס האָט דער סטעפּ פון אונז געפאָדערט פון סאַמע אָנהייב.

---

איז דאָס טרויעריק? איז דאָס טראַגיש? איז דאָס די מיסטעריע פון לעבן, וואָס וויקלט איין דעם מענטשנס געדאַנק און מאַכט אים זיס אַלע פּיינען; מאַכט ביי דער מוטער נייטיק דעם טרערנקוואַל, וואָס זאָל פּלייצן און מאַכן וועלקן די באַקן און ביי אים — זאָל אויפוואַכן אַ גריבלער, אַ פילאָסאָף?... איז דאָס די מיסטעריע פון לעבן און טויט, וואָס כאַפּט אַרום דעם מענטשן דווקא יעמאָלט, ווען ער וויל זיך אָנכאַפּן אָן לעבעדיקן לעבן; אָן לעבן וואָס בויט און שאַפט?

אויף וועמען האָבן די דאָזיקע צוויי יונגע מענטשן אָפּגעריכט אבלות? אויף זייער קינד, וואָס האָט זיך פאַרקילט, לעבנדיק ווינטער אין אַ זעמליאַנקע, און איז געשטאָרבן? אָדער אויף דעם קראַנקן ווייצנפעלד, וואָס דערלעבט די לעצטע טעג זיינע און גייט אויס פון היץ?... און אפשר מעגלעך אויף ביידן האָבן זיי אָפּגעריכט אבלות. ווייל זיי זיינען דאָך ניט די איינציקע צווישן די איבערוואַנדערער, וואָס די היים האָט זיי געבונדן מיט שטאַרקע שטריק און געצוואונגען צו זיין אַ שפּל ביי די פיס פון דער אַלגעמיינער יידישער נויט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבערן שטעטל. וואָרעם אַפילו יעמאָלט, ווען אין דער היים האָט מען צעטרענצלט אויף גאָרנישט מיט נישט די בעסטע יאָרן, די בעסטע האָפענונגען; אַפילו יעמאָלט, ווען די היים איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר אַ ווילדער חיה, וואָס איז פון זינען אַראָפּ און געריסן שטיקער פון אירע אייגענע קינדער — אַפילו נאָך יעמאָלט האָט מען די היים באַטראַכט פאַר אַן אייגענער געטרייער מאַמע:

היימישע שטעט. היימישער שליאַך הינטערן שטעטל. היימישער מאַרק און היימישע פויערים. היימישע ביימער ביים זייט פון וועג. אַ היימישער בית-עולם הינטערן שטעטל. אַ היימישער ווינטמיל ניט ווייט פון בית-עולם. אַ היימישער קלויסטער אינמיטן מאַרק און אַ היימישער הימל איבערן קאָפּ. היימישער שלאַקסרעגן אין האַרבסט. היימישער פראָסט און שניי און זאַווערוכע אין ווינטער. היימישע בלאָ-

טעם אין האַרבסט און אין פרילינג. היימישע קראַנקהייטן. היימישער דלות. היימישע נויט. היימישע מחלוקת. און אַ ערשט קינד, אַז סע שטאַרבט אין דער היים, איז אויך ניט אַזוי שווער. האָט מען אמונה אין די יונגע יאָרן, אַז אַן אַנדער קינד וועט געבוירן ווערן. היימישער כוח. היימישע אמונה. היימישע נאַיוויטעט.

אַ נייע היים באַשאַפן אין כערסאָנער סטעפּ, צי אין אַן אַנדער סטעפּ, אַ נייע היים מאַכן ביי דער ערד און אויסקוקן צו דער ערד זי זאָל זיין געטריי און נאָנט ווי אַן אייגענע מאַמע; אַ נייע היים אויף אַן אָרט, וואו עס איז נאָך כמעט גאָר קיין היים ניט געוועזן — — — — —

עס איז ניט אינגאַנצן קלאָר, וואָס אַזוינס עס מאַכט היים, צי דאָס געבוירן ווערן, צי דער טויט פון די עלטערן? צי דאָס חתונה האָבן און אַ קינד געבוירן, אָדער דאָס באַגראָבן אַ קינד אין דער ערד? צי די אַלע פריידיקע איבערלעבונגען? אָדער די טרויעריקע? גיכער ביידע צוזאַמען. סיי די פריידיקע און סיי די טרויעריקע!

אַז זי האָט אַזוי, זיצנדיק מיט דער פּלייצע צו אונז ביידן, זיך גוט אויסגעכליפּעט און איז זיכער געוועזן, אַז אויף איר פּנים איז ניט געבליבן קיין שפּור פון געוויין, האָט זי אומגעקערט דאָס פּנים צו אונז און אַריבערדערלאַנגט אַן אויסגעלייטערטן שמייכל. עס איז נאָר איצטער געוועזן טרויעריק צו זען, אַז איר פּנים האָט געהאַט דעם אייגענעם קאָליר, ווי דאָס גרינלעך, פאַר דער צייט צעברענטע און פאַרגעלטע פעלד. אפשר איז זי נאָכגעגאַנגען מיין געדאַנקענגאַנג, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון פויער און פעלד:

אַ פויער איז ניט קיין דרויסנדיקער צום פּראָצעס פון וואַקסן; ער איז פאַרקניפּט מיט דעם אייבנדערמאָנטן פּראָצעס. אים איז קיינמאָל ניט גענוג די גערעטעניש. ווי גרויס די שפע זאָל ניט זיין — האָט געקענט זיין נאָך בעסער. ווי דאָס אייגענע וואוילזיין האָט געקענט זיין בעסער. אַ פויער אָן קינדער איז ווי אַ ניט געאַקערט פעלד. אַ פויער, אַז ביי אים שטאַרבן קינדער און קיין אַנדערע וואַקסן ניט אונטער — איז ער ווי אַ פעלד, וואָס אַ האָגל האָט אויסגעהאַקט די תבואה און רעגנס האָבן געמאַכט, אַז די שטרוי זאָל

אַפילו פאַרפוילט ווערן. דער וואוקס פון די קינדער גייט מיט דעם וואוקס פון זיין אַרבעט; מיט דער אַנטוויקלונג פון זיין ענערגיע. זיינע קינדער טראָגן אין זיך די גרינקייט פון פעלד אָנהייב ווינטער און פרילינג, די צייטיקייט פון די תבואות אין צייט פון גרעטעניש. וואָרעם נאָך אַ גוטער גרעטעניש זעט קיינמאָל ניט דער פויער דאָס פעלד אַן אָפּגעשניטנס; און זיין דמיון בלייבט שוין דאָס פעלד כסדר אַ באַלאָדענער מיט גרעטעניש; לאַכעדיק, יונג און גאָכגעביק...

— האָט איר אַ הויז געבויט? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, מיר בויען אַ הויז, — האָט ער געענטפערט.

— נאָך ניט פאַרטיק?

— עס האָט שוין באַלד געקענט זיין פאַרטיק — האָט זי געזאָגט — מען באַדאַרף עס נאָר אויסשמירן פון דרויסן און אינעווייניק אויסווייסן...

— איז דאָס צווייטע קינד קראַנק געוואָרן — האָב איך ניט ווילנדיק געזאָגט, — אָנווייזנדיק אויפן פעלד.

האָט אַ שפּיל געטאָן אַ מונטערקייט אין אירע אויגן און זיך צעגאָסן אויפן גאַנצן פּנים, ווען זי האָט גערעדט:

— מיין מאַן האָט פיינט דעם סטעפּ, ווייל אים פעלט דאָ די ווייסרוסישע נאָנטקייט. אים קוקט אַלצדינג אויס ווייט. אָט איז דאָרטן אַ דאָרף — דאַכט זיך — מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. און הייבסט אָן גיין צו אים — איז ער ווייט. ער האָט אָן חשק גענומען בויען די שטוב. פאַרקערט, מיך האָט עס אַ נעם געטאָן מיט אַמאָל, פאַר מיר איז דאָס געווען אַ אומגעריכטע נייע ליבע. אָ, ווען איך האָב דערזען די גרעזעלעך ווי זיי קריכן פון דער ערד אַרויס... ווייצנקערנדלעך אין דער ערד באַהאַלטן און זיי האָבן אין פיר, פינף טעג אַרום אָנגעהויבן אַרויסשיקן גרעזעלעך. אַז איך האָב עס דערזען, איז מיר אַדורך אַ זיסער ציטער דורכן לייב... וויפל מאָל האָב איך זיך אָפּגעגנבעט פון אים און געלאָפן אין פעלד, זען ווי עס קריכט פון דער ערד אַרויס דער אויפגעגאַנגענער ווייץ... איך האָב ליב געקראָגן דעם סטעפּ. ניט ווי אַ היים, ניין; נאָר ווי מען באַקומט ליב אַ מענטשן, וואָס איז דיר געווען גאָר ווילד

פרעמד — — — ביז דאָס קינד איז געשטאָרבן. איצטער הוט איך ווידער דאָס קראַנקע פעלד.

די זון האָט זיך געזעצט. דאָס ניט געראָטענע פעלד איז אויף אַ ווײַלע געוואָרן אָפּגעגאָסן מיטן קאָליר פון גרינלעכן בראָנז. עס האָט אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון נאָך שטאַרקער געגליט דער רויט אין די קאַכלנע דעכער, אויף די הײַזער פון די פּאָר נײַע דערפער, וואָס האָבן זיך ווי געוויגט אין פאַרנאַכטיקן ליכט.

איך בין אויפגעשטאַנען, מיט דער דעה צו גיין צוריק אין דאָרף אַרײַן.

זיי זײַנען בײדע מיטגעגאַנגען. זי האָט אַלע ווײַלע זיך אומגעקוקט צום פעלד, ווי אַ מוטער קוקט זיך אום, צי איר קינד גייט איר נאָך. בײדע האָבן געשוויגן. ווען אונזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט, האָט ער מיט אַ מעלאָדיש, טיפער שטימע געזאָגט:

— סטעפּ איז ניט קיין קינד. סטעפּ קאָן אָפטמאָל ווערן דײַן פרײַנד. מען באַדאַרף אים קענען מאַכן פאַר אַ פרײַנד.

---

גלי און מדברדיקער אָטעם איבער אַ געגנט, וואו עס כוואַליעט זיך נאָך דער געדיכט אויפגעגאַנגענער ווייץ. גלי און מדבר־הייסער אָטעם לאָזט ניט די זאַנגען אָנקוועלן מיט קערנער. האַלבער־טאָג. גיסט זיך איבער אין דער לופט פורפור און העל־רויט, געל און פאַרוועלקטער גרין און מיט דעם — פחד און פאַרזויסטונג.

דער נײַ אָנגעקומענער מענטש צום סטעפּ איז אומרויִק. מאַן און פרוי שטייען זײַט בײַ זײַט און קוקן צום פעלד און פרעגן איינס דעם אַנדערן:

— וועלן מיר שוין קיינמאָל קיין קערנדל פון אונזער פעלד ניט אַראָפּנעמען?

# נישט געדאגהט

יידן האָבן גענומען און זיך אָפּגעטאָן אויף טערקיש. גענומען און אַ נאָמען געגעבן אַ דאָרף: „נישט געדאגהט". עס ווילט זיך דאגהנען און מען מוז מאַכן אַ פריילעכן פּנים.

— נישט געדאגהט.

אַ סך מוט באַדאַרף מען האָבן איבערצולעבן די ערשטע פּאָר יאָר אין סטעפּ; אַ סך מוט באַדאַרף מען פאַרמאָגן צו בויען די היים אין אַזאַ שלעכטן זומער ווי אין אַכטאונצוואַנציקסטן יאָר.

— נישט געדאגהט.

עס האָבן נאָר נישט געדאגהט די קליינע קינדער, יינגלעך, מיידלעך, מיט די גאָלע פּופּקעס, וואָס אין הייסן סטעפּ איז דער באָרוועס אומלויפן אַ געשמאַקער. עס האָבן נים געדאגהט לפּנים ווען די פּאָר אידעאַליסטן, וואָס האָבן באַגעגנט דעם אַמעריקאַנער שרייבער, ווייל אין אַמעריקע, אַרום ניו־יאָרק, איז פאַראַן אַ זומער־היים פאַר קינדער פון אַרבעטער, וואָס הייסט „נישט געדאגהט", וואָס דאגהנען אַ ביסל פאַר „ניט געדאגהט", וואָס אין כערסאָנער סטעפּ, ביי אַ זעכציק ווייאָרסט פון אָדעס.

— נישט געדאגהט.

דאָס איז איינער פון די נייע צען געבאָטן אין ראַטנפאַרבאַנד. דאגהנען, טאָמער וועט נישט געלינגען; דאגהנען, טאָמער וועט מאָרגן קיין ברויט ניט זיין — דאָס איז איצטער „רעכטער אָפּנויג". פּשוט קאָנטר־רעוואָלוציע. דאגהנען איז סם־המות. מען מעג נאָך דאגהנען און אין דער אייגענער צייט בויען; דאגהנען און ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

— נישט געדאגהט —

מיינט ניט, אַז קנייפּן די באַקן כּדי אַ פּאַרב זאָל שטיין —

אַז צו דעם האָבּן זיך דערטראַכט בּלוט־אָרעמע מיידלעך. יאָ, אין ראַטנפאַרבּאַנד איז דאָס אויך איינער פון די נייע צען געבאָטן פאַר דעם מענטשן וואָס ווייסט, אַז אויף יענער זייט גרעניץ, אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, כאַפּט מען זיך אָפּט פאַרן קאָפּ:

— אַזוי לאַנג האַלטן זיי אויס! אַזוי לאַנג קען מען אַרומגיין ניט אַ ליידיקן מאָגן!...

— נישט געדאַגהט, אַלע שונאים אויף צעפּוקעניש; מיר זיינען אַרויס אויף דעם זיכערן וועג.

---

אַ שטאַרקער דרום־ווינט האָט געבּלאָזן און אויפגעווירבּלט דעם שטויב שוין אין די ערשטע צען קילאָמעטער הינטער אָדעס, פאַרנ־דיק אין אַ אָפענעם אַווטאָמאָבּיל, בּין איך געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ זייל שטויב. דער שטויב איז געהאַנגען איבּער דער געגנט און די, שוין אַזוי אויך האַלב פאַרבּרענטע פעלדער, האָבּן אויסגעזען, אַז אָט בּאַלד, בּאַלד גיבּן זיי זיך איינגאַנצן אונטער.

די געגנט אַרום אָדעס, אַז מען פאָרט אַרויס דורכן „פּערע־סיפּ", איז ניט קיין שטאַרק פריינדלעכע. דאָ און דאָרטן סימנים פון לעמאַן און סימנים פון מדבּרדיקייט. די קאָ־לאָניעס, וואָס איך בּין געפאָרן בּאַזוכן, ווערן בּאַדינט פון „אָרט" און „געזערד". אַ פאָרשטייער פון דער אָדעסער געזערד־אָפּטיילונג איז מיט מיר מיטגעפאָרן. פאַרשטייט זיך, אַז קאָלאָניעס ניט ווייט פון אַזאַ גרויסער שטאָט ווי אָדעס, האָבּן בּעסערע פּערספּעקטיוון. נאָר די שווערע צייט איז אונ־טערגעשפּרונגען אויף כערסאָנער ראַיאָן און די הייסע ווינטן האָבּן זעלטן וואו אויסגעמיטן אַ פּאַסיק ערד. דאָרט, וואו עס האָט נאָך געקעמפט מיט דער היץ און שטויב־שטורעם אַ קוקורוזע־פעלד — האָט עס ממש אָפּגעקילט און בּאַרויקט דעם בּליק. די שורה יידישע קאָלאָניעס ליגן צווישן פערציק און זעכציק ווערסט פון אָדעס. דער צווייטער יאָר זינט די יידישע איבּערוואַנדערער האָבּן זיך אַהין אַריבּערגעקליבּן. די דריי דערפער: „פעליקס־אָרט", „פרי־לינג" און „נישט געדאַגהט", ליגן עטלעכע ווערסט איינס פון אַנדערן, אַרומגערינגלט מיט ניט־יידישע דערפער.

אין פעליקסדאָרף איז אונז דער ערשטער אַרויסגעקומען באַגעגענען אַ איבערוואַנדערער מיט אַ שטיק ברויט אין האַנט. דאָס איז חלילה ניט געווען קיין ברויט מיט זאַלץ — אַ צייכן פון כבוד:

מען האָט דערקענט דעם אַווטאָמאָביל. באַזוכער קומען. אַמעריקאַנער און פאָרשטייער פון געזערד — האָט דער איבערוואַנדערער אַרויסגעבראַכט אַ שטיק ברויט, באַוויזן, וואָס פאַר אַ שלעכטע מעל מען האָט אַרויסגעגעבן די איבערוואַנדערער. און איך מוז זאָגן, אַז פון זאַמד קאָן מיין שוין אַ בעסערן ברויט אויסבאַקן. דער געזערד-פאָרשטייער האָט זיך געשפּירט אומבאַקוועם. מעל גיט אַרויס די רעגירונג. מען האָט אַלעמען אַרויסגעגעבן איינע און די זעלבע מעל און ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז אַזאַ ברויט זאָל אַרויסקומען?

עס זיינען אַרויסגעקומען נאָך עטלעכע ווייבער און אַלע מיט שטיקער אָפּגעזעסענעם ברויט און האָבן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל עס פאַרזוכן. איך האָב צוליב געטאָן און אָפּגעבראָכן אַ שטיקל ברויט און פאַרזוכט. דער עולם האָט אַ פּנים געוואַרט, איך זאָל זיך פאַרקרימען און אַ געשריי טאָן:

— געוואַלד, איר האָט מיך פאַרסמט!

זיי זיינען געווען אַנטוישט, ווען איך האָב דעם ביסן ברויט אַראָפּגעשלונגען און דערקלערט, אַז דער צומיש פון געריסטן-מעל און קלייַען צום ווייצענעם מעל איז אַ צו גרויסער, און אַן עצה געגעבן, אַז מען זאָל די מעל אַ ביסל איבערזיפּן.

— אין אַמעריקע עסט מען אויך אַזאַ ברויט? — האָט מיר אַ פרוי גאַנץ שטעכעדיק אַריינגעזאָגט.

איך האָב איר געענטפערט:

— אין אַמעריקע קייט מען שטיקער גאָלד; איז נאָך ערגער — מען צעבּרעכט זיך ממש די ציינער.

ניט געווען וואָס מקנא צו זיין די איבערוואַנדערער אין יענעם שטויביקן טאָג, וואָס האָט מענטש מיט ערד אויסגעמישט און פאַרשטעלט פאַר די אויגן אַלע האָפענונגען. דער דאָרף גופא איז אַן אָנזאָג אויף אַ בעסערער צוקונפט. אַ שיינע לאַנגע גאַס. יונגע אַקאַציע-ביימלעך פון ביידע זייטן גאַס. עס האָט דאָ אויך ניט געפעלט דער איינציקער אָפּטימיסט, וואָס האָט דעם עולם איינגענומען

און האָט זיך באַמיט אָפּצושוואַכן דעם אײַנדרוק, וואָס די איבערוואַנדערער האָבן געמאַכט מיט דער באַגעגעניש.

ער האָט זיך צום עולם געווענדט מיט מוסר:

— איר באַדאַרפט וויסן אונטערצושיידן פון גאַסט ביז גאַסט. אַז עס קומט אַ יידישער שרייבער פון אַמעריקע אונז צו באַזוכן, איז אַן עוולה, אַז מען לאָזט אים אַוועקפאָרן מיט דעם אײַנדרוק, אַז די הימלען זיינען אַראָפּגעפאַלן איבער אונזערע קעפּ. אַ שלעכטער יאָר ווייזט זיך. די רעגירונג גיט אַזאַ מעל ווי זי פאַרמאָגט. איך האָב געזאָגט אַ ידיעה, אַז דאָס איז אַ צופאַל מיט די מעל. קומענדיקע וואָך וועט אָנקומען בעסערע מעל. און אגב, פאַרגעסט ניט, חברים, אַז מיר זיינען דאָ צוויי יאָר. אַלע פּערספּעקטיוון זיינען צום בעסערן.

און ער האָט דערציילט און באַוויזן, וואָס מען האָט פאַר די פאָר יאָר אויפגעטאָן. געפירט אין לייענשטיבל. באַוויזן די שול. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער שטויב־שטורעם האָט אויך אַ ביסל נאָכגעלאָזן.

---

כמעט אַזאַ באַגעגעניש האָבן מיר געהאַט אין „פרילינג“. נאָר דאָ האָב איך זיי דערמונטערט מיט זייער אייגענעם נאָמען:

— סטייטש, פרילינג־לייט זאָלן זיך קלאָגן; סטייטש, פרילינג־לייט זאָלן אַרויסקומען מיט פאַראומערטע פּנימער!...

אין „פרילינג“ האָט מען שוין פאַרבעטן צו זיך אין שטוב אַריין. דאָ האָט מען געוואָלט מכבד זיין דעם גאַסט כאָטש מיט אַ גלעזל טיי. דאָ האָט מען שוין באַמערקט, אַז דער יידישער שרייבער איז גאָר אויך „קיין מענטשן ניט ענלעך“:

— זייט־זשע מוחל, קומט אַריין און וואַשט זיך אַרום.

— אַ מיידל האָט זיך פאַררויטלט און געזאָגט:

— וואַשט זיך אַרום, וועלן מיר כאָטש זען ווי אַ יידישער שרייבער קוקט אויס.

מען האָט מיך פאַרפירט אין אַ הויז, וואו אַ שטאָטישע מיידל האָט זיך באַזעצט און מאַכט פון „פרילינג־מילך“ געפרוירנס. דער באַלעבאָס, ביי וועמען זי וואוינט, איז אַן אַמאָליקער גרויסער סוחר.

די בּאַלעבּאָסטע האָט געזיפצט, ווען דער מאַן האָט דערציילט פון די אַמאָליקע צייטן. ער האָט זיך געוויצלט:

— אויב איר מיינט, חבר הירשביין, אַז איך וואָלט מיר געוואָלט אומקערן צום אַלטן, — מאַכט איר אַ טעות. דאָס שוין דווקא ניט. פאַר איין קליייניקייט: מיין יידענע, אין די גוטע יאָרן, האָט זי געוואוסט פון איין פאַרגעניגן — קרענקען... יאָר אַיין, יאָר אוים איז מען געפאָרן זיך קורירן. אדרבּה, פרעגט זי, אין יאָס פאַר אַ קוראָרט איז זי ניט געווען? בּיי וואָס פאַר אַ דאָקטוירים איז זי ניט געווען? זאָל זי אַייך אדרבּה ווייזן דעם פּאַק רעצעפּטן, וואָס זי האָט פון אַלערליי פּראָפעסאָרן. וואָלט איך איצטער פאַרמאָגן, וואָס די פּראָפעסאָרן האָבּן מיר אָפּגעקאָסט. וואָס פאַר אַ קראַנקהייט האָט זי ניט געהאַט? גאַלשטיינער, נירנקראַנקהייט, האַרצפעלער, צעצויגענע אַרטעריעס, אַ קראַנקע מילץ. אַ געשוואָלענעם לעבּער. אַ שלעכטן מאָגן... און איצטער, זינט מען האָט אָנגעהויבּן צו עסן שלעכטן בּרויט מיט קדחת; זינט מען האָט פאַרגעסן דעם טעם פון פליייש; זינט אַ שטיקל בּרויט מיט מילך איז אַ יום=טוב — האָט זי אויפגעהערט צו קרענקען; אוים מיט קוראָרטן; אויס מיט פּראָפעסאָרן — — — וואָס נישט, אפשר זאָג איך אַ ליגן?

האָט ער זיך געווענדעט צו זיין אָפּגעצערטער יידענע, מיט די גרויסשטעטישע סימנים אין דער בּלוי=בּלאַסער הויט פון לענגלעכן פּנים.

עס איז שווער צו זאָגן, צי עס ווירקט צום גוטן אויף די נייע דערפער די שכנות מיט אַזאַ שטאָט ווי אָדעס. פאַרשטייט זיך, אַז מען טאָר פון דעם ניט מאַכן קיין אויספיר און זאָגן:

— בּאַזועצן יידן וואָס ווייטער פון דער גרויסער שטאָט, כּדי זיי זאָלן זיך אַיינוואָרצלען אין נייעם דאָרף.

גיכער בּאַדאַרף מען זאָגן:

— אַז ווען אַ דאָרף איז נעענטער צום שטאָט, האָט ער אַ בּעסערע פּערספּעקטיווע ווען ער פירט אַ אינטענסיווע ווירטשאַפט און די פּראָדוקטן קען מען אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן אין צייט אָפּשיקן אין דער גרויסער שטאָט אַריין.

דערוויל, אין אַ שלעכטער צייט, ווען די גערעטעניש האָט גע־פעלשט; ווען עס שטייט ווידער פאַר אַ צייט פון אַקערן, זייען, הונגערן, גיין אָפּגעריסן, קינדער באָרוועס — אין אַזאַ צייט, ווען די גרויסע שטאָט איז ממש אונטער דער נאָז — פאַרשאַפט עס אומרויִקייט ביי דער יוגנט און די עלטערע טוען אויך אַ טראַכט:

— אָ, ווען מען קען זיך אַריבערכאַפּן קיין אָדעס!

---

— „נישט געדאַגהט!"

מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז דער נישט געדאַגהט וועט מקויים ווערן ניט נאָר צווישן די יידישע איבערוואַנדערער, נאָר אויך צווישן די, וואָס דאַגהנען צו פאַרדאַגהנען אַזויפיל נייטן צווישן די איבערוואַנדערער. דערווייליע היינטיקס יאָר, וואָס זאָגט צו הונגער (און מען וואָלט איצטער געוויס געהונגערט ווען די געזעל־שאַפטן מיט דער רעגירונג אינאיינעם וואָלטן אין צייט ניט אָנגע־הויבן צו דאַגהן פאַר דעם גורל פון די איבערוואַנדערער), היינטיקס יאָר האָב איך מיר אָנגעזעטיקט מיט זייערע דאַגהס. עס וועט מיר גענוג זיין. עס דערפרייען נאָר איינציקע דערפער, וואָס האָבן זיך געגרונטפעסטיקט אין סטעפּ מיט אַ פולע מאָס גלויבן, אַז דאָס וואָס זיי טרעטן צו צו בויען, איז דער בנין עדי עד... אין געוויסע דערפער, ווידער, באַגעגנט מען איינעם אָדער צוויי, די אָפּטימיסטן, וואָס פאַרשטעלן דעם וועג פאַר פינסטערע נביאות. דאָס טוען אַמאָל דווקא מענטשן פון עלטערן דור; דאָס קומט זייער אָפט פון מויל פון גלויביקע. ניט קיין חידוש, ווען מען טרעפט אַ גע־וועזענעם תבואה־הענדלער, אַ חשובן יידן פון זיין שטעטל, — וואָס איצטער קוקט ער אַרויס צום ניט געראָטענעם פעלד, אָדער צו דער געזעלשאַפט, צו דער רעגירונג — דווקא אַזעלכער שרייט אַריבער־דעם קאָפּ פון די צענדליקער יונגע:

— הערט זיי ניט, וואָס זיי ריידן, זיי זיינען די קלאָגערס און די וויינערס, ברויט פעלט זיי. גיט זיי ברויט, וועלן זיי קלאָגן אויף עפּעס אַנדערש.

עס שטייט מיר פאַר די אויגן אַ עלטערער ייד, אין אַ יידישן דאָרף אַרום שלום־עליכם, וואָס האָט זיך צעשריען אויפן גע־

זעמל מענטשן, וואָס האָבּן אָנגעהויבּן פאַר מיר אויסגיסן דאָס בּי־טער האַרץ. אַ עלטערער ייד מיט אַ גרויער בּאָרד, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, איז פּלוצלונג אַרויסגעשפּרונגען ווי אַ אמתער מוכיח:

— שעמען בּאַדאַרפט איר אייך און ווייטן האַלז אַריין אַזוי צו ריידן! זאָל אייך דער גאַסט זאָגן, וואו נאָך אויף דער וועלט איז פאַראַן אַזאַ רעגירונג ווי אונזערע, וואָס האָט זיך אָנגענומען מיט אַלע כּוחות אויסצוואָרצלען די שנאה אַרום אונז? אַ יעדן ייד, וואָס וויל ווערן אַ פּויער, גיט זי אומזיסט ערד און נאָך אַ סך צו דער ערד. וויפל די רעגירונג קען, זאָרגט זי איצטער אויך פאַר אונז. הערט, יידישער שרייבּער, וואָס איך זאָג אייך — נאָר איצטער, אין דער רגע. זיינען מיר אין אַ שווערער לאַגע — קיין בּרויט איז ניטאָ. זאָל בּיי אונז ווערן בּרויט — זיינען מיר אויסגעלייזטע. איר הערט? אויסגעלייזטע!

דאָרף אויף דאָרף איז ניט ענלעך אין כאַראַקטער, ווי מענטש אויף מענטש איז ניט ענלעך אין כאַראַקטער. פאַר „נישט געדאַגהט“ פּאַסט זיך דער נאָמען. און אפשר ווירקט שוין דער נאָמען אויף דער פּסיכאָלאָגיע.

מיט דעם אייגענעם שטויב־שטורעם בּין איך אָנגעקומען אין נישט געדאַגהט אַריין. אַ יונגער דאָרף, נאָך ניט אינגאַנצן אויס־געבּויט. אייניקע הייזער אָן דעכער. דאָ זיינען די אָפּטימיסטן אַרויס אין פאָדערגרונט.

— וואָס הערט מען עפּעס אין ניט געדאַגהט?

— מען וואָלט אין „נישט געדאַגהט“ טאַקע נישט געדאַגהט, נאָר עס פעלט אויס בּרויט און אַ סברה, אַז אונזערע פעלדער האָבּן געמאַכט יד אחת, דעם יידישן איבּערוואַנדערער פאַרשפּאָרן די מירהה, אַראָפּצופירן די תּבואה צום האַרמאַן.

דאָ, אין „נישט געדאַגהט, דערפרייט מען זיך מיט דעם אַמע־ריקאַנער שרייבּער, ווייל אין אַמעריקע איז פאַראַנען אַ זומער־היים פאַר קינדער פון יידישע אַרבּעטער, וואָס הייסט „נישט געדאַגהט“, און ווילע יענע „נישט געדאַגהט“ דאַגהט פאַר דער היגער „נישט

געדאַגהט". מען פירט מיך באַווייזן דעם טראַקטאָר, וואָס די אַמע־ריקאַנער „נישט געדאַגהט" האָט געשיקט פאַר די יונגע פויערים פון כערסאָנער „נישט געדאַגהט".

— אַי, אַמעריקע, אַמעריקע, ווען מען זאָל נאָר דאָרטן וויסן וואָס אַ טראַקטאָר קען אויפטאָן אין יידישן דאָרף! — דאַכט מיר — אַז בײַ אײַך אין אַמעריקע רעגנט עס מיט טראַקטאָרס און מיט דרעש־מאַשינען און מיט וואָס ניט...

מען האָט זיך בײַ מיר נאָכגעפרעגט אויף דער אַמעריקאַנער „נישט געדאַגהט":

— בײַ אײַך, אַז מען רופט זיך אַליין אָן מיט אַזאַ נאָמען, איז עס טאַקע פאַר גאָלן פאַרגעניגן ווענן. „נישט געדאַגהט", מיינט טאַקע בײַ אײַך ווי אין פּסוק שטייט: לי הכסף ולי הזהב — איך האָב די טראַקטאָרס און די דרעש־מאַשינען און טאַקע דאָס ביסל קלינגערס אויך.

פונדעסטוועגן האָט מען מיט מיר זיך געהאַלטן אַן עצה, צי וואָלט עס פּאַסיק געווען; צי הייסט עס ניט — „צופיל קריכן אין די אויגן אַריין"; צי וועט מען דאָרט ניט זאָגן חלילה: „אַ יידן, אַז מען ווייזט אים אַ פינגער, בעט ער די גאַנצע האַנט"; און אפשר קען מען דאָרטן פּשוט אַזאַ טאָן: „שנאָרער — גיי לאָז זיך אַריין מיט שנאָרער". און אפשר קענען זיי זאָגן, אַז דאָס איז שוין אַ חוצפה — „איינעם גאָר און דעם אַנדערן גאָרנישט". און אפשר איז טאַקע אַן עוולה, נאָכדעם ווי מען האָט שוין באַקומען פון זיי אַ טראַק־טאָר, זאָל מען איצטער פאָדערן?...

— ווי מיינט איר, חבר הירשביין, זאָלן מיר, דאָס הייסט „נישט געדאַגהט", זיך ווענדן צו אײַער „נישט געדאַגהט", זיי זאָלן אונז אַרויסשיקן, כ'מיין פאַר אונזער „נישט געדאַגהט" אַרויס־שיקן אַ דרעש־מאַשין? ווי מיינט איר, חבר הירשביין?

פאַרשטייט זיך, אַז מיר איז דער פּלאַן גרייליך געפעלן גע־וואָרן. וואָרעם וואָס קען עס שאַטן, אַז אַן אַמעריקאַנער „נישט גע־דאַגהט" זאָל אָנטאָן אַ נחת־רוח דער היגער „נישט געדאַגהט"? קיין ברויט איז ניטאָ דערווײַלע; קיין נחת איז פאָרלויפיק ניטאָ, דער איינציקער נחת איז דער טראַקטאָר, וואָס בינד אַרום זיך די

איבּערהאַנדערער; די איבּערוואַנדערער בענטשן אים און בּענטשן דער אומבּאַקאַנטער אַמעריקאַנער „נישט גערדאַגהט“ פאַר דעם, וואָס מען דאַגהט פאַר דער היגער קאָלאָניסטישער „נישט גערדאַגהט“.

איך האָב מסכּים געווען און אויסגעפּילט זייער בּקשה, אָנצושרייבּן אַ בּריוועלע קיין ניו־יאָרק, צו דער קינדער־קאָלאָניע „נישט גערדאַגהט“ און געבּעטן צו דאַגהן פאַר דער „נישט גערדאַגהט“ אין ראַטנפאַרבּאַנד. היות ווי דער טראַקטאָר האָט אַ סך דאגות אַראָפּגענומען פון קאָפּ און פאַרקערט, אַ סך חברישקייט אַריינגעטראָגן צווישן די פּויערים — בּכן זאָלן זיי דאָרטן אַראָפּנעמען די האַנט פון האַרצן און צושיקן אַ דרעשמאַשין, אויך ספּעציעל פאַר „נישט גערדאַגהט“.

ווייל, נישט גערדאַגהט! אַ צייט וועט קומען, ווען „נישט גערדאַגהט“ וועט קענען בּאַלוינען אונזערע אין אַמעריקע.

אַז איך האָב מיך אומגעקערט צוריק קיין אָדעס און אַראָפּגעוואַשן פון זיך דעם שוואַרצן שטויבּ, וואָס האָט מיין פּנים געמאַכט אויסזען ווי אַ רויע גרודע ערד; אַז איך האָב אַ בּיסל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון דעם שווערן און אָנגעשטרענגטן טאָג, וואָס האָט מיך זאַט געמאַכט מיט אַ סך ביטערניש, האָב איך אין מיין טאָג־בּוך פאַרצייכנט:

יולי 2.

...דער שטויבּ וואָס האָט זיך געלייגט אויף מיין הויט פאַר היינטיקן טאָג — ער איז מיר ליבּ. מאַמע־ערד האָט אויפגענומען אונזערע לייט מיט אַ בּרוגזן פּנים. זי וועט שמייכלען מיט ליבּשאַפט, ווייל אין איר זייען מיר קערנער פון אונזער האָפענונג...

---

# פֿון שדי־מנוחה ביז קאַלינינדאָרף

עטאַפּן אין דער יידישער ווירקלעכקייט. מערקשטיינער אויף אַלטע וואָגלווענ. איך זוך זיי די לעצטע יאָרן. ליב צו געפֿינען אָאַזיסן אין מדבריות, וואָס אויך יידישע הענט האָבן אַ חלק אין זייער לעבן.

הונדערט צוואַנציק יאָר זיינען אַוועק, זינט די אַרויסגעשיקטע יידן פֿון די דערפֿער אין די מערב־גובערניעס האָבן דערגרייכט די ברעגעס פֿון אינגולעץ אין דרום. אין כערסאָנער גובערניע אין דאָ, ביי די ברעגעס פֿון אינגולעץ, האָבן זיי אָנגעהויבן גראָבן די ערשטע קברים. יאָ, מיט דעם האָט זיך עס אָנגעהויבן אין די צייטן פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, נאָך דער פֿונאַנדערטיילונג פֿון דער פּוילישער קיניגרייך. ניט בעסער האָט זיך געלעבט יידן אונטער פּוילנס ממשלה. עס האָט דאָך נאָך די יעמאָלטיקע פּוילישע רעגירונג אַרויסגעלאָזן אַ באַפֿעל, אין טויזנט זיבנהונדערט אַכטאונזעכציק, וואָס פֿאַרווערט דעם יידן צו פֿאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפֿט, ווען אַפֿילו ער שמדט זיך. און שפּעטער, אונטער דער ממשלה פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, איז דער בליק אויף יידן ניט געווען קיין בעסערער. עס פֿאַלט דאָך צונויף דאָס גרינדן פֿון די יידישע קאָלאָניעס ביים אינגולעץ מיט נאַפּאָלעאָנס מלחמות און יעמאָלט האָט דאָך דער רוסישער הייליקער סינאָד אַרויסגעלאָזן אַן אויפֿרוף צום „פּראַוואָסלאַוונעם פֿאָלק“, אויפֿצושטיין און גיין זיך שלאָגן מיט נאַפּאָלעאָנען, דעם פֿאַלשן משיח, וואָס האָט שוין אויפֿגעשטעלט דעם יידישן סנהדרין, דער אייגענער סנהדרין, וואָס האָט פֿאַרמשפּט און געקרייציקט דעם הייליקן זון — קריסטוסן... יעמאָלט האָט מען געוואָלט לייזן די יידישע פֿראַגע. צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס מען האָט אַרויסגעיאָגט פֿון די דערפֿער, האָבן זיך געשטיקט אין די שטעט. און אַזוי האָט מען זיי פֿאַרשיקט צו ערד־אַרבעט. פֿינף

חדשים האָט געדויערט דער וועג פון מאָהילעווער גובערניע, ווייס־רוסלאַנד, ביז צו די ברעגעס פון אינגולעץ. ניט דאָ איז דער פּלאַץ אויסצושרייבן די ליידן, וואָס די אַמאָליקע וואָגלער האָבן אויסגעשטאַנען. איך בין איצטער נאָר אויסן איבערצוגעבן מיינע אײַנדרוקן פון „שדי מנוחה" (איצטער „קאַלינינדאָרף") ווי איך האָב דעם גרויסן יידישן דאָרף געפונען, מיט הונדערט און צוואַנציק יאָר שפּעטער.

מען אַנטוויקלט איצטער די טעאָריע, אַז פאַרן יידישן אָרגאַניזם איז גוט דאָס אומקערן זיך צו ערד־אַרבעט; אַז די יידישע נערוון וועלן דערפון פאַרשטאַרקט ווערן. באמת זיינען אונזערע שוואַכקייטן געוואָרן אונזערע שטאַרקייטן. דער שטאָטישער ברוק איז געוואָרן דער וויכער טעפּעך אונטער אונזער טראָט. צו לאַנדווירטשאַפט איז פאָרלויפיק דעם יידן שווער געווען איבערצוגיין. און מען מוז זאָגן, אַז ביז איצטער איז ניט געווען די נאָרמאַלע געלעגנהייט. ביז דער ראַטנמאַכט איז נאָך קיין שום רעגירונגס־גוטער ווילן די יידישע מאַסן ניט געקומען אַנטקעגן.

געגנוג צו דערמאָנען, אַז אין דער יידישער פאָלקסשפּראַך ווערט מיטן נאָמען „פעלד" באַצייכנט אַ בית־עולם. מען איז געגאַנגען אויפן פעלד „קברים אײַנרייסן". מען איז אַוועק „פעלד מעסטן" — דאָס מיינט אויסצומעסטן דעם בית־עולם מיט באַוולנע פעדים און פון די פעדים שפּעטער מאַכן קנייטן פאַר וועקסענע ליכט; אַ סגולה, אַ חולה מסוכן אויפצושטעלן אויף די פיס. אין אַ ערד אַריין האָט אַ יידיש קינד אַריינגעקוקט ביי אַ קבר גראָבן.

זאָגט מען דאָך ביי יידן:

— דאָס וואָס די ערד נעמט צו, קערט זיך צוריק ניט אום.

אָ, ווי צופרידן די ערד איז אָפּצוצאָלן כפל־כפלים! דאָס וועלן זאָגן פויערים, וואָס גלויבן, אַז אויסער ערד־אַרבעט, איז קיין איין רעאַלע באַשעפטיקונג ניטאָ. ווי עס האָט אויסגעדריקט איר חידוש פאַר מיר אַ דייטשע פויערטע אין קרים:

— וואָס מאַכן זיי, די מענטשן אין שטאָט? דאַכט מיר, אַז אויסער דער ערד געפינט מען ניט מיט וואָס זיך צו דערנערן. אַלץ אַלץ גיט אונז די ערד...

און בײ אונז:

— וואָס די ערד נעמט צו, קערט זיך צוריק ניט אום.

מיסטיש פאַרוויקלט איז אונזער פּסיכאָלאָגיע אין דער באַציִונג צו דער ערד. און דער איבערגאַנג פון שטאָטישן ברוך צום פעלד איז אַ ווײטער מהלך, ווי עס איז ווײט דער מהלך פון ווענן תבואה, — ביז צו אַקערן, זײען, שנײדן, דרעשן און ברענגען די תבואה ביז צו דער וואָג.

פון „שדי מנוחה" ביז צו „קאַלינינדאָרף" איז אַ פײנער מאַרשרוט. און אויך אַ ווײטער עטאַפּ פאָראויס אין דער ײדישערווירקלעכקײט. די אַלטע אַקאַציע־בײמער בײ די הײזער פון די קאַלינינדאָרפער ײדישע פויערים — פאַר זײ איז אפשר קײן אונטערשײד ניט, צי עס איז געווען אין רוסלאַנד אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, ווי עס איז דעם טײך אינגולעץ, וואָס וואַשט דעם ברעג פון דער ײדישער קאָלאָניע, קײן אונטערשײד ניט. נאָר ווײל מיט אַריבער הונדערט יאָר צוריק האָבן די זײדעס פון שדי מנוחה און איצטיקן קאַלינינדאָרף געשיקט אַ פּעטיציע צו דער מאַכט מען זאָל זײ באַפרײען פון ערד־אַרבעט:

— „ווײל מיר ײדן זײנען אַ פאָלק, וואָס איז ניט געוויינט צו ערד־אַרבעט, און פון זינט אָן עס האָט געקיניגט דער קלוגער מלך דוד האָבן מיר זיך כסדר פאַרנומען מיט אַלערלײ געשעפטן, נאָר ניט מיט ערד־אַרבעט"... — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — און איצטער, מיט הונדערט יאָר שפּעטער, זיץ איך אין דעם אײגענעם ײדישן דאָרף, אין ײדישן ראַיאָנעם ראַט, וואָס מיט אים זײנען פאַרבונדן נאָך ײדישע דערפער פון יענע אַלטע צײטן און אויך נײע ײדישע דערפער, וואָס זײנען שוין דער נײער עטאַפּ צו אַ העלער ײדישער צוקונפט אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד.

---

די שאַרפע אומרויִקײט צוליב דער טריקעניש, וואָס איך האָב געפונען אין די נײע ײדישע דערפער פון אײגענעם כערסאָנער ראַיאָן, אַ אומרויִקײט וואָס איז ערטערווײז איבערגעגאַנגען אין אַ פּאַניק — אין קאַלינינדאָרף האָט מען עס ניט געשפּירט. די קאַלינינדאָרפער זײנען אויסגעפּרוּווטע פויערים און ווײסן, אַז אויב אַ שווערער יאָר

יוקט זיך אונטער אין היינטיקע צייטן, ווערט מען אים איבערקומען.
און זיי גלויבן שוין אויך, אַז די אייגענע רעגירונג, וואָס האָט
ביי אַ סך פויערים, בעל-גופים, אָפּגעשניטן שטיקער לאַנד און אַוועק-
געגעבן צו אָרעמע — זיי ווייסן, אַז די אייגענע שטרענגע רעגי-
רונג וועט ניט פאַרלאָזן אין צייט פון נויט. עס קען זיך שוין
היינט ניט איבערחזרן די לאַגע פון יאָר טויזנט אַכטהונדערט און
דרייצן, ווען די דאָזיקע קאָלאָניעס ביים אינגולעץ זיינען געלעגן
באַגראָבן אונטערן שניי; בהמות זיינען געפרוירן געוואָרן און מענטשן
זיינען אומגעקומען פון הונגער און קעלט אין זייערע ניט באַהייצטע
הייזער און די רעגירונג האָט פון דעם ניט געוואָלט וויסן. ניין, ווי
שטרענג די היינטיקע מאַכט זאָל ניט זיין, אָבער זי האָט אין זינען דעם
פויער, און אַזוי קען זיך אויך מער ניט איבערחזרן די לאַגע פון צוויי און
צוואַנציקסטן יאָר, ווייל איצטער גיט אויך די רעגירונג אַרויס ברויט.

דער דאָרף ציט זיך אַוועק לענג-אויס ביים ברעג אינגולעץ.
די ביימער פון ביידע זייטן גאַס און דער בלוילעכער אינגולעץ,
וואָס שטרוימט ביים זוים פון דאָרף, דאָס מאַכט קאַלינינדאָרף
אויסזען ווי אַ אָאַזיס אין אַ מדבּרדיקער געגנט.

שבת. אין קאַלינינדאָרף, ווי אין אַלע אַנדערע יידישע דערפער,
אַפילו אין די נייע — איז דאָס דער רו-טאָג. די וועלט האָט זיך אַרויס-
געלאָזן אין דער ברייטער גאַס צו באַקענען זיך מיט די געסט. אין
די פריערדיקע צייטן, אין די „שדי-מנוחה“-צייטן, איז דער דאָרף
געווען רוסיפיצירט. און איצטער אויך, די דערוואַקסענע מיידלעך
און בחורים ריידן ליבערשט רוסיש. אָבער זינט פון שדי מנוחה איז
געוואָרן קאַלינינדאָרף, מיט אַ יידישן ראַיאָנעם ראַט, די שולן יידישע—
אַז איר באַגעגנט יינגערע שול-קינדער, ריידן זיי שוין אַליין צו
אייך אויף יידיש. דאָס איז ווידער אַ נייער מערק-צייכן; אַ פרייד־יקער
עטאַפּ אין דער יידישערווירקלעכקייט.

מען פאַרבעט אין די הייזער אַריין. פאָלקסטימלעך. דאָרפישע
פשוטקייט. דער דאָרפס-מענטש לערנט זיך אויס צו ריידן הויך; דער
דאָרפס-מענטש האָט ליב צו הערן זיינע אייגענע רייד. טאַטעס און
בנים; מאַמעס און טעכטער — אויף זיי אַלעמען בלאָזט דער נייער ווינט;

זײ אַלעמען רעגט די נײע צײט, וואָס האָט אין דעם ראַיאָן אַרײנגע־בראַכט יידישע איבערוואַנדערער און מיט זײ — אַ טרוקענעם יאָר.

פאַרשײדענע מײנונגען קען מען הערן צווישן די אַלטגעזעס־סענע קאָלינינדאָרפער. עלטערע קאָלאָניסטן, וואָס גלויבן ניט אין נײעם שטײגער, מורמלען:

— וואָס קען מען האָבן פון דער ערד, אַז ערד גיט מען ווינציק. צוּוואַקסן זיך קען מען ניט. די רעגירונג וויל מען זאָל זײן אָרעם.

אַז איר זאָגט אים:

— מען האָט בײ אײך אָפּגעשניטן אַ שטיקל ערד, כּדי דער, וואָס האָט גאָרניט געהאַט, זאָל אַ שטיקל ערד האָבן און די רע־גירונג גיט דאָך אומזיסט אַוועק די ערד צום אָרעמען באַטראַק. ענטפערט ער:

— אַזוי האָט כאָטש אײנער געהאַט און איצטער האָט קײ־נער ניט.

אַזאַ אײנער גלויבט ניט אין אײניקײט. גלויבט ניט אין נײע פּירונגען. ער ווײזט אָן אויפן יידישן דאָרפסראַט ווי אויף אַ נעסט פון ניט־פאַרגינער. אַזאַ אײנעם איז אפשר ליבער געווען יעמאָלט, ווען עס איז געקומען צו אים דער שטרענגער טשינאָווניק, זשאַנדאַר, אָדער פריסטאַוו און „געקוקט אין זײנע הענט אַרײן“, אָדער אים באַוויזן דעם אָרט וואו אײנצושטײן...

איצטער, אײגענע בחורים; יידישע יונגעלײט, טשינאָווניקעס און אַזוי שטרענג! אַן אײגענער „שנעק“ קען אַרײנקומען און לײגן אויף דיר אַ שטראָף, אַלמאַי אַזוי און אַלמאַי ניט אַזוי...

---

דער אינגולעץ ווײס פון קײן חכמות ניט. איך האָב מיך אין אים פײן אויסגעבאָדן. עס איז ממש געווען אַ פאַרערונג פון יינגערן דור:

— טטײטש, איר זײט בײ אונז און איר וועט זיך ניט אויס־באָדן אין אונזער טײך!

מײן געמיט האָט זיך אויך אויסגעבאָדן אין דער אַלטגעזעסענער קאָלאָניע. איך האָב פון איר געהערט נאָך פאַר דער מלחמה, יעמאָלט ווען פונדערווײטנס האָט עס געקלונגען ווי אַ מעשה. אַז שוין אַריבער

ונדערט יאָר זיצן יידן בּיי דער ערד. עס איז איצטער געווען דער ייגענער חידוש צו געפינען זיי אויף דעם אָרט. דאָ מוז מען גלייבּן ין דעם כּוח פון מאַמע ערד, אַז זי האָט אירע פאַרבּאָרגענע שטריק ון חייסט ווי אַזוי צוצובּינדן צו זיך קינדער פון אַ פאָלק, ווי עס יז געשריבּן אין דער אַמאָליקער פּעטיציע:

— „דאָס יידישע פאָלק האָט זיך ניט אָפּגעגעבּן מיט ערד־אַרבּעט ינט עס האָט געקיניגט דער קלוגער מלך דוד".

דער שבּתדיקער עולם אין גאַס איז געוואַקסן און איך האָבּ אליין ניט בּאַמערקט, ווי איך בּין געווען אין אַ רעדל פון הונדערט שבּתדיקע יידן. מען האָט דערטאַפּט אַן אַמעריקאַנער שרייבּער און ען האָט אַליין ניט געוואוסט, צי זאָל מען זיך קלאָגן, צי זאָל מען אָדערן; צי זאָל מען גאָר אים עפּעס דערציילן. און אפשר זאָל ער עפּעס דערציילן. עס האָבּן זיך די מיינונגען געטיילט. דער אַלטער יוד האָט געוואָלט אַראָפּריידן פון האַרצן אַלע עוולות וואָס זיי האָבּן אויף דער יוגנט געפונען.

אַ ייד, מיט אַ שיטער, גרוי בּערדל, אין שבּתדיקע בּרילן אויף ער שפּיץ נאָז פרעגט:

— ווי איז דאָס אין אַמעריקע, אויך די יוגנט מיט אַמאָל ווילד געוואָרן?

— די יוגנט איז שטענדיק ווילד, זיידעשי — זאָג איך אים — און דעריבּער קריגט די יוגנט אַזוי גרינג אַ כּלה.

האָט ער פאַרשטאַנען מיין געדאַנק אויסגעצייכנט... און עס פאַרטייטשט:

— אוודאי זייט איר גערעכט, די מיידלעך זיינען ניט בּעסער פון די יינגלעך.

און כּמעט אַלע זאָלן הערן, זאָגט ער מיט אַ סוד אויפן אויער:

— אַז פון גאָט לאַכט מען אָפּ; מען שטעלט אים אַרויס אַ פייג.

— אַ פאַרפאַלענער עסק — מישט זיך אַריין אַ יינגערער — זאָלן נאָר גערעטענישן זיין.

— ווי וועלן שוין זיין גערעטענישן, אַז מען שטעקט אים אַרויס אַ פייג — עקשנט זיך דער עלטערער — אוודאי, דערפון נעמט זיך די טריקעניש.

די נייע איבערוואַנדערער האָבן די טריקעניש געבראַכט. אַ קלימאַט טראָגט מען איבער.

— זיי קומען דאָך פון די קאַלטע געגנטן אַהער, האָט דאָך באַדאַרפט, פאַרקערט, דאָ ווערן קעלטער?

— דאָס טענה איך דאָך, אַז מען שטעלט אים אַרויס אַ פייג־טוט ער אָפּ אַ צו־להכעיס.

— מען געדענקט שלעכטע יאָרן נאָך איידער די סאָוועטישע מאַכט איז געווען — שטעלט זיך אַ יונגערמאַן איין — ווי האָט איר עס פאַרגעסן טריקענישן פון אַמאָל?

— זאָג איך דיר, אַז עס וועט טויגן אויף כפרות, זאָג איך דיר... איצטער איז אַן אַנדער מעשה. אַן אַנדער טריקעניש. דאָס אייגענע זאָגן די ניט־יידישע פויערים אויך.

— זיי זאָגן דאָך, אַז יידן האָבן די טריקעניש אַראָפּגעבראַכט.

— אוודאי — דאָס זאָג איך אויך.

אַלט בלוט און יונג בלוט. די אַלטע קאָלאָניסטן טראָגן אין האַרצן אַ געוויסע אומפריינדלעכקייט צו די נייע איבערוואַנדערער, וואָס ווי זייערע זיידעס אין די ערשטע יאָרן, דאָ אַרום אינגולעץ, קומט די נייע אויס איבערצולעבן שווערע צייטן. דאָס איז דערוויל די אומנאָרמאַלע דערשיינונג. מעגלעך, אַז די אַלטע יידישע קאָלאָניסטן טראָגן צום איצטיקן יידישן איבערוואַנדערער די אייגענע אָנגעצויגנקייט פון דעם אַלטן, ניט יידישן פויער, ווענען עס דאַכט זיך אויס, אַז די מאַכט האָט ביי זיי אָפּגעשניטן שטיקער לאַנד, כדי עס אָהעקצוגעבן צו די יידישע איבערוואַנדערער. דאָ ווייזט זיך אַרויס דער „אַליין פאַר זיך“, מיט וועלכן עס לעבט דער פויער בכלל און דער יידישער בפרט.

— וואָס זאָגט איר אויף אונזערע נייע דערפער -- פרעג איך אַן עלטערן פויער — ניט שיין, דאָס וואָס מען בויט פאַר זיי אויס לייטישע הייזער און מען העלפט זיי צו שטעלן זיך אויף די פיס?

— וועלן זיך קיינמאָל ניט שטעלן אויף די פיס, טאַקע דערפאַר, וואָס מען בויט פאַר זיי לכתחילה שיינע הייזער. מען באַדאַרף זיך וואַלגערן די ערשטע יאָרן אין זעמליאַנקעס.

מיר איז דאָס איסגעקומען אומדערוואַרט. פאַרקערט, איך האָב גע־
ינט, אַז ער וועט מיר זאָגן, אַז אוודאי איז איצטער בעסער ווי אַמאָל.
ו אוודאי באַדאַרף אַ פויער תיכף קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ. מעג־
עך, אַז אין דעם ליגט ניט־פאַרגינערישקייט. אַזעלכעס האָב איך
נהערט פון ניט־יידישע פויערים — וואָס טייטן מיט די פינגער אויף
י יידישע דערפער:

— הייזער שיינע וועלן זיי האָבן — ברויט ניט. אַ פויער
ייבט ניט אָן פון הויז.

מיר איז קלאָר געוואָרן, ווי ווייט די נייע דערפער בויען זיך
ויף בעסערע יסודות. דאָ און דאָרטן מערקט מען געזעלשאַפט־
עכקייט, וואָס וואַקסט זיך פונאַנדער מיט דער נייערווירטשאַפט.
ין פיל פון די נייערע דערפער איז אָנגעצייכנט אַ נאָרמאַלערע צוקונפט.

---

אַראָפּ דאָרף, ביים וואַסער, האָב איך אָנגעטראָפן אַ גרופּע
כט־צען־יאָריקע מיידלעך. געגאַנגען אין אַ שורה אונטער די הענט.
יי האָבן אַלע אָנגעשטעלט אויף מיר נייגעריקע אויגן. איך האָב
יי פאַרשטעלט דעם וועג:

— זאָגט מיר, מיידלעך, איר זייט אַלע דאָ געבוירן געוואָרן?

— ווייסט ווי דען? וואו האָבן מיר דען געקענט געבוירן ווערן?
האָט מיר די מיטלסטע, אַ שוואַרצחנעוודיקע, געענטפערט.

— לערנט איר זיך אַלע אין שול?

— ווייסט ווי דען; אַלע לערנען מיר אין שול — האָט אַלע
יי אייגענע געענטפערט.

— ווער איז דער בעסטער מענטש אין לאַנד?

— געווען דער בעסטער מענטש אויף דער וועלט — לענין.
איז ער געשטאָרבן. איצטער איז דער בעסטער מענטש קאַלינין.
דעריבער האָט מען אַ נאָמען געגעבן אונזער דאָרף קאַלינינדאָרף.

אַזוי ווייסן שוין צו ענטפערן קינדערלעך געבוירענע נאָך דער
אָקטיאַבר־רעוואָלוציע.

די אייגענע קינדערלעך האָבן מיר געזאָגט, אַז ווען זיי וועלן
אויסוואַקסן גרויסע, וועלן זיי אַלע זיין אין איין קאָלעקטיוו און
וועלן מאַכן, אַז גאַנץ קאַלינינדאָרף וועט זיין איין גרויסער קאָלעק־

טיוו... און קאַלינינדאָרף וועט זיך יעמאָלט אַוועקציען אַזוי ביים ברעג אינגולעץ, אַזש ביז צו דער קאָלאָניע באָבראָווי קוט, פיר וויאָרסט פון דאַנען.

— ווייסט איר פון איינעם אַ פּאָעט, וואָס איז געבוירן געוואָרן דאָ, ניט ווייט פון קאַלינינדאָרף, טאַקע אין באָבראָווי קוט?

האָבן אַלע פינף מיידלעך זיך דורכגעקוקט. געקלערט, געקלערט און די סאַמע ערשטע האָט געענטפערט:

— מיר ווייסן נאָך ניט.

---

באָבראָווי קוט... באָבראָווי קוט...

מיר האָט דער נאָמען באָבראָווי קוט אַ טיאָכקע געטאָן ביים האַרצן. פיר וויאָרסט אינגאַנצן פון קאַלינינדאָרף. אַ קאָלאָניע וואָס האָט זיך געגרינדעט מיט הונדערט און צוואַנציק יאָר צוריק. נאָר דער נאָמען באָבראָווי קוט און דער טייך אינגולעץ טראָגט אַוועק מיין זיכרון אויף גאַנצע דרייסיק יאָר צוריק, יעמאָלט, ווען פלוצלינג, פון דער רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור, איז אַריבער צו דער יידישער ליטעראַטור און שפּראַך דער יעמאָלטיקער נאָך באַרימטער דיכטער ש. פרוג. דאָ ביים אינגולעץ איז ער געבאָרן געוואָרן. אין באָבראָווי קוט האָט ער פאַרבראַכט זיין אָרעמע יוגנט. ביים ברעג אינגולעץ האָט זיך אָנגעהויבן זיין יידישע נאַציאָנאַלע בענקשאַפט.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. אַ טוי האָט זיך אייפגעהויבן איבער דעם אינגולעץ. איך האָב מיר געלאָזט באַרג-אַרויף, באַרג-אַראָפּ ביים ברעג טייך אַהין, קיין באָבראָווי קוט. די געגנט איז זייער פּאָעטיש. אַ סך ווייכקייט אין די קאָנטורן וואָס בויגן זיך אויס אין דער צעבראָכענער געגנט, וואו דער אינגולעץ ישלענגלט זיך. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן דריי דערוואַקסענע מיידלעך, וואָס האָבן פון באָבראָווי קוט געשפּאַצירט קיין קאַלינינדאָרף. געזונטע מיידלעך, בלוט און מילך. שוואַרצע, בלויע און גרויע אויגן. שוואַרצע, שאַטען און בלאָנדע האָר — פילפאַרביק, פולבלוטיק.

— פון באָבראָווי קוט?

— פון באָבראָווי קוט.

— טאַקע באָבראָווי קוטער?

האָבּן זיי אַלע זיך צעלאַכט אויפן הויכן קול.

— נו, גוט. עס טוט מיר הנאה, וואָס יידישע טעכטער קענען אַזוי געשמאַק לאַכן. זאָגט זשע־מיר, וואָס פאַר אַ פּאָעט, דער־ציילט מען, איז בּיי אײַך אין בּאָבּראָווי קוט געבּוירן געוואָרן?

— אַ פּאָעט?...

— אַ פּאָעט?...

— אַ פּאָעט?...

— אין בּאָבּראָווי קוט?

— ניין, איר מאַכט אַ טעות.

— אוודאי מאַכט איר אַ טעות.

— עמעצער האָט אײַך אפּגענאַרט...

און אַלע האָבּן מיר אָנגעקוקט מיט אַזאַ מיטלייד, אַז מיר האָט פאַרדראָסן, צוליב וואָס איך האָבּ מיט מיין פראַגע איבּערגע־ריסן זייער נאַטירלעכן געלעכטער.

אין דעם איז אויך דערוויל שולדיק די נייע צייט, וואָס האָט מיט אַזאַ גבורה פאַרפלאַנצט די שכחה צו אַ סך ענינים. איך בּין זיכער, אַז אין בּאָבּראָווי קוט געדענקט נאָך געוויס דער על־טערער דור פרוג. און אויך אַ סך פון יונגן דור ווייסן, אַז פון זייער דאָרף איז אַרויסגעוואַקסן אַ דיכטער, וואָס האָט אויך צווישן זיינע לידער אַ פּאָר שטאַרקע אַרבּעטער־לידער, שיינע פויערישע לידער און גאָר אַ סך ריינע נאַטור־לידער. דערוויל איז אויסגע־קומען, אַז די יונגע מיידלעך, וואָס האָבּן אַזוי האַרציק געלאַכט, ווען איך האָבּ זיי געפרעגט, צי זיי זיינען בּאָבּראָווי קוטער — זיינען גאָר מיט אַמאָל אומעטיק געוואָרן, ווען איך האָבּ זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ יידישן דיכטער, וואָס איז בּיי זיי אין דאָרף געבּוירן געוואָרן, וואָרעם אַז איך האָבּ אָנגערופן דעם נאָמען פון דיכטער, האָבּן זיי אַלע דריי זיך דורכגעקוקט אין איבּערגעחזרט, דריקנדיק מיט די אַקסלען:

— פרוג?...

— פרוג?...

— פרוג?...

עטאַפּן אין דער יידישער ווירקלעכקייט. מערקשטיינער אויף אַלטע וואָגלווענן. איך זוך זיי די לעצטע יאָרן. ליב צו געפינען אַאַזיסן אין מדבריות, וואָס אויך יידישע הענט האָבן אַ חלק אין זייער לעבן...

און אַז איך האָב מיר דאָך אָנגעשלאָגן אויף אַ בחור, וואָס ווייס דעם נאָמען פרוג, און ווען ער האָט מיך געבראַכט צום גרויסן שטיין ביים ברעג טייך אינגולעץ, זאָגנדיק:

— אָט־אָ־דאָ אויף דעם שטיין זיצנדיק פלעגט פרוג שרייבן זיינע לידער. —

איז מיר זייער טרויעריק געוואָרן.

געווים האָט אין באָבראָווי קוט געמעגט ערגעץ־וואו זיין אױס־געשריבן פרוגס שורות:

„אַ דערפל איז פאַראַן, עס הייסט באָבראָווי קוט,
אַמאָל איז דאָרט געשטאַנען מיין וויגעלע...
עס האָרעווען דאָרט יידן פון קינדוויז ביזן טויט
און עסן דאָרט אין פרידן אַן אייגן שטיקל ברויט"...

---

# „ווי לאָזט מען בלוט אויף הפקר?"

די אַרגענטינער קאָלאָניסטן, וואָס האָבן אויף זייער אייגענער אחריות אַרויסגעוואַנדערט פון אוקראַינע, מיט גענויע פערציק יאָר צוריק, בשעת מען האָט זיי אַרויסגעזעצט פון די גרענעץ־דערפער — זיינען אַוועק אַזש קיין אַרגענטינע און זיך אַיינגעקויפט ערד אין אַ וויסטן סטעפּ אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פּע: — ווען זיי האָבן זיך אָנגעליטן אַ פּאָר יאָר; ווען זיי האָבן שוין באַגראָבן אין דער ערד עטלעכע צענדליק קינדער, וואָס זיינען פון הונגער און פּעסט אויסגעשטאָרבן; אַז זיי זיינען גוט געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און ווען שלוחים פון באַראָן הירש האָבן זיי אויפגעזוכט און געוואָלט אַוועקנעמען אין אַנדער פּראָווינץ אַריין, אין אַ בעסערער געגנט אַריין — האָבן זיך די אָפּגעריסענע אָפּגעפּליקטע, אויסגעהונגערטע איבערוואַנדערער פאַרזאַמלט און געשוואָרן:

— „קיינמאָל, קיינמאָל וועלן מיר ניט פאַרלאָזן דעם אָרט, וואו מיר האָבן געגראָבן די ערשטע קברים און באַגראָבן אונזערע קינדער, וואָס זיינען פאַר דער צייט געשטאָרבן".

דאָס איז די היסטאָריע פון דער שענסטער און גרעסטער יידישער קאָלאָניע אין אַרגענטינע, וואָס הייסט מאָזעסוויל. ניט דאָס אָרט, ניט די סביבה, נאָר עפּעס אַנדערש האָט זיי מיטן אָרט פאַרבונדן: די בעסערע צוקונפט האָבן זיי אַרויסגעזען דורך די אומנייטיקע קרבנות.

מיר לעבן נאָך איצט אין אַ צייט, וואָס מען גלויבט, אַז אָן קרבנות קען מען קיין טריט ניט מאַכן, אַ בעסערע צוקונפט צו באַגעגענען. אמת, דעם פויער בינדן נאָך אַנדערע געפילן צום אָרט וואו ער האָט זיין שחיים פאַרגאָסן; צום אָרט, וואו ער האָט בלוט פאַרגאָסן. אויף דער אַנדערער זייט באַרג, אַהינטער זיין דאָרף, איז צום

פויער אַ פרעמדע וועלט. אים איז נאָנט דער שטח ערד, וואָס ער האָט אויסגעאַקערט און אַ באָרוועסער נאָכגעגאַנגען דעם אַקער.

ביי אונזערע פויערים אַנטוויקלט זיך אַ באַזונדערער שטריך, וואָס איז נאָך פרעמד דעם שטאָט-מענטשן און פרעמד צום ניט יידישן פויער. דער יידישער איבערוואַנדערער, וואָס האָט באַאַרבעט האַנדערן צו געפינען אַ שטיקל ערד וואָס זאָל אים אויפנעמען — ער טראָגט מיט זיך די אומרויִקייט פון אַ גאַנצער ראַסע. ער איז מיד. ער פאַלט צו צום ניי-דערוואָרבענעם שטיקל ערד — און ניט ער פאַלט אַוועק רוען, דורך אים וויל זיך אָפּרוען זיין פאַר-וואָגלטע ראַסע. און ווער עס האָט בלוט פאַרגאָסן צוליבן שטיקל ערד און געזען ווי די ערד ציט אין זיך אַריין בלוט ווי אַ זיסן גע-טראַנק — אַזאַ איינער געדענקט דעם אָרט.

איך האָב פון דעם אַ סך נאָכגעטראַכט, בעת איך האָב באַזוכט די אַלטע יידישע קאָלאָניעס אין כערסאָנער ראַיאָן. פון דעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך מיר ניט געקענט באַפרייען בשעת איך בין אומגעגאַנגען אין דער קאָלאָניע קאַטלוביצע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט גענויע נײַנציק יאָר צוריק און וואָס איז אָפּגעווישט גע-וואָרן פון דער ערד אין צייט פון די לעצטע פּאָגראָמען. איצטער בויען די אַלטע קאָלאָניסטן ווידער אויף קאַטלוביצע אויף דעם אייגענעם אָרט. מען בויט די הייזער אויף דעם אָרט, וואו עס זיינען געווען די פריערדיקע פונדאַמענטן.

---

די אַלטע יידישע קאָלאָניעס אין אוקראַינע זיינען געגרינדעט געוואָרן אינאיינעם מיט דעם האַס, וואָס די יעמאָלטיקע הערשער האָבן געפלאַנצט פאַר די יידישע מאַסן. האַס האָט אויך זיין צייט פון בליען און אַ צייט פון באַשענקען מיט פרוכט. אויף יעדן יידישן טראָט, געלונגענעם, צי אומגעלונגענעם, האָט מען אָנגעוויזן:

— אָט גייט דער, וואָס טראָגט פונאַנדער סם און צעשטערונג.

ווי קליין עס איז ניט געווען דער שטח ערד, וואָס דער ייד האָט פאַרנומען — האָט מען אַלץ אויף אים אָנגעוויזן:

— זעט, דאָס גאַנצע לאַנד האָט שוין דער זשיד פאַרכאַפּט! די גאַנצע וועלט פאַרכאַפּט דער „נעכריסט”, דער וואָס האָט גאָטס זון געקרייציקט.

און ווען האָס האָט געבליט ווי קיינמאָל ניט; ווען האָס האָט צעשאָטן זיינע גיפטיקע פּירות, מיט וועלכע עס האָט זיך דער גאַנצער דור פאַרסמט — יעמאָלט האָט שוין דאָס מינדסטע אויסגעזען גרויס. יעמאָלט זיינען שוין די יידישע וויג־קינדער געוועזן די, וואָס האָבן די הייליקע רוסישע ערד פאַרכאַפּט.

אַלערליי ווינקלען זיינען געווען אין יענע פינסטערע צייטן. געווען אַזעלכע ווינקלען, וואָס די רעאַקציע האָט שטאַרקער פאַרמשפּט, און אויך אַזעלכע, וואָס זיינען טיילווייז געווען אויסגעמיטענע. קיעווער ראַיאָן איז געווען פון אַלע יאָרן דער אָרט, וואו מען האָט געזאַמלט סם און האַס צו יידן. און אין די לעצטע פּאָגראָמען, אין צייט פון בירגערקריג, אין אַכצעטן און ניינצעטן יאָר, איז אויך יענער ראַיאָן געווען דער, וואו צום שעדלעכסטן האָט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן אין די אויגן פון דער רעאַקציע, יעמאָלט ווען די רעאַקציע האָט באַדאַרפט אויף אייביק אָפּטרעטן דעם אָרט פאַר דער נייער מאַכט, וואָס האָט צום ערשטן מאָל געטראָגן גערעכטיקייט פאַר די יידישע מאַסן.

די יידישע פאַסטאָוו, אַ פּאָר שעה פון קיעוו, איז יעמאָלט אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד. איינעם פון די בלוטיקסטע פּאָגראָמען האָט איבערגעטראָגן פאַסטאָוו. דאָרטן האָבן הינט אַרומגעשלעפּט יידישע הרוגים. און דער אייגענער האַס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דער אַלטער יידישער קאָלאָניע קאַטלוביצאַ, עטלעכע וויאָרסט פון פאַסטאָוו. וואָס האָבן נאָך פּאָגראָמשטשיקעס געקענט מער טאָן, כּדי אויף אייביק אָפּצווישן דעם שפּור פון אַ יידישער קאָלאָניע? די הייזער האָט מען שפּענערווייז אַוועקגעטראָגן. די פונדאַמענטן אַרויסגעריסן און די שטיינער אַוועקגעשלעפּט. די ברונימער פאַרשאָטן. די פרוכטביימער אויסגעהאַקט און די פיענעס אויסגעוואָרצלט — — — — — — — — — — — און דאָך...

זומער, אַכטאונצוואַנציקסטן יאָר, האָב איך באַזוכט די אויפסניי געבוירענע קאָטלוביצע.

די ניצול געוואָרענע קאָלאָניסטן האָבן זיך אומגעקערט, אויפגעזוכט דאָס אָרט וואו די אַלטע קאָטלוביצע איז געשטאַנען. יעדער איינער פון די אַלטע פּויערים האָט דערקענט דאָס אָרט וואו אַ הויז איז געשטאַנען; וואו אַ פונדאַמענט איז געלעגן. מען האָט צוריק די ברונימער אויפגעגראָבן. און נאָך מער:

— מען האָט דערקענט דאָס אָרט, וואו יידיש בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן...

וואָרעם, אַז איך האָב איינעם, אַן עלטערן קאָלאָניסט געפרעגט:

— און איר האָט געהאַט מוט אומצוקערן זיך אַהער און בויען אויף דאָס ניי?...

האָט ער מיך אָנגעקוקט אַ פאַרחידושטער, גלייך ווי ער וואָלט פון מיר געהערט די גרעסטע נאַרישקייט און אַ ביסל מגושמדיק האָט ער געזאָגט:

— און וואָס מיינט איר, אַזוי גרינג איז דאָס איבערלאָזן בלוט אויף הפקר?

און אַ צווייטער האָט צוגעגעבן:

— ווי לאָזט מען עס בלוט אויף הפקר?

איך בין אַהין געקומען מיטן חבר צעגעלניצקי, פאַרשטייער פון דער געזעלשאַפט „אָרט“, וואָס העלפט דער דאָזיקער קאָלאָניע זיך שטעלן צוריק אויף די פיס. שווער געווען צו גלויבן, אַז אויף דעם דאָזיקן אָרט האָט זיך אין ניינצעטן יאָר אָפּגעשפּילט אַזאַ שוידערלעכע טראַגעדיע. מיט אַ פרישער ענערגיע און אויסגעפּרווטער עקשנות, וואָס נאָר ביי פּויערים קען מען געפינען — ביידע כוחות אינאיינעם האָט מען אַרויסגעוויזן ביים אויפבויען צוריק די קאָלאָניע, וואָס מיט ניינציק יאָר צוריק האָבן זי געבויט די ערשטע יידישע וואָגלער.

אַ מיטליאָריקער פּויער, אַ באַוואַקסענער און וואָס ביידע קני האָבן אַרויסגעקוקט פון די צעריסענע הויזן, ער האָט גערעדט און די באַקן האָבן זיך ביי אים געדויטלט:

— בּיי אײַך אין אַמעריקע וועט מען ניט גלויבּן, ווען איר וועט דערציילן, אַז יידישע פּויערים בּויען אויף צוריק אַזאַ קאָלאָניע ווי קאַטלוביצע... אַן אַנדער צייט, חבר, הינטער אונז איז די מלוכה און זי האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי דעם טייוול דעם עק צו פאַרקלעמען. מיינט איר ניט, אַז אַרום אונז דאָ, אין די אַרומיקע דערפער, לעבּן ניט די פּויערים, וואָס האָבּן זיך אויף פּאַסטעאָוו און אויף אונז אַראָפּגעלאָזן? מיינט איר, אַז מיר דערקענען ניט בּיי זיי אונזער אָנגערויבּטע פאַרמעגן? מיר קענען זיי אַלע. נאָר דעם טייוול האָט מען דעם עק פאַרקלעמט.

און אַ צווייטער פּויער, אַ בּרייטפּלייציקער, דער קיילעכדיקער קאָפּ זיינער טיף אין די אַקסלען און בּשעת ער רעדט לאַכן זיינע גרויע אויגן:

— זיי בּאַרימען זיך: „בּויט, בּויט, מיר וועלן דאָס סיי־ווי פון אײַך צונעמען, זאָלן נאָר די בּאָלשעוויקעס פאַלן"... זאָלן זיי שוין וואַרטן בּיז די בּאָלשעוויסטישע מאַכט וועט פאַלן... מעגן זיי זיין צופרידן וואָס מיר לאָזן זיי צורו.

אַ רעדל האָט זיך צונויפגענומען אַרום מיר. מען האָט געוואָלט פאַרן גאַסט אַרויסווייזן קוראַזש. צו זיי פאַרלייבּט גאַנץ זעלטן אַ גאַסט, וואָס קומט זיך בּאַקענען מיט דער יידישער איבּערוואַנדערונג. בּיי די פרויען זיינען בּולטער די צעטרייסלטע נערוון. אַ פרוי איז פיל עמפּינדלעכער, ווען מען ציט אָן אַ שמועס, וואָס פאַרלייפט צוריק בּיז צום ניינצעטן יאָר... אָט זיינען זיי גערן, אַז מען זאָל ריידן פון אַ פּאָגראָם, און בּאַלד ווילן מען עס אָפּווישן פון זיכּרון און ריידן פון היינטיקן טאָג, ווען אַלץ הייבּט זיך אויף פון דער ערד אויף דאָס ניי. דער שמועס וויקלט זיך:

— נו, אוודאי איז פריילעכער, אַז מען הערט פון דעם, ווי יידישע דערפער וואַקסן אין כערסאָנער ראַיאָן, אַרום קריוואָי ראָג; אין קרים... אוודאי וואָלט געווען פריילעך, ווען אַרום אונז שטעלן זיך אויס אַ צענדליק יידישע דערפער.

— און מיר האָט מען פאַרגעלייגט, איך זאָל פאָרן קיין קרים.

— וואָס מיר קרים — ווען איך קען אויפבּויען מיין הויז צוריק אויף דעם אייגענעם אָרט, וואו מיינע קינדער זיינען גע־בּוירן געוואָרן?!

— אַזוי לאַנג ווי איך האָב געקענט דערקענען ס'אָרט, וואו מיין שטוּב איז געשטאַנען — איז ער מיר ווידער ליב און טייער געוואָרן.

— דעם אָרט וואו איך בּין געבּוירן געוואָרן, האָבּ איך דער־שמעקט מיט חוש הריח ווי אַ הונט — כאַ־כאַ־כאַ! אַנדערע צייטן, חבר, איר קענט עס דערציילן אין אַמעריקע אויך... אַן אַנדער אוּ־קראַינע; אַן אַנדער רוסלאַנד און אַנדערע יידן.

— אַ יידישער פּויער, האָט ער איינמאָל די ערד דערשמעקט— האָט ער זי ליב געקראָגן.

און אַן אַלטער פּויער, אַ עטלעכע־און־זיבּעציקער, ער רעדט שווער, ווי שווער עס גייט דער אַקער אין אוקראַינער שוואַרצערד:

— עך, וואו נעמט מען די יונגע יאָרן? אַנדערע צייטן אָנ־געשטאַנען. מען קוקט אויף דער זאַך מיט גאָר אַנדערע אויגן. איך בּין דאָ געבּוירן געוואָרן און איך ווייס די זאַך גוט. אַמאָל איז דער ייד געווען הפקר און דער פּויער איז געווען הפקר. האָט מען געהייצט דעם ניט־יידישן פּויער אויפן יידן... דער נישט־יידישער פּויער האָט געוואוסט, אַז גלאַט אַזוי — האָט מען אים אין דער ערד... נאָר אויבּ ער וועט רויבּן און הרגענען דעם יידן — וועט מען אים שאַנעווען; וועט מען אים נאָך גלעטן אין בּעקל... איצ־טער איז די צייט אַן אַנדערע אָנגעשטאַנען. הלמאַי זאָל איך זאָגן, אַז איצטער טויג ניט? אוודאי איז אַן אַנדער צייט. אין מיינע צייטן האָט מען נאָך געאַקערט מיט אַ הילצערנער סאָכע און מיט אָקסן. איצטער נעמט מען זיך צו דער ערד מיט אַ טראַקטאָר... דער טראַקטאָר שלעפּט דעם פּלוּג. דער טראַקטאָר זייט; ער דרעשט. איצטער ווייסט מען בּחוש, אַז די מלוכה גיט אַכטונג אויף אַלע־מען גלייך. דער פּויער איז ניט הפקר און דער ייד איז מער ניט הפקר. און טאָמער מיינט דער גוי, אַז דער ייד איז הפקר — גיט מען אים איבּער די הענט... אָ, ווען איך וואָלט איצטער געווען אַ יונגערמאַנטשיק — גאָר מיט אַן אַנדער חשק וואָלט איך מיך צו דער

ערד גענומען. פונדעסטוועגן האָב איך מײַן שטוב צוריק אויפגעבויט, און דווקא אויף דעם סאַמע אײגענעם אָרט...

מען האָט מיך געפירט באַווײַזן דעם הויף, וואו די מאַשינען שטײען. דער עולם האָט געקוקט אויפן טראַקטאָר און אויף די אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים מיט אַ פאַרטראַכטקײט, גלײַך ווי צום ערשטן מאָל וואָלטן זײ דעם שטאָלענעם עולם געזען. און אפשר האָבן זײ במחשבה פאַרבונדן דעם אַמעריקאַנער גאַסט מיטן אַמעריקאַנער טראַקטאָר. ווײַל אײנער האָט אַ פרעג געטאָן:

— בײַ אײַך אין אַמעריקע קערט דער טראַקטאָר איבער מסתמא וועלטן, יאָ?

די נײַע צײַט רײַסט זײ אָפּ פון דעם שווידערלעכן נעכטן. די נײַע צײַט בויט זײ און בינדט זײ אינאײנעם מיט דער צוקונפט. און כאָטש דער דאָרף האָט זיך אויפגעבויט אויף דעם אײגענעם אָרט, וואו דער אַמאָליקער דאָרף איז געשטאַנען און כאָטש דער איצטיקער דאָרף הײסט אויך קאַטלוביצע ווי דער אַמאָליקער — פונדעסטוועגן לאָזט מען אַוועק דעם דמיון מיט דער נײַער אויפגעקומענער געגנוואַרט, וואָס האָט אין זיך די קראַפט פון בויִיקן שטאָל. די עלטער, כאָטש ניט צופרידן מיט דער יוגנט — גײט זי דאָך מיט דער יוגנט. און בײַ דער הײַנטיקער יוגנט פליסט הײס בלוט אין די אָדערן: די הײַנטיקע יוגנט איז דורך פײַער און בלוט געבוירן געוואָרן.

---

טריט בײַ טריט האָבן מיך די אַלטע פויערים אַרויסגעפירט אַהינטערן דאָרף און באַווײַזן, ווי ווײַט דער טרוקענער זומער האָט אַלצדינג פאַרבּרענט. און פונדעסטוועגן טוט מען און מען בויט; מען רעסטאַווריר. דער קאָלעקטיווער גײַסט נעמט אַרום דעם עולם. מען פירט מיך אַראָפּ אין אַ טאָל, וואו עס לויפט וואַסער פון אַ קרעניצע און מען באַווײַזט מיר די גרעבּלע, וואָס מען האָט אָנגעשטאָטן צו פאַרצאַמען דאָס וואַסער, כדי אַזוי אַרום זאָל באַשאַפן ווערן אַ נאַטירלעכע אָזערע, וואָס וועט אויפהאַלטן דאָס וואַסער זומערצײַט, אין אַ טריקעניש.

— אַט-דאָ, חבר, וועלן מיר האָבן אַ קאָלעקטיוון גאָרטן; מע וועט אים קענען באַגיסן, אויב עס וועט זיין נייטיק. דאָ וועלן זיך די בהמות אָפּקילן זומערצייט, אין די גרויסע היצן.

איך האָב זיי אַרויסגעוויזן אַ ביסל ידיעות ביי דער גרעבלע און פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַן, ווי אַזוי מען זאָל פאַרהיטן, אַז אין פרילינג, ווען דאָס וואַסער קומט אָן, זאָל עס יעמאָלט די גרעבלע ניט צערייסן. האָט עס ביי די אַלטע פויערים שטאַרק אויסגענומען און איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

— איצטער פאַרשטייען שוין אַפילו שרייבער אויך, אַז קאַרטאָפל וואַקסן ניט אויף די ביימער.

און אַ צווייטער האָט געזאָגט:

— אַ ייד און ערד זיינען לכתחילה ניט געווען קיין גלייכע שותפים. נאָר אַז מען האָט זיך צונויפגעפּאָרט — איז ערד מיט ייד אויך אַ שידוך.

מיר זיינען אַלע געגאַנגען צוריק באַרג-אַרויף. מיין געדאַנק איז נאָכגעגאַנגען די שווערע טריט פון די אַלטע פויערים. אַ סך מאָל האָב איך אין שמועס געהערט דאָס וואָרט „ערד" און דאָס וואָרט „בלוט". עס איז געווען פריידיק און טראַגיש צו באַגעגענען זיך מיט יידישע פויערים אויף אַזאַ ערד, וואָס איז אויסגעזייקט אין יידיש בלוט. עס ליגט אַ סך אמונה אין קיום פון אייגענער אַרבעט אין אַזאַ קאַטלוביצע, וואָס איז חרוב געוואָרן אין די לעצטע פּאָגראָמען און וואָס איצטער, אין אַכטאונצוואַנציקסטן יאָר, זיינען די אייגענע יידישע פויערים צופרידן, וואָס זיי האָבן געפונען די שפּורן פון דעם אַלטן פונדאַמענט.

---

פאַסטאָוו גופא איז אַ סימבאָל פון אַ וועלט, וואָס גייט אונטער. איך ווייס ניט ווי אַמאָל האָט די דאָזיקע שטאָט אויסגעזען. איצטער באַשטייט פאַסטאָוו פון אַ שיטערער גאַס, וואָס איז שיטער און שלעכט אויפגעקומען אויף חורבות און איז אַ חורבה איצטער אויך. עטלעכע קאָאָפּעראַטיווע קרעמלעך. עטלעכע קאָלעקטיווע קוסטאַר-וואַרשטאַטן, מיט שוסטער-שילדן, בלעכער שילדן צו דער שטויביקער און לערער גאַס.

איך בּין אַריין אין אַ שוסטער־קאָלעקטיוו. פיר מענער לאַטען פלעגמאַטיש אַלטע שיך. אַ יונגע פרוי מיט אַ נאַקעט קינד אויף דער האַנט טרייבּט פון זיך די פליגן און בּרוגזט זיך.

איך האָבּ געבּעטן אַראָפּרייסן די בּלעטלעך פון מיינע אָפּצאַסן און לייגן נייע, כּדי אַריינצוכאַפּן דערווייל אַ שמועס. די פרוי איז געווען ניט צופרידן מיט דער לאַגע. דאָס קינד, אַז איך האָבּ צו דעם אַ שמייכל געטאָן, האָט עס געענטפערט מיט אַ שמייכל. די מענער זיינען קאַרגלעך אויף רייד. פונדעסטוועגן האָט מען די צונג אָפּגעבּונדן נאָך דעם ווי מיינע שיך זיינען שוין געווען אין זייערע הענט. נאָך די שיך האָט מען דערקענט, אַז איך בּין פון אַמעריקע:

— דאָרטן, בּיי אייך, מאַכט מען אַ גוטן שוך און דאָרטן לעבּט מען—האָט אַ מיטליאָריקער, שוואַרצהנעווידיקער אין שוך אַריינגערעדט.

אַ יינגערער, מיט גאַנץ פיין אויסגעפּילטע בּאַקן, האָט זיך געבּרוגזט:

— אַמעריקע שיקט אַהער געלט צו בּויען קאָלאָניעס; נעבּאַך וואָלטן זיי בּעסער פאַר דעם געלט אונז אַהין אַריבּערגענומען.

אַ בּלאָנדער שוסטער, אין די מיטעלע יאָרן, הענט אויסגעצויגענע און בּאַקן איינגעצויגענע, ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון דער אַרבּעט, האָט גערעדט אין דער פּאָדעשווע אַריין:

— מיר איז דאָ גוט. ווען איך וואָלט האָבּן אַרבּעט און צוקריגן די פּאַסיקע מענטשן אין קאָלעקטיוו אַריין, וואָס זאָלן אויפהערן צו קרעכצן און קלאָגן — איז מיר גוט.

און דאָ האָט מען אָנגעהויבּן זיך דורכצוּוואַרפן מיט רייד:

— מען וועט אונטערגיין, געדענק מיין וואָרט — האָט דער ערשטער זיך געעקשנט.

— אוודאי וועט מען אויסגיין און קיינער וועט קיין פּיפּס ניט טאָן— האָט די פרוי אים אונטערגעהאָלפן.

— איר וועט ניט אונטערגיין, אויבּ איר וועט ניט ווען אונטערגיין האָט דער פריערדיקער אָפּטימיסט אויף זיין אופן זיך געעקשנט און געשלאָגן די פלעקלעך אין פּאָדעשווע אַריין.

און כּדי צו מאַכן דעם פולן איינדרוק אויפן גאַסט, וואָס איז געזעסן אין זאָקן, געטריבּן פון זיך די פליגן און געקוקט דורך דער

אָפּענער מיר אין דער לערער גאַס אַריין — האָט ער געמאַכט דעם אויספיר:

— איר קומט מסתמא איצטער פון קאַטלוביצע, האָט איר דאָך געזען, וואָס פאַר אַ דאָרף זיי האָבן ווידער אויסגעבויט... איר פאַר־שטייט, דאָרטן הייבט מען אָן ווידער צו לעבן; זיי בויען פאַר זיך ווידער אויף דעם דאָרף, מע וועט אַרבעטן, מע וועט לעבן. און דאָ איז דאָס שטעטל; מען האָט עס געקוילעט און נישט דערקוילעט.

— וואָס בינדט אייך צום שטעטל? — האָב איך געפרעגט.

— וואָס סע בינדט? דער רוח ווייסט...

— דאָס שטעטל גייט אויס און מיר מיט דעם — האָט דער ער־שטער ווידער אַריינגעזאָגט.

ווען איך האָב שוין צוריק געהאַט מיינע שיך אויף די פיס און געשטאַנען ביים טיר אַרויסצוגיין, האָב איך געפרעגט:

— און וואָס איז מכוח איבערוואַנדערן צו ערד־אַרבעט?

— אויב עס וועט ניט זיין קיין אַנדערע ברירה — וועט מען ווערן איבערוואַנדערער.

— מעט מוזן איבערוואַנדערן.

— דעם שטעטל דאַרף מען צולייגן אַ פעדער צום נאָז.

— זאָגט אין אַמעריקע, אַז מען וועט איצטער לעבן בלייבן — האָט דער אָפּטימיסט מיר נאָכגעשריען בשעת איך בין שוין געווען אין גאַס.

# ל אָ ל אַ

## I

לאָלעס טאַטע איז געווען אַ אוקראַינער. און ווען לאָלאַ האָט אים
נגעהויבן אַזוי אָפּט זען אַ פאַרטראָגענעם, די אויגן, גלייך ווי זיי
אָלטן זיך געריסן פון אַהינטער דעם שוואַרץ=באַברעמטן שטערן
רויס — איז דאָס געווען אין פינפאונצוואַנציקסטן יאָר; יעמאָלט
ען ער האָט נאָך אָנגעהאַלטן די פּאַטענטן און ברייט געהאַנדלט.

ווייזט אויס, אַז לאָלאַ האָט עס אין איר טאַטן באַמערקט נאָך
ריער פון דער מאַמען און אירע צוויי יינגערע ברידערלעך. ווייל
עת דער טאַטע איז דעם אייגענעם סוף זומער אַריינגעקומען אין
טוב און ווי צו די פיר ווענט פון זיין גרויסן גאַסט=חדר אַ זאָג געטאָן:

— ווערט עס פאַרברענט, איך קען שוין ניט מער...

יעמאָלט האָט איר מאַמע, אַ מיטליאָריקע, מיטלוואוקסיקע און
זאַ פּוכיקע, מיט אַמאָל זיך צעוויינט אויפן הויכן קול. זי, לאָלאַ, האָט
אָר אַנדערש געפילט. איר האָט זיך געגלוסט צוגיין צום טאַטן, אַ קלאַפּ
זאָן אים אין פּלייצע און זאָגן:

— דו דאגהסט דאָך אוודאי צוליב די קינדערסוועגן — איז
וליב מיר האָב ניט קיין עגמת=נפש. איך וועל דיר העלפן. זאָג מיר
אָר ווי אַזוי.

יענעם טאָג האָט זיך אין שטוב ניט אויסגעלייטערט מער. די
רויסע חדרים, אויסגעמעבלירט מיט גרויסשטעטישע מעבל, אַפילו
יאָס אייבערשטיבל וואו זי, לאָלאַ, האָט עס געהאַלטן אויסגעפּוצט—
האָט אין פאַרלויף פון יענעם טאָג געביטן דעם קאָליר. אַליץ אַרום האָט
עביטן דאָס פּנים. די חדרים זיינען געוואָרן צו גרויס און גלייך
וי דאָס מעבל וואָלט זיך מיט זיי ניט אָנגעקערט. יענע נאַכט איז אַפילו
אין דער ווייכער בעט געווען קאַלט איינצוליגן. און ווען דער טאַטע
האָט דערקלערט, אַז ער גיט אויף אַלע געשעפטן און לאָזט זיך
אַוועק קיין כערסאָן, בעטן אַ שטיקל ערד, וואו ער רעכנט אָנהייבן

אַן אַנדער לעבן — האָט די מאַמע זיך אַיינגעקאָרטשעט און געזאָגט:

— צו וואָס פאָרן אַזוי ווייט? קען מען דאָך דאָ אויך אויסגראָבן אַ קבר און זיך אַריינלייגן לעבעדיקערהייט.

דעם אייגענעם טאָג האָט די מאַמע אַראָפּגענומען פון די אויערן די דימענטענע, אַלטמאָדישע, לענגלעכע אוירינגלעך און דריי שנירלעך פערל אָפּגעשפּילעט פון האַלז און אַוועקגעלייגט פון אויבן אויף אויפן קאַמאָד, און אונטער די אויגן האָבן זיך ביי איר פון ווייגען באַוויזן בלויע, ווייכע קישעלעך.

דעם טאַטנס בליק האָט זיך פון יענעם טאָג אָן פאַרענדערט. אָנשטאָט צו קוקן אין דער ווייט, האָט ער אָנגעהויבן קוקן אַראָפּ, צו דער ערד, גלייך ווי צום ערשטן מאָל וואָלט ער איצטער באַמערקט, אַז מיט די פיס גייט ער אויף דער ערד. לאָלאַ האָט געשוויגן, עס איז נאָר געווען אַ חידוש, וואָס מיט דער מאַמעס צושטימונג האָט זי אָנגעטאָן די לענגלעכע דימענטענע אוירינגלעך.

דער טאַטע האָט דעם אייגענעם סוף זומער באַזוכט כערסאָן. ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים ניט קיין אומעטיקער — נאָר אַן ערנסט־פאַרטראַכטער. דער רוקן האָט זיך ביי אים אַ ביסל איינגעבויגן. אין זיינע שוואַרצע האָר פון קאָפּ און אין זיין שוואַרצער באָרד האָבן זיך באַוויזן ווייסע האָר. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער געזאָגט קורץ און שאַרף:

— איך ווייס שוין, וואו מיין ערד איז. כמעט ווי דערקענט. מיין ערד וועט מען שוין פאַרזייען היינטיקן אָסיען. מיין ערד האָב איך שוין געפונען צעאַקערט. גלייך אין ווינטער וועל איך אַהין אַוועק און לאָלאַ וועט מיט מיר מיטפאָרן און העלפן ביז מען וועט אַוועקשטעלן אַ שטוב. און אפשר וועט מען אַ פּאָר בהמות איינשאַפן, ביזוואַנען מען וועט קענען איינגאַנצן איבערציען.

II

אין דער לעצטער רגע האָט דער טאַטע חרטה געהאַט און באַשטימט צו פאָרן גאָר אַליין. האָט געטראַכט:

— ווייבּער וועלן קומען אין גאָלן סטעפּ און קוקנדיק אויף אַזאַ
זכות קענען זיי אָנהייבּן צו קלאָגן. זאָלן די קינדער בּלייבּן מיט
נר מאַמען.

אַליין איז ער אַוועקגעפאָרן. ער האָט זיך אין דער נייער פויערישער
עלט אַריינגעוואָרפן מיטן פולן ערנסט. ער האָט אַליין ניט גע־
פירט, ווי ער איז געוואָרן חבר מיט די פּאָר אַש־קאָלירענע אָקסן,
אָם זייער טראָט איז אים אויסגעקומען איצטער גאָכציגיין. זיין שטוב
אָט מען געמאַכט פון קאַליב — פון ערד מיט שטרוי געקנאָטענע
וועריע ציגל. אים האָט עס תחילת אויסגעזען ווי אַ שפּילכל. פון
לאָטע אויסגעקלעפּט אַ שטוב... אים איז געווען פאַרדריסלעך, אַזאַ
ויינעם רויטן, קאַכעלנעם דאַך אַרויפצולייגן אויף אַ שטוב פון בלאָטע.
אָר אַז מען האָט די שטוב אויסגעשמירט, אויסגעקאַלכט פון אי־
עווייניק און אויסווייניק, כאָטש קיין דיל האָט מען ניט געלייגט אין,
ז ער איז אַריין אין דער אויסגעווייסטער שטוב און געפונען, אַז
ווישן טיר און פענסטער האָט אַ שפּין אָנגעהייבּן צו העבּן אַ שפּינ־
עבּס — האָט ער באַשטימט:

— אַ היים טאָר מען ניט פאַרלאָזן. איצטער באַדאַרף די שטוב
אָבּן אַ פרוי צווישן די פיר ווענט.

האָט ער געקויפט אַ רויטע קו מיט אַ ווייסן פלעק אויפן שטערן;
קו מיט אַ רונדן אייטער און שטייפע ציצן. די ערשטע צייט האָט ער
י אַליין געמאָלקן, נאָר זי האָט אים געבּריקעט מיט די פיס. דאָס
אָט אים ווידער באַוויזן, אַז מען מוז שוין האָבּן אַ פרוי... ווײלע
קו האָט פיינט, אַז מענערישע הענט זאָלן זי מעלקן. דריי הינער האָט
ר אויך צוגעקויפט. צוויי ווייסע און איינע אַ שוואַרצע. און די הינער
האָבּן אויך געפאָדערט, אַז אַ פרוי זאָל זיין אַרום שטוב. און אַז אַ
ווייסע הון האָט געלייגט אַן איי אין סאַמע מיטן שטוב, דווקא אויף
ער ערד און איז מיט אַ קאָקאָדאַק אַרוים דורכן אָפענעם פענסטער —
יז אים קלאָר געוואָרן ווי דער טאָג, אַז אָן אַ פרוי וועט די ווירטשאַפט
יין צום גרונט. ער האָט וועגן דעם געשריבּן אַהיים. אין סאַמע שניט־
ייט, דעם אייגענעם זומער איז אָנגעקומען לאָלאַ. די מאַמע איז נאָך גע־
בּליבּן אינדערהיים, כדי זיך אָנצוקוקן געגוג אין דער גרויסער הויז,

אין די גרויסע חדרים, אין די שיינע מעבּל און באַקלאָגן דעם שיינעם לעבּן, וואָס גייט פון איר אַוועק אויף אייביק.

III

לאָלאַ האָט מיטגעבּראַכט אַ סך יינגלשקייט. די בּרייטע גאַס פון איר דאָרף, וואָס האָט פאַרמאָגט בּלויז פינף הייזער, פיר אויף איין זייט און אַ איינציקע הויז אויף דער אַנדערער זייט (דאָס איינציקע הויז איז טאַקע געווען אירס) — אַז זי האָט באַדאַרפט אַריבּער די גאַס, האָט זי עס געמאַכט אין גאַלאָפּ, ווי יינגלעך טוען עס. די ערשטע צייט האָט די גאָלע ערד געשטאָכן די בּאָרוועסע טריט.

אין וועג, אויף אַ וואָקזאַל, האָט זי געקויפט צוויי בּרוינע הינער אין אַ קאָשיק און זיי געבּראַכט אַהיים. דאָס וואָרט „היים" האָט זיך בּיי איר אַרויסגעכאַפּט גלייך בּיים אָנקומען. ווייל דעם ערשטן טאָג האָט זי באַמערקט, אַז די פינף הינער האָבּן ניט קיין האָן. און אין גאַנצן דאָרף, וואו עס זיינען געווען נאָך דריי הינער — איז אויך ניט געווען קיין האָן. דעריבּער איז פאַרשטענדלעך, אַז דאָס וואָרט היים האָט זיך בּיי איר נאַטירלעך אַרויסגערעדט און אין צוויי טעג אַרום האָבּן שוין די פינף הינער געהאַט אַ ווייסן האָן מיט אַ רויטער קאַם. אין לאָלאַס זכות האָט אין נייעם דאָרף, שוין אויפן דריטן טאָג נאָך איר אָנקומען, געוועקט די איבּערוואַנדערער דער קו־קע־רי־קו פון אַ ווייסן האָן. און דאָס האָט אויך אַ סך גורם געווען, וואָס מיט לאָלאַס קומען האָט דער דאָרף באַקומען אַ פּנים פון אַ היימישן דאָרף; ווייל מיט איר קומען איז געקומען די ערשטע פרוי אין דאָרף אַריין.

אינגאַנצן זיינען אין דאָרף געווען זיבּנאונצוואַנציק מענער, אָנהייבּנדיק פון גרוי־בּערדיקע, בּיז צען־יאָריקע יינגלעך. און זי, אַ זיבּעצן־אַכצן־צי ניינצן־יאָריקע (מען האָט איר געקאָנט געבּן די אויבּנדערמאָנטע יאָרן, געווענדט אין וואָס פאַר אַ שעה פון טאָג) — זי איז געווען די איינציקע פרוי אין דאָרף.

IV

— דו ווערסט, טאָכטער מיינע, היינט פרוון אויסמעלקן די קו, וואָרעם אַ קו באַדאַרף מען קענען מעלקן. בּיי דיר וועט זי געבּן אַ עמער

ילך. אפשר וועסטו טרעפן ווי זי צום מעלקן. פּשוט, וועסט זי
עלקן. מילך וועט זיך גיסן ניט שווער. מיר האָט זי אַמאָל ניט מיט
מאָל אָפּצוגעבן די מילך. אפשר דיינע הענט...

דאָס האָט ער איר גלייך דעם ערשטן טאָג געזאָגט. פונדעסטוועגן
ויז דער טאַטע געשטאַנען אין אַכטונג געגעבן, אַז די קו זאָל איינ־
טיין. ווען לאָלאַ האָט מיט דער רעכטער האַנט אַ צי געטאָן דעם
טייפן ציץ און אַז דאָס ערשטע שנירעלע מילך האָט אַראָפּגע־
ונען צום דנאָ פון שעפל — האָט עס בײַ זיי בײַרן אָפּגעקלונגען אין
לוט.

ער האָט געטראַכט:

— אָט דאָס זיינען הענט פון אַ פרוי. צוליב אירע הענט וועט מען
אַדאַרפן קריגן נאָך אַ קו.

לאָלאַ האָט בשעת מעשה גאָרניט געטראַכט. עס האָט אַפילו דער
טאַטע ניט געקענט באַמערקן, אַז איר פּנים האָט געפלאַמט, ווייל איר
פּנים איז געווען איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער רויטער קו, פון וועל־
ער עס האָבן אַרויסגעריזלט צוויי שנירעלעך מילך, דורכשטראָמענדיק
ורך אירע פינגער. עס האָבן איר געבראָכן די הענט און ווי געטאָן
י פינגער בשעת זי האָט געטראָגן דעם פולן, שוימיקן שעפל מילך
אין שטוב אַריין. דער טאַטע האָט יענעם טאָג צום ערשטן מאָל גע־
שפּירט אין מילך דעם טעם פון מילך. דעם אייגענעם אָוונט האָט דער
טאַטע מיט איר זיך מיישב געווען וועגן באַקן אַ ברויט:

— מען וועט פּרוּוון, — האָט ער געזאָגט — די מאַנסבילן
האָבן געפּרוּווט, איז געווען ברויט חלשות. אַ פרוי אפשר, כאָטש
ז האָסט קיינמאָל קיין ברויט ניט געבאַקן...

V

לאָלאַ האָט נאָך פאַרכאַפּט אַ טייל שניט־צייט. עס איז איר
געווען עפּעס קאָמיש צו זען דאָס הייפל יידישע מאַנסבילן עסקן
זיך אַרום פעלד. עס האָט איר אויסגעזען, אַז קריסטן האָבן פאַרפעלט
צו קומען אַראָפּנעמען די תבואה פון זייער פעלד — זיינען יידן גע־
קומען און אַזוי ניט היימיש איז דאָס פעלד מיט זיי. זי האָט אויך ניט
געוואוסט, ווי אַזוי מען דערנענטערט זיך צום פעלד. איר טאַטע,

וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן געהאַנדלט מיט אַקעראַייזנס, מיט תבואה, מיט זעק — דאָ, קלעפּן זיך צו אים די דאָזיקע זאַכן ניט.

אַרום דער דרעש־מאַשין האָבן זיך געעסקט באַהאַוונטע מענטשן. פרעמדע. די יידן האָבן אויף גרויסע מאַזשאַרעס צוגעפירט די תבואה פון פעלד און די אָקסן האָבן זיך געעקשנט. געשלעפּט דעם וואָגן דווקא אויף רעכטס, ווען מען האָט באַדאַרפט לינקס. זי האָט שוין געזען די תבואה אויסגעדראָשן. איר טאַטע האָט אויך זיין תבואה אויסגעדראָשן. אין אַ ווינקל שטאַל האָט מען אָפּגעצאַמט און אויסגעשאָטן אין אַ בערגעלע גערשטן. אין שטוב, אין צווייטן חדר, האָט מען אָנגעשאָטן ווייץ. ניט גאָר קלאָר האָט זיך ביי איר געבונדן אין געדאַנק, ווי די דאָזיקע תבואה קומט צו זיי אין שטוב אַריין; ווי אַרום איז די דאָזיקע תבואה אויפגעקומען...

איר פאַרבינדונג מיט דער ערד האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער טאַטע אירער האָט מיט דער הילף פון אַ אינסטרוקטאָר געבראָנעוועט אַ שטיק שוואַרצגרונט און שפּעטער, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, איז דער טאַטע נאָכגעגאַנגען דעם בוקער, וואָס האָט מיט זיינע פינף שמאָלע אַקערלעך אויפגעריסן די ערד און דורכגעלאָזן די ווייץ־קערנער אין דער ערד אַריין. דעם איינעם האַרבסט האָט זי באַמערקט, אַז דאָס פעלד, וואָס איר טאַטע האָט געבראָנעוועט און געזייט, ווערט צוגעדעקט מיט אַ איידעלן גרין. אָן אַ שיעור גראָז־שפּיצן קריכן פון דער ערד אַרויס. זי האָט דערקענט, אַז דאָס איז אויפגעגאַנגען דער ווייץ, וואָס איז אַ פּאָר וואָכן געלעגן ביי זיי אין צווייטן חדר. זי האָט אַרויסגעשלעפּט אַ קערנדל פון דער ערד און געזען, ווי צום דרויסן אַרויס האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן צוויי גרינע גרעזעלעך און אונטן, אין דער ערד — פינף בלאַסע וואָרצעלעך ווי ווייסע אָדערלעך. צו די וואָרצעלעך זיינען געווען אָנגעהאַנגען גרודעלעך ערד.

VI

דער ערשטער ווינטער איז געווען אַ שווערער. קאַלט. שווער געווען דאָס הויז צו באַהייצן מיט שטרוי. פון די זיבנאונצוואַנציק כאַנסבילן זיינען אין דאָרף פאַרבליבן נאָר פערצן, כאָטש צו די פינף הייזער זיינען נאָך דריי צוגעקומען. איין הויז אויף איר זייט. נאָר

ר וואָס האָט עס אויפגעשטעלט איז אויפן ווינטער אַוועק צו
י אין שטעטל. האָט דאָס הויז פֿאַרשלאָגן און אַוועק אַהיים. די
אַנטפֿילן האָבן זיך דעם ווינטער צוממיינסטנס געקליבן ביי איר
ן שטוב. זי האָט געשפּירט, אַז זייערע בליקן קריכן נאָך צו איר.
ן יענע טעג איז איר פּנים נענטער געווען צו ניינצן יאָר. די קו האָט
געהויבן געבן ווייניקער מילך און איז אומעטיק און שווער געוואָרן.
אָס פֿעלד האָט אַ שניי צוגעדעקט, אָבער אינגאַנצן ניט צוגעדעקט די
ינע, אויפגעגאַנגענע תבואה. די גרינע גראָזן האָבן פֿון שניי אַרויס־
שטעקט און זיך געקאָרטשעט. זי האָט באַמערקט, אַז אַלץ אַרום
אָט זיך איינגעקאָרטשעט: די הינער, דער האָן, די צוויי חדרים —
לץ איז איינגעשרומפּן. איר טאַטע איז קלענער געוואָרן. און דער
ויסן גופא, דער רחבותדיקער סטעפּ האָט זיך צונויפגעצויגן.

יאָ, דער ווינטער איז געווען אַ שווייגעוודיקער. פֿון וואָס צו
ידן איז געווען ווייניק. און אַז אַ שמועס האָט זיך פֿאַרצויגן, האָט
י זיך געוויקלט מער אַרום דער היים, וואו די מאַמע מיט די צוויי
נדער זיינען געווען. ערשט צו פֿרילינג צו, אין אַ מיטן־דערנאַכט, האָט
ר איר בלוט אויפסניי דערוואַרעמט. יעמאָלט, ווען כיען האָט דערהערט
גערודער אין שטאַל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן שטוב און
ן מען האָט אויך דערהערט אַז די קו קרעכצט. און ווען זי איז
יטן טאַטן אַוועק אין שטאַל אַריין, האָט זי געזען, ווי לעבן דער רויטער
י מיטן ווייסן פֿלעק אויפן שטערן איז געשטאַנען אַ קעלבעלע —
יך אַ רויטע מיט אַ ווייסן פֿלעק אויפן שטערן און געזויגט מילך ביי
ער מאַמעס אייטער.

דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז דאָס לעבן הייבט זיך ווידער אָן.
ן נאָך אין שטאַל האָט זי צום טאַטן געזאָגט:

— אין אַ וואָך אַרום וועל איך אַליין פֿאָרן און ברענגען אַהער
ער מאַמען מיט די קינדער...

---

ווען זי האָט מיר היינטיקן זומער, אין אַ הייסן פֿאַרמיטאָג,
נשטאָט אַ טרונק וואַסער וואָס איך האָב געבעטן, דערלאַנגט אַ גלאָז
ילך, האָט זי אויסגעזען ניט מער ווי אַ יאָר אַכצן אַלט. באָרוועס, אין
קורץ קליידל, די ווייסע בלוזקע איז געווען פֿריי, אַרום האַלז אויס־

געשניטן און די אַרבל פֿאַרקאַשערט ביז אַריבערן עלנבויגן. די זון האָט אויבן פֿון די האָר אויף איר קאָפּ אויסגעזויגן די שוואַרצקייט. איר פּנים האָט צו זיך ניט צוגעלאָזן די ברוינקייט פֿון הײַסן זומער; האָט מיט עקשנות דערהאַלטן די שטאָטישע בלאַסע ראָזיקייט.

זי האָט פּונקט צעגראָבן מיט אַ רידל אַ פּאַסיקל ערד הינטער די פֿענסטער. אַלטמאָדישע, לענגלעכע דימענטענע אויערינגלעך האָבן זיך געבאַמבלט פֿון די אויערן... דאָס איז נאָך אויך געווען אַ צייכן אַ געבליבענער פֿון דער שטאָט.

איר דאָרף איז שוין געווען פֿון ביידע זײַטן פֿאַרבויט מיט הײַזער.

# שלום געמאַכט

(דערציילונג)

רויט צעעפנטע רויזן אויף עטלעכע יונגע רויזנקוסטעס האָבן זיך צוגעצויגן צו אַ שטוב, אין אַ גאַנץ גרויסן, נייעם יידישן דאָרף, ויף בערסאָנער סטעפ. די פענסטער צו דער גאַס זיינען געווען וארהאַנגען מיט דינע געהאָפטענע גאַרדינען און אויף די פענסטער האָבן עבליט רויטע גערעניומס אין וואַזאָנעס. מיינע טריט האָבן זיך אינסטינק= זיוו אַהין אָפּגענייגט און עס האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט די אָפּטי= זיסטן, וואָס אין אַזאַ שווער יאָר, בשעת עס ווייזט זיך דער הונגער אין טעפּ, זאָל נאָך אין זינען ליגן צו באַגיסן אַ פּאָר בייטן בלומען יים שטוב.

צוקומענדיק נענטער, האָב איך באַמערקט אַ גרעסערן גאָרטן ינטערן שטוב. אַ פּאָר בלומען=בייטן מיט נעלקן און לעווקאָי, שטאַרק ונאַנדערגעבליט און מיד צוליב דער היץ. עס האָבן זיך געצויגן מלעכע בייטן בוריקעס, מערן, אַ פּאָר בייטן קאַרטאָפל; ניט קיין גע= אָטענע קרויט=קעפּ. און אַ מיידל, באָרוועס, אין אַ אָפּגעניצט ראָזע, ויצענע קליידל האָט באַגאָסן די בייטן פון אַ בלעכענעם באַגיסער. עס איז טוין געווען פאַרנאַכט, זי איז אויסגעקומען מיטן פּלייצע צו מיר און זיך האָב אַ ווײַלע געוואַרט, ביז זי וועט מיך באַמערקן.

איך האָב נאָך תחילת באַמערקט, אַז אין איר שוואַרץ געשוי= ענעם קאָפּ רייסט זיך דורך אַ פּאַסמע ווייסע האָר. אַז זי האָט זיך אומ= עווענדט מיטן פּנים צו מיר, איז דער פּאַס ווייסע האָר דאָס ערשטע עווען וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. ער איז געלאָפן פון עכטן ווינקל אויף אַרויף און אַריבער ביז צום נאַקן.

זי איז געבליבן אַ ווײַלע אין אַ פאַרלעגנהייט. איר נאָך גאָר יונגער, ונדער פּנים איז געווען פאַרברענט פון דער זון און דער האַרב, וואָס

איז איר געקומען אין פּנים אַריין, האָט די פֿאַרברענטקייט פֿאַרשטאַרקט. די טיפֿע ברוינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן אַנטקעגן דער זון, בשעת זי האָט זיך אויסגעגלייכט מיט דעם ליידיקן בלעכענעם באַגיסער אין דער רעכטער האַנט.

איך האָב זי באַגריסט און זיך אַנטשולדיקט, וואָס איך בין געקומען אומגעבעטן; שולדיק זיינען די בלומען, וואָס האָבן צוגעצויגן מיין אויפֿמערקזאַמקייט; ווייל אַזאַ זעלטנהייט זיינען גערטנער בכלל אַרום די נייע הייזער פֿון די איבערוואַנדערער...

פֿאַר מיר איז געשטאַנען נאָך גאָר אַ יונגע פֿרוי, אפֿשר צוויי-דרייאונצוואַנציק יאָר אַלט, נאָר די צייט האָט צעאַקערט איר יונגן פּנים; די יוגנט איז געלעגן אַ צעאַקערטע אויף איר פּנים, אָט ווי דאָס שטיקל ערד, וואָס איך האָב איינצייטיק באַטראַכט — צעאַקערט און דאָס לעבן גרינט און בליט. מען האָט געקענט דערקענען, אַז די צייכנס אַרום איר מויל און אַרום די ברוינע, גרויסע אויגן — זיינען שוין לאַנגאָנעדיקע צייכנס. איצטער בליט צווישן זיי די יוגנט ווידער אויף. ניט מער, וואָס דער ווייסער פֿאַס האָר לאָזט זיך ניט פֿאַרמאַסקירן. ער דערמאָנט אין פֿאַרגאַנגענע שרעקן; אָדער ווי אין שפּעטן פֿרילינג אַמאָל געפֿינט מען אין אַ שאָטנדיקן אָרט אַ פֿאַס פֿאַרבליבענעם שניי, וואָס די זון קומט צו אים ניט צו.

— איך קען די אויגן ניט צונעמען ניט פֿון די גרינע ביימן, ניט פֿון די בלומען און ניט פֿון דעם שטרייף פֿאַר דער צייט ווייס-געוואָרענע האָר אויף אייער יונגן קאָפּ — האָב איך געזאָגט.

זי האָט מיך געבעטן אין שטוב אַריין, נאָר מיר איז געווען ליבער צו זיצן אויף דער באַנק וואָס ביים שטוב און קוקן אויף דעם איין-און-איינציקן גאָרטן אין נייעם דאָרף. איך האָב איר באַדאַרפֿט ענטפֿערן אויף אַלערליי פֿראַגן, וואָס זי האָט מיר די ערשטע געשטעלט, וועגן אַמעריקע, פּאַלעסטינע און וועגן די יאַפּאַנער און זייער ליבע צו בלומען. איך האָב עס געטאָן גערן.

אַז זי האָט זיך אָנגעזעטיקט סיי מיט אירע פֿראַגן און סיי מיט מיינע ענטפֿערס און דערציילונגען, האָט זי גאָר אַליין ניט געשפּירט, ווי זי איז איבערגעגאַנגען צו אירע דערינערונגען פֿון יענע טעג, וואָס

האָבן אַ שייכות מיט די פּאַר דער צייט אײַנגעקאַרבטע צייכנס אין איר יונגן פּנים און מיט דעם ווייסן שטרייף אויף איר יונגן, רונדן קאָפּ.

שטיל האָט זי אָנגעהייבן מיט אַ לייכטן ציטער אין איר שטימע:

— ...איך זע, ווי איר קוקט אויפן גרויען פּאַס האָר מער ווי אויף די בלומען... און אפשר קוקט איר אויף ביידע צוגלייך און עס וואונדערט אײַך. איך ווייס גאָר ניט, וואָס בײַ אײַך איז מער חידוש, צי דאָס וואָס איר האָט געטראָפן אַ יידישע איבערוואַנדערין, וואָס האָט געמאַכט אַ גאָרטן הינטערן שטוב און באַגיסט אים — אָדער דאָס, וואָס צו איר האָט זיך די עלטער אַרײַנגעריסן אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן... איך קוק אײַך אָן, איר זייט אַ וועלט אויסגעפאָרן און איצטער זייט איר פאַרבלאָנדזשעט אַהער. געוויס נאָר פאַרבלאָנדזשעט. איך באַמערק, ווי די אַמעריקאַנער געסט לויפן אָן אַהער און טראָגן זיך אָפּ. זיי ווייסן גאָרניט, וואָס פאַר אַ בענקשאַפט זיי ברענגען און לאָזן דאָ איבער. זעלטן ווען זיי קריכן אַרויס פון אַוטאָמאָביל. דאָס זע איך אײַך אַ ביסל נענטער צו די הייזער. און איר זייט אפשר דער ערשטער היינטיקן זומער פון די געסט, וואָס האָט באַמערקט דעם גאָרטן הינטערן הויז. געוויינטלעך באַמערקט מען די רויזן אַנטקעגן פענסטער. —

— יאָ, יעדער איינער, גלויב איך, געפינט זיך איינמאָל אין לעבן אין אַ טעמפן פינסטערן ווינקל און מוז קריגן אַ שטויס, ער זאָל דעם ווינקל פאַרלאָזן. ווער עס קריגט ניט אין צייט דעם שטויס, דער גייט אין דער פינסטער פאַרלאָרן. איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, וואָס די רעוואָלוציע האָט איינעם אַרויסגעשטויסן פון טעמפן ווינקל אַרויס און דעם אַנדערן, פאַרקערט, האָט זי אַהין פאַרטריבן.

— איך ווייס ניט, אפשר איז דאָס ניט רעכט, אַז איצטער, אויפן עלפטן יאָר נאָך דער רעוואָלוציע, זאָל איך נאָך אַרויסטיילן באַזונדער די יידישע מאַסן אין דער צייט פון די אוקראַינער פאָגראָמען און דערמאָנען אין וואָס פאַר אַ גהינום עס האָט זיך יעמאָלט געפונען די יידישע מיידל, אָדער יונגע פרוי... עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלע ווילדע אינסטינקטן, וואָס ביז דער מלחמה, אָדער ביז דער רעוואָלוציע זײַנען זיי געווען ערגעץ דערשטיקט, האָבן זיך אויפגעכאַפּט און גענישטערט און געשמעקט וואו צו געפינען אַ יידיש מיידל אָדער

אַ יידישע פרוי. זיי האָבן זיך אין דער יידישער פרוי געריעט נאָך ערגער ווי חזירים פלעגן זיך ריען אין די יידישע הרוגים, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין גאַס. דאָס מיינט ניט, חבר, אַז די יידישע פרוי איז בלויז געווען הפקר. דאָס אַליין וואָלט נאָך ניט געווען אַזוי שוידערלעך. הפקר פאַר וועמען? עס פרעגט זיך דאָך, ווער וועט אַרויסווייזן אַנטקעגן דיר זיינע חיהשע אינסטינקטן? און צוליב וואָס בכלל האָט די צייט באַדאַרפט נעמען און דורך יידן באַווייזן דעם אמתן פנים פון מענטשן, וואָס איז נאָך אַזוי פאַרשקלאַפט צו אינסטינקטן?

— אַז איר קוקט אויף מיין ווייסער פאַסמע האָר קען מען מיינען, אַז איך בין אַלט זיבעציק יאָר. איך בין מיט אַ חודש צוריק געוואָרן דרייאונצוואַנציק יאָר. בעת די פאָגראָמען בין איך אַלט געווען אינגאַנצן פערצן יאָר. און די פאַסמע גרויע האָר, וואָס איך האָב געקראָגן אין יענער צייט, האָט אין מיר איינגעשניטן אַזאַ־אַ עלטער. אַ פאַס, אַן איינאונאיינציקער... ווען מען פרעגט מיך איצטער, צי איך וויל, אַז דער דאָזיקער פאַס זאָל פאַרשווינדן? — ווייס איך ניט, צי איך וואָלט וועלן. כאָטש מיר אַליין וואונדערט עס, וואָס שוין אַריבער צוויי יאָר, אַז איך בין ביי דער ערד און איך נאָג פון איר חיונה און כוח ווי די דאָזיקע אַלע גרינסן — עס האָבן שוין באַדאַרפט דאַכט מיר אויסגעראָטן ווערן פון בלוט יענע שפורן, וואָס האָבן געבראַכט צו דעם דאָזיקן צייכן.

— איך בין דאָ ניט אַליין. איך האָב דאָ אַ טאַטן, אַ יינגערן ברודער און אַ קליינע שוועסטערל. איך דערקען אויף אַלעמען די צייכנס פון יענער צייט; אַפילו אויף מיין שוועסטערל, וואָס איז יעמאָלט אַלט געווען אינגאַנצן דריי יאָר און איז ניט אַראָפּ פון דער מאַמעס האַנט... יאָ, איך האָב געזאָגט, אַז יעמאָלט האָבן זיך אָפּגעריסן אַלע שוידערלעכע אינסטינקטן און נאָר די יידישע מיידלעך; נאָר די יידישע פרויען האָבן זיי אַרומגענישטערט. מיר האָט באַדאַרפט ווערן פערצן יאָר. די פרוי אין מיר איז פאַר שרעק אינגאַנצן פאַרחלשט געוואָרן, כאָטש איך בין נאָך כמעט גאָר אַ קינד געווען. און מיידלשע געפילן— וואו האָבן זיי דען יעמאָלט געקענט דערוואַכן?... איר פאַרשטייט, מענער האָבן זיי געהרגעט. אַראָפּ פון מאַרק. יעמאָלט האָט דאָס

לעבן ניט געהאַט די ווערדע, ווי מיר פאַרשטייען היינט: אַ מענטש וויל לעבן, ווייל ער זעט פאַר זיין לעבן אַ צוקונפט. ער זעט פאַר זיך די קומענדיקע טעג און זעט זיין אָרט אין דער געזעלשאַפט. ער בויט אַליין, צי ער בויט מיט גוטע פריינד. ער זעט זיך אַליין, אָדער ער זעט זיך אינאיינעם מיט ברידער, צי מיט שוועסטער. צי אַ פאַרטיי מענטש, ווי ער זעט זיך אין קאַמף מיט חברים פאַר אַ געוויסער אידעע.

— וואָס איז געווען די צוקונפט פאַר די דאָזיקע, וואָס די טויטשרעק האָט אויף זיי געלויערט פון אומעטום? וואָס איז מיר ווערט געווען דער מאָרגן, אַז היינט האָב איך געזען מיין זיידן און מיין באָבען, אומשולדיקע מענטשן, ווי ביידע זיינען געלעגן מיט צעשפּאָלטענע קעפּ פאַרן שטוב, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל אַריין פון וואַלד, וואו מיר און נאָך יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין משך פון דריי טעג און דריי נעכט? צי האָט מען דען יעמאָלט געשפּירט הונגער, אָט ווי איך שפּיר איצטער... איצטער, צום ביישפּיל, פאַרזעץ איך אין דער ערד מיינע בוריקעס, מיינע מערן, צי מיינע קאַרטאָפלעס אָדער בלומען און איך וואַרט און איך באַגרייף, אַז איך האָב מיין אַמביציע עס זאָל וואַקסן; איך באַגיס ווען קיין רעגן איז ניטאָ און אַלץ וואָס איך טו האָט אַן אויסרעכענונג. און סע שטימט. יעמאָלט האָט איינס מיטן אַנדערן זיך ניט אָנגעקערט. וואָרעם, אַז מענטש מיט מענטש האָבן זיך יעמאָלט אָנגעקערט ווי חזיר מיט נבלה; אָדער וואָלף מיט געפּגרטן פערד; צי ווייס איך, דאָרט אַן אַנדער שרעקלעכע פאַרגלייכעניש —

— פרעג איך אייך, חבר: —

ווי אַזוי פונדעסטוועגן האָט זיך ביי אונז אָפּגעראַטעוועט אַ פאַרלאַנג, אַז ווען די בלוטיקע כוואַליע איז אַריבער און איינער האָט נאָך דעם אַנדערן געפונען — זאָל נאָך יעמאָלט זיין אַ פאַרלאַנג צו לעבן, ניט נאָר פאַר היינטיקן טאָג, נאָר אַפילו פאַר דעם מאָרגן אויך?

— איך דערמאָן מיך, יעמאָלט ווען מען איז געזעסן אין נאַסן וואַלד, שוין געווען אויפן דריטן טאָג; אַזאַ טעמפּער הונגער האָט אָנגעהייבן צו נאָגן און איך האָב אויסגעריסן אַ ביסל געלבלעכע גראָז לעבן זיך און גענומען קייען... איך האָב נישט גלייך אָראָפּגעשלונגען;

איך האָב לאַנג געקוקט אין די אויגן האָבן געקוקט צו דער ערד, צום ערשטן מאָל האָב איך מאָדנע אַזוי געקוקט צו דער ערד, נישט אַזוי ווי עס קוקט אַ מענטש — נאָר ווי עס קוקט אַ בהמה, וואָס זוכט גראָז צום גריזשען. מיר איז ניט געווען שרעקלעך. גאָרנישט שרעקלעך. איך דערמאָן מיך איצטער, אַז פאַרן טויט האָב איך אויך נישט געהאַט קיין מורא. אויב איך בין געלעגן אין וואַלד און זיך נישט אומגעקערט אין שטעטל אַריין, איז דאָס נישט געווען דערפאַר, ווייל איך האָב מורא געהאַט פאַרן טויט. ניין. מיר האָט זיך אויסגערוכט, אַז פון וואַלד איז ניטאָ וואוהין צו גיין, אַז אומעטום איטער וואַלד, איז עק וועלט; איז אַזאַ טעמפער ווינקל, פון וועלכן מען קען נישט אַרויס. איך קען איצטער ניט זאָגן, וואָס די עלטערע האָבן יעמאָלט געשפירט; די אַלע וואָס האָבן געדאַוונט, תהילים געזאָגט, גאָט געבעטן, זיי, טראַכט איך, האָבן יאָ אפשר געזען פאַר זיך דאָס לעבן; ס'איז געווען פאַרצאַמט און זיי האָבן אַריבערגעקוקט אַריבערן צוים... יע, מיר איז שטאַרק אין זינען געלעגן מיין עלטערע שוועסטער פון ניינצן יאָר. מיר איז נישט געווען קלאָר, וואָס מיט איר קען טרעפן. די מאַמע האָט כסדר נאָר פאַר איר געדאגהט! זי איז מיט אונז נישט געווען, זי איז אַוועק אין נאָנטן דאָרף. זי האָט זיך זייער גוט געקענט אָנטאָן ווי אַ אוקראַינקע. באַקאַנטע פויערים האָבן זי צוגענומען מיט זיך. מיר האָט מען אויך געוואָלט מיטנעמען, נאָר איך האָב נישט געוואָלט לאָזן דער מאַמען אַליין.

— עס איז ניט צו פאַרשטיין, וואו די פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן און פון אונזערע יידן איז נאָך פאַרשטעקט. איך האָב עס שפּעטער אויך ניט גוט באַגריפן... די מאַמע איז יעמאָלט אין וואַלד געווען לעבן מיר; איך האָב זיך צו איר געטוליעט. און זי האָט כסדר גערעדט און געדאגהט, וואָס פון דער שוועסטער איז געוואָרן... זי האָט מורא געהאַט, אַז אין דאָרף וועט מען זי אַרויסגעבן; אַז סוף-כל-סוף וועלן די פויערים זיך מיישב זיין און זי איבערגעבן צו די פּאָגראָמשטשיקעס. געדענק איך, אַז יעמאָלט האָט די מאַמע נישט גערעדט פון איר טויט; טאָמער וועט מען איר קינד הרגענען. זי האָט נאָר מורא געהאַט, אַז מען זאָל זי נישט פאַראומריייניקן. יעמאָלט וועט איר לעבן שוין גאָר קיין ווערט ניט האָבן. און איך האָב נישט פאַרשטאַנען

וואָס איז דער חילוק, צי מען איז ריין צי אומריין, אַז איך אַליין קוק צו דער ערד נישט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ בהמה וואָס זוכט גראָז צו גריזשען? טאַקע, וואָס האָב איך געקענט יעמאָלט פאַרשטיין פון דער מאַמעס פאַרבאָרגענעם אומגליק. איך האָב געוואָלט דער מאַמען טרייסטן און נישט געוואוסט ווי אַזוי. —

— איך דערמאָן מיר, אַז מען איז געקומען פון שטעטל און אָנגעזאָגט, אַז מען קען זיך אומקערן ווייל די באָלשעוויקעס זיינען אָנגעקומען — ס'איז שוין געווען אויפן פערטן טאָג—האָבן נישט אַלע זיך גערירט פון אָרט. נאָר מיין מאַמע האָט זיך ווי אַ צעשראָקענער פייגל אַ הייב געטאָן פון אָרט, מיך אַ נעם געטאָן פאַרן האַנט, דאָס קליינע שוועסטערל אויפן האַנט און זיך געלאָזט לויפן אין שטאָט אַריין. דער טאַטע האָט זי קוים אָנגעיאָגט, דאָס שוועסטערל בײַ איר צוגענומען. איך קען ניט פאַרגעסן מיין מאַמעס אויסזען יעמאָלט. אָ, חבר, דאָס קען מען גאָרנישט באַשרייבן די שרעק וואָס אויף איר פּנים איז אַרויסגעקומען, דווקא יעמאָלט, ווען מען האָט אָנגעזאָגט, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען אַוועק... ניין, איך קען עס נישט פאַרגעסן אַפילו יעמאָלט, ווען איך בין דאָ מיט מיינע אַלע חושים אַריינגעטאָן אין מיין גאָרטן... איר אינסטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט. זי איז גאָר יעמאָלט ניט געווען ענלעך אויף אַ מענטשן. זי האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ חיה וואָס לויפט פון געפאַר. כאָטש איך האָב מיר ניט געקענט אויסמאָלן, וואָס פאַר אַ חיה עס טוט אַזוי אין אַ פון געפאַר. פאַרשטייט איר דאָך, אַז איר חוש האָט איר ריכטיק אונטערגעזאָגט. זי האָט מיין האַנט ניט אָפּגעלאָזן און איך בין מיטגעלאָפן. דער טאַטע איז געבליבן פון הינטן ווייט. אפשר האָט ער געוואוסט, אַז דאָס לויפן איז שוין סיי=ווי צו שפּעט...

— איך האָב אײַך דערציילט, אַז ווען מיר זיינען אָנגעקומען, האָט מען דעם ייִדן מיט דער באָבען געפונען פאַרן שטוב מיט צעשפּאָלטענע קעפּ. די מאַמע האָט זיי ווי אויסגעמיטן. דאָס זיינען געווען מיין טאַטנס עלטערן. זי איז געלאָפן אין שטוב אַריין און איז גלייך אַוועק אין צווייטן צימער אַריין, וואו מיין שוועסטער איז געלעגן אויף דער ערד אַ טויטע. די קלייד און די העמד איז געווען אויף

איר צעריסן. אויף איר היילן לייב האָט מען דערקענט סימנים פון שטיוול. פשוטע בלאָטיקע טריט... —

— צוליב וואָס דערצייל איך עס — יאָ, צו באַווייזן... וואָס וויל איך באַווייזן... די מאַמע האָט עס נישט איבערגעלעבט. כאָטש זי איז געווען צופרידן, וואָס די שוועסטער איז ניט געבליבן לעבן אַ פּאַראומרייניקטע... דאָס איז מיר דאָס סאַמע אומפאַרשטענדלעכע...

— איצטער, אַז איר זאָלט מיך פרעגן, ווען איז ביי מיר די פאַסמע האָר אַזוי וויים געוואָרן? — — ווייס איך אַליין נישט. און איך ווייס נישט פאַרוואָס זי האַלט זיך אַזוי עקשנותדיק. ווייל איך האָב דאָך שלום געמאַכט מיטן לעבן. די רעוואָלוציע האָט אין מיר שלום געמאַכט מיט אַ סך שווערע איבערלעבונגען און די רעוואָלוציע האָט מיך אויסגעלערנט צו באַטראַכטן זאַכן נאָר אין דעם ליכט פון דער רעוואָלוציע. ווייל אַ רעוואָלוציע פאָדערט אַ סך בלוט, אַ סך קרבנות. כאָטש אַז איך זיץ דאָ אין מיין גאָרטן און לעב זיך איין אַזוי פרידלעך מיט דעם פראָצעס פון וואַקסן, פאַרשטיי איך ווידער נישט דעם זינען פון דער רעוואָלוציע; דעם זינען פון בלוט-פאַרגיסונג.

— דאָס איז אמת, דער טאַטע קען צו זיך נישט קומען. ער איז געווען אַ דערוואַקסענער מענטש. אים איז איצטער פיראונ-פופציק יאָר. ער רעדט נישט קיין מאָל פון יענע צייטן, אָבער איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז דער וואונדער פון דער צייט, אַז וואונדן קענען לעבן און זיך נישט אַרויסגעבן. איך גלויב, אַז די רעוואָלוציע גופא טראָגט נאָך אין זיך אַ לעבעדיקע וואונד. אפשר נאָר דער קומענדיקער דור וועט פון איר ניט וויסן. יאָ, איך זאָג, אַז דאָס איז דער וואונדער פון דער רעוואָלוציע. מען האָט מיר צוגערעדט, אַז איך זאָל אַריין אין דער פאַרטיי. מען האָט שפּעטער מיר צוגערעכנט פאַרדינסטן, כאָטש איך קען מיר קיין רעכענונג נישט אָפּגעבן, ווי גרויס מיינע פאַרדינסטן זיינען שפּעטער געווען. נאָך די געשעענישן, כאָטש אַ מיידל פון פערצן יאָר — בין איך מיט אַמאָל רייף געוואָרן. אָט ווי איך בין איצטער, אַזוי בין איך געוואָרן. נאָר מיין ווייסע פאַסמע האָר האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז איך טויג נישט אין דער פאַרטיי. מיט אַזאַ צייכן גייט מען נישט אין מלחמה אַריין; אַזאַ

צייכן איז אַ באַווייז, אַז ערגעץ־וואו אין מיר איז פאַראַן אַ מענטשלעכע שוואַכקייט, וואָס איך וויל זי גאָר אין זיך נישט פאַרלייקענען...

— נאָר דאָס, חבר, וויל איך אייך דערציילן, אַז בשעת מען האָט פאַר דריי יאָרן אָנגעהויבן ריידן, אַז מען וועט יידן איבערפירן צו ערד־אַרבעט און ערד שניידט מען אָפּ טאַקע ביי אוקראַינע — אַז איך האָב דאָס צום ערשטן מאָל געהערט, האָט מיר אַ שלאָג געטאָן דאָס בלוט אין פּנים אַריין. איך האָב אַליין נישט געקענט מיר אָפּגעבן קיין חשבון, וואָס פאַר אַ געפילן עס זיינען שולדיק געווען אין דעם. איך בין געלאָפן צום שפּיגל זען צי מיין ווייסער פּאַס איז פאַראַן אויפן קאָפּ... איך האָב דאָס נישט געקענט גוט באַנעמען. איר ווייסט, חבר, — מיר האָט דאָס אויסגעזען, אַז אַ דאָפּלטער גוואַלדטאַט קומט דאָ פאָר: ערשטנס, שניידט מען אָפּ ערד ביי אַ פאָלק, וואָס האָט אַ לעבן לאַנג זיך געשלאָגן פאַר דער באַפרייונג פון דער דאָזיקער ערד און צוליב דעם אפשר האָט עס די גאַנצע שנאה אויסגעלאָזן צום שוואַכערן. און צווייטנס: — ווי אַזוי זאָלן יידן זיך גיין באַזעצן אויף דער ערד פון אַ פאָלק, וואָס ווייזט נישט אַרויס קיין סימנים פון חרטה אויף די שוידערלעכע געשעענישן?

— איך ווייס נישט ווי איר, חבר, מאָלט אייך אויס דעם אופן, ווי אַזוי מען ברענגט צונויף יידן מיט די אוקראַינער, נאָך אַזעלכע יאָרן ווי דער אַכצנטער און נײַנצנטער, און מען צווינגט זיי לעבן בשלום; פאַרגעסן וואָס געווען און אינאיינעם גאָר אַרבעטן פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט. אָבער דאָס איז דאָך אַ פאַקט. די רעוואָלוציע האָט עס באַפוילן. די רעוואָלוציע האָט געזאָגט, אַז פון איצטער אָן און ווייטער מוז דאָס אוקראַינישע פאָלק אינאיינעם מיט יידן קוקן אין איין צוקונפט אַריין; איז דאָס האַרב. איז דאָס שטרענג. אַזוי שטרענג ווי די גאַנצע פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז. איר זעט דאָך אַליין. אַ פאַקט. איר זייט אויף אוקראַינישער ערד. איר זייט אין אַ יידישן נייעם דאָרף; איר זיצט אין אַ גאָרטן וואָס אַ יידיש פאָגראָמירטע מיידל באַאַרבעט. און איך וויל, איר זאָלט מיר חבר, גלייבן, אַז די ערד, וואָס יעמאָלט אין וואַלד האָב איך צו איר געקוקט מיט דער אייגענער שטומפּיקייט, ווי אַ בהמה בשעת זי זוכט

גראָז צו גרידשען — איצטער איז די ערד פאַר מיר ווי אַ מאַמע, וואָס האָט אַ סך וואַרעמקייט און צערטלעכקייט. מער נישט וואָס דער כּטעפּ איז איצטער אין אַ שרעקלעכן מצב. דער סטעפּ איז נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געווען. איך טראַכט נאָר, ווען מען קען דעם גאַנצן סטעפּ מיט וואַסער באַוואַסערן און אָפּפרישן אים...

— דאָ, אַרום שטוב האָב איך זיך באַקענט אויף דאָס ניי מיט דער ערד און פון איר קומען צו מיר אַרויס נישט נאָר בלומען; די בלומען זיינען פאַר מיר אַ ביישפּיל, אָדער איך וואָלט געזאָגט אַ סימבאָל פון גאַנצער נאַטור — פון דער ערד הייבט אָן אַרויסצוקומען די פרידלעכע צוקונפט פאַר די יידן און די אוקראַינישע מאַסן... וואָרעב איך קען מיר גאָר איצטער קיין אַנדער אויסוועג נישט אויס־מאָלן. ווי אַנדערש האָבן זיך געקענט באַגעגענען די יידן מיט די אוקראַינער און גלייך ווי עס וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געווען קיין ניינצעטער יאָר? ווי אַזוי? אין שטאָט? אין דער שטאָטישער אָפּגע־זונדערטקייט? ניין חבר, דאָס וואָלט צו גאָרנישט געפירט. נאָר ביי דער ערד. נאָר ווי די רעוואָלוציע האָט עס געטאָן. אָפּגעשניטן פון אוקראַינע שטיקער ערד און איבערגעגעבן די יידישע מאַסן. זאָלן זיי אויפרייסן יונגערד... זאָלן זיי בויען דערפער. זאָלן זיי אָנהייבן צו שיקן אין שטאָט אַריין ברויט... זאָלן זיי אָנהייבן צו שפּייזן די שטאָט, ווי דער פויער האָט דעם שטאָטישן יידן כּסדר באַדאַרפט שפּייזן! כאָטש דער פויער פלעגט נעמען ביים יידן געלט, נאָר אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער ייד נעמט עס ביי אים צו אומזיסט... איצטער, חבר, קומט די דערלייזונג. הלוואי וואָלטן אַלע איבערוואַנדע־רער דאָס שפּירן ווי איך זע עס.

— איך זיץ דאָ אין מיין גאָרטן און הער נישט אויף צו גיסן וואַסער און לעשן די דאָרשטיקייט פון גאָרטן. ס'איז מאַמע־ערד, מיין ערד, וואָס קוקנדיק צו איר זע איך אַרויס אַזאַ לויטערע צוקונפט פאַר אַלעמען, פאַר אַלעמען, סיי פאַר יידן און סיי פאַר אוקראַינער.—

— ערד, חבר. איך קען שמעקן דעם ריח פון די רויזן, ווען איך בויג זיך אַראָפּ צו דער ערד; איך באַדאַרף אַפילו נישט צולייגן קיין בלום צום נאָז. איך זיץ דאָ און היט אָפּ, אַז אַרום אונזער שטוב

זאָל עס גרינען. און איך בין צופרידן, וואָס איר האָט עס באַמערקט און אויף אַ ווײַלע זיך אָפּגעריסן פון עולם...

— און אָט וועל איך אײַך אויפזוכן אַ רויטע רויז, וואָס האָט זיך היינט געעפנט... אָט, נעמט זי צום אָנדענקען. אַ יידישע רויז געוואַקסן אויף אוקראַינער ערד...

---

# ק ר י ם

קרימער האַלבּ־אינזל קוקט אַרויס צום אָריענט און איז מיטן נאָפּל צוגעקניפּט צום צפון. ציקלאָניש שפּילן דאָ די ווינטן. פּיל מיט קאַפּריזן איז דער דרום־ברעג — די בערגיקע קרים; סטעפּ און צומאָל מעלאַנכאָליש זיינען די פּלאַכע צפונדיקע שטרעקעס.

קרים איז אייך דורך דורות געווען דער אָפענער שליאַך פאַר פעלקער־קריג. פון די רוימישע גענעראַלן, פאַר דער קריסטלעכער ערע, ביז צו ווראַנגעלן, דעם אָנפירער פון דער ווייסער גוואַרדיע, האָבן קרימער בערג־ריפן און קרימער פלאַכלאַנד זיך געזעטיקט מיט מענטשלעך בלוט. דאָ, אין קרים האָט דערבּרענט דער לעצטער קנויט, וואָס האָט באַלויכטן די גלאָריע פון שטאַטלעכן אימפּעריאַליזם; דאָ, אין קרים איז אויסגעלאָשן געוואָרן די לעצטע האָפענונג, אַז ווען עס איז וועלן נאָך אַנטרונענע פון די ראָמאַנאָווס קענען אויפשטעלן דעם אַלטן טראָן.

ווען קרים איז געפאַלן פאַר די אָפּגעריסענע, באָרוועסע און הונגעריקע רויט־אַרמייער, — איז שוין די שפּיל געווען פאַרן טיוול. וואָס איז קרים אין פאַרגלייך מיט אוקראַינע אַפילו? אַ קליינער האַלבּ־אינזל, אָבער אַ רינג אַ גילדענער אין דער קייט פון מלכימשע קאַפּריזן. עס האָט אויסגעזען, אַז די לעצטע פון די ווייסגוואַרדייער האָבן געוואָלט מיט זיך קרים פאַרנעמען. אפשר וואָלט טערקיי קרים אויסגעבאָרגט פאַר זיך. אפשר וואָלט דאָ ענגלאַנד אַ פוס אַריינגעשטעלט... באַשערט געווען, אַז קרים זאָל בלייבן אָנגעקניפּט אין דער גרויסער משפּחה באַפרייטע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן; באַשערט געווען, אַז קרים, וואו עס האָט געהערשט אָריענטאַלישער פאַנאַטיזם און סלאַווישער פעאָדאַלער דעספּאָטיזם; קרים — וואוהין אַלערליי ראַסן האָבן שטיפקינדער פאַרשיקט, כדי זיי זאָלן זיך אַרומרייסן צווישן זיך — באַשערט געווען, אַז קרים זאָל ווערן דער האַלבּ־

אינזל, וואו קינדער פון אַלערליי ראַסן זאָלן זיך מוזן פאַרברידערן אונטער דעם צייכן פון דער נייער צייט און אַז אויך די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן זאָלן אַהער ווי פּיאָנערן קומען זייער חלום צו פאַרווירקלעכן.

---

קרים האָט יידן דערקענט נאָך גאָר אין די אַלטע צייטן. אַ סברה, אַז נאָכן צווייטן חורבן, אין דער אייגענער צייט, ווען זיי האָבן אַריינגעדרונגען אין קאַווקאַז — האָבן זיי קיין קרים דער־גרייכט. פאַראַן שפּורן זייערע אין קרים. זיי זיינען דאָ ביזן מיטל־עלטער געווען גוט אָנגעזעען. די קאַראַימער האָבן אין צייט פון קאַטערינע דער צווייטער דערוויזן, אַז זיי זיינען די אמתע יידן און פאַר זיך אַרויסגעקראָגן די פולע רעכט און פּריווילעגיעס. די רוסישע מאַכט איז גערן געווען אָנצונעמען, אַז די אמתע יידן זיינען דאָס הייפל קאַראַימער, און די מיליאָנען יידן נים קאַראַ־ימער — זיי זיינען די „זשידעס“. דאָס איז געבליבן ביז צו דער רעוואָלוציע. נאָר יעווּפּאַטאָריער ברעג און אויך אַ ווינקל ברעג ביי אַלופקאַ, אין דרום־זייט, איז דערלויבט געווען פאַר יידן צו קומען זיך אַהין קורירן. ווייטער איז קרים געווען פאַרמאַכט פאַר יידן.

אין קרים איז געווען באַקוועם אָנצובויען שלעסער ביים דרום־ברעג, אין די בערג. אין ליוואַדיע האָט נאָך קאַטערינע די צווייטע אָנגעהויבן צו בויען דעם מלוכישן זומער־פּאַלאַץ. אין ליוואַדיע האָט נאָך ניקאָלאַי דער צווייטער אַ שיין ביסל זומערן אויסגע־גענעצט זיין לאַנגוויילע צווישן די ציפּאַריסן פון דער פרעמד־געבראַכטע. לענג־ברעג, אין דער בערגיקער געגנט האָבן געהאַט זייערע נעסטן די דאָזיקע, צו וועמען די מלוכישע הויכקייט האָט אַ שמייכל געטאָן. אין דרומדיקן קרים האָבן גוטבאַזיצער פּריווילעגירטע זיך באַנוצט מיט ליוואַדיער חסד. פעאָדאַליזם איז נאָך צו־ביסלעך אָנגעגאַנגען. דאָ האָט מען געקענט אָרגיעס טרייבן אויף וואָס די וועלט שטייט. דאָ האָבן געמיטער זיך געלאָזט פריי גיין. לוקסוס האָט אויף דעם דרום־ברעג קיין גרענעצן נים געוואוסט.

געווים איז די שיינקייט פֿון קרים אַ סך באַזונגען געוואָרן. די ליטעראַטור האָט אין די אַלטע צייטן קרים ניט פֿאַרלאָזן. קרים איז געווען די געליבטע פֿאַר אַ סך דיכטער. קאַווקאַז האָט מען זיך געמאָלן ווייט; הוים פֿון פֿרעמדע פֿעלקער און ראַסן; הייבע געמי־טער. בונט און סכנת־נפשות. קרים איז מילד. קרים איז איינגנס. קרים איז דאָס טעפּל מיט פֿוך, וואו הינדעלעך טאָגיקע שפּירן זיך גוט. ווער האָט געטראַכט פֿון קרימער סטעפּ, וואו אַ מעת־לעת באַדאַרף מען בלאָנדזשען און אַ טרונק וואַסער געפֿינען? די ליטעראַטור, די פּאָעזיע האָט די דאָזיקע קרים ניט געמאָלן. די דאָזיקע קרים איז ניט געווען גאָר ווּסט. דאָ און דאָרטן — אַ רייכער גוטסבאַזיצער, וואָס האָט געהאַט אין זיין רשות טויזנטער העקטאַר פֿלאַכלאַנד; אַ ביסל געאַקערט, אַ ביסל געזייט און סטאַדעס שאָף אויפֿגעהאַלטן. איעדער האָט אַ סך לאַנד געהאַט אין צום לאַנד — אַ סך אָרעמע באַטראַקעס, וואָס האָבן פֿאַר אים געאַרבעט. אַזוי די טאָטערן; אַזוי די דייטשן און אַזוי די רוסן. פּריצים. אַרום די פּריצים זיינען געווען הונדערטער, טויזנטער צענדליקער טויזנטער קנעכט, וואָס האָבן געלעבט פֿון חסר.

דעם טאָטער האָט מען גערופֿן „שעפּסענער קאָפּ“. דעם דייטש — „קאָלבאַסניק“; דעם רוס — „בלאָטיקער שוויין“. און דעם יידן? ער איז דאָ כמעט ניט געווען. רוסישע יידן האָבן געהאַט אַ ידיעה פֿונדערווייטנס, אַז קרים איז אַ חשובער ווינקל ערגעץ ביים שוואַרצן ים. אַ סימן — מען לאָזט דאָך אַהין קיין יידן ניט אַריין.

— ווייַן קומט פֿון קרים.
— וויינטרויבן — פֿון קרים.
— פֿון רעוומאַטעס קען מען זיך היילן אין קרים.
— פֿון סוכאָטעס אויך.

דאָס האָבן יידן פֿונדערווייטנס געוואוסט.

אין דער ליטע, פּוילן, ווייסרוסלאַנד, איז ראש־השנה אַ ברכה צו מאַכן האָט מען די טייערע פּירות אַראָפּגעליווערט אַזש פֿון קרים. מען האָט געשמועסט: אַ סברא, אַז אין קרים וואַקסן אתרוגים און לולבים אויך.

מען האָט געוואוסט, אַז ניקאָלאַי פאָרט אַהין יעדן זומער און, אַז ער קומט אַהין, ווערט פאַר יידן נאָך שטרענגער.

---

אויב די ידיעה, אַז מען גיט יידן ערד אין אוקראַינע, האָט אַרויסגערופן ביי די יידישע מאַסן צעמישטע געפילן; אויב ביי די יידישע מאַסן האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט, צי וועט מען קענען רויק שלאָפן אין דעם כערסאָנער סטעפּ?... איז אָבער קיין דאָפּלטע געפילן ניט געווען בנוגע קרים. קרים האָט ביי יידן געהאַט אַ גוטע רעפּוטאַציע פון אַלע יאָרן.

— אויב ניקאָלאַיען מיט זיין אַלעקסאַנדרען האָט זיך גוט געלעבט אין קרים — וועט שמעיהן און חיהן אַוודאי און אַוודאי גוט און וואויל זיין. קיין כערסאָן איז מען געגאַנגען; קיין קרים — איז מען געלאָפן. קיין קרים — ווייל דאָרט איז וואַרעם. קיין קרים — ווייל דאָרטן וואַקסן ווייַנטרויבן. קיין קרים — ווייל דאָרטן זיינען קיינמאָל קיין פּאָגראָמען אויף יידן ניט געווען. קיין קרים...

— קיין קרים!

קרים האָט נאָך אַ ציִונגס־קראַפט: מען גלויבט, אַז אין קרים וועט מיט דער צייט ווערן אַ יידישע נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע.

קיין קרים איז געווען אַ געלאַף און דאָס האָט געהאַט אַ צווייענדיקע באַדייטונג: ערשטנס, האָט אַרויסגעהאָלפן, אַז מען זאָל קענען שנעל באַזעצן די ערד־שטחים, וואָס מען האָט צוגעשניטן פאַר דער יידישער איבערוואַנדערונג. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט עס פאַרטראָגן קיין קרים אַזאַ עלעמענט, וואָס האָט לחלוטין ניט באַדאַרפט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. בעל־מלאכות, וואָס האָבן געקענט פאַרדינען אויף דער חיונה ביי זיך אין דער היים, האָבן זיך ניט באַדאַרפט לאָזן קיין קרים נאָך ווייַנטרויבן. געווים האָט די צייט אויסגעגלייכט אַ סך קרומקייטן. אין די שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד ווייסט מען שוין, אַז אין קרים וועלן נאָך יידן באַדאַרפן אַליין פלאַנצן ווייַנטרויבן און וואַרטן פיר יאָר ביז מען וועט קענען מאַכן שהחינו.

פאַרשטייט זיך, דאָס האָט צו טאָן מיט דעם גאַנצן בהלהדיקן כאַראַקטער, וואָס די באַוועגונג האָט געמוזט טראָגן, בשעת

אַן עולם האָט זיך געלאָזט לויפן ווי פון אַ שׂרפה. דער ייד, וואָס האָט אַ לעבן לאַנג געלעבט, ווי אויפן ווינט, אין דחקות, קיינמאָל ניט וויסנדיק היינט, מיט וואָס ער וועט דעם מאָרגנדיקן טאָג איבערלעבן — דער דאָזיקער ייד, איז געקומען צו דער ערד מיט דעם גרעסטן אומגעדולד און אויך מיט דעם גרעסטן אומצוטרוי. דער, וואָס איז געווינט אַיעדן טאָג זיך זען מיט אַן אָפּגעלייזטן גראָשן — אים איז שווער צו באַהערשן זיין געדולד: וואַרטן חדשים־לאַנג, כּדי דאָס, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין דער ערד, זאָל אַרויסקומען צוריק מיט ריווח.

די פולע מאָס פּיאָנערנטום, וואָס דער ייד האָט ביי דער ערד סוף־כּל־סוף אַנטוויקלט, איז צו אים געקומען ניט באַוואוסטזיניק. באַוואוסטזיניק האָט ער געקרעכצט און אומבאַוואוסטזיניק טראָגט ער איבער ביי דער ערד די פולע מאָס ליידן, ווי אַן אמתער פּיאָנער. פאַר מיר האָבן דייטשע פּויערים אין קרים אויסגעדריקט זייער פאַרוואונדערונג:

— אין לעבן האָבן מיר זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ ייד זאָל זיין פעיק אַזויפיל צו ליידן... הונגער, קעלט, אָן אַ דאַך און אַזויפיל עקשנות אַ פּויער צו ווערן....

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועל איך באַשרייבן די העלעזייט פון דער גאַנצער איבערוואַנדערונג, וואָס רופט אַרויס דעם אומבאַוואוסטזיניקן פּיאָנערנטום, מיט וועלכן אונזערע איבערוואַנדערער פאַרביען דעם וויסטן סטעפּ. דורך קרים וועל איך שוין באַלייכטן דאָס אַלגעמיינע בילד פון דער איבערוואַנדערונג, די אָנגעשטרענגטע אַרבעט און די מאַטערנישן, דורך וועלכע דער יידישער איבערוואַנדערער גייט דורך אין די ערשטע פאָר יאָר, ביז ער באַווייזט זיך אויסצובויען; אַריבערברענגען די משפחה און אַליין צו אַקערן און אַליין פאַרזייען זיין פעלד.

---

די גרעסטע אַנטוישונג פאַר די יידישע איבערוואַנדערער איז דאָס, וואָס מען האָט ניט צוגעשניטן איין מאַסיוו — נאָר קלענערע שטחים צו עטלעכע טויזנט העקטאַר לאַנד. אַזוי, אַז די דערפער זיינען צעוואָרפן שיטער. ווען אַן איינהייטלעכער טעריטאָריע קען

קיין רייד ניט זיין, ווייל מען האָט די אַלע אַלטע דערפער געלאָזן. מען האָט נאָר ביי די אַלטגעזעסענע דערפער אָפּגעשניטן די שטחים לאַנד, וואָס זיי האָבן געהאַט איבער דער נאָרמע; גרעסערע שטחים ערד פון איינציקע גוטסבאַזיצער.

אין קרים, וואו די רעוואָלוציע האָט צום שפּעטסטן מנצח געווען די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כּוחות, איז נאָך אַ צייט שפּעטער אַפילו די ערד־פאַרטיילונג געבליבן אויסער דער פולער רעגירונגס־קאָנטראָל. די אָרטיקע מאַכט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן כּמעט ביז פאַר דריי יאָרן, האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיט אירע כּוונות. די ערשטע צייט האָט די לאָקאַלע מאַכט אין קרים גופא געפירט אַזאַ פּאָליטיק, וואָס פּאַקטיש איז די ערד געבליבן אין די הענט פון איינצלנע מענטשן. די באַוועגונג, אַריבערצוברענגען יידן קיין קרים, איז דערשטיקט געוואָרן אין קרים גופא. דער טאָטערישער פירער איבראַהימאָוו האָט פאַר דער דאָזיקער געשיכטע באַצאָלט מיטן לעבן. צו זיין יידנפיינדלעכער פּאָליטיק האָט זיך נאָך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געהאַט אַ שייכות מיט אויסלאַנד און האָט געהאָפט ווען עס איז קרים אָפּרייסן פון ראַטנפאַרבאַנד. דאָס געהער שוין צו דער היסטאָריע.

ווען די דאָזיקע רעאַקציאָנערע שטימונג איז געבראָכן געוואָרן, האָט מען דאָך געפונען, אַז מען האָט צייט געהאַט צו פאַרפלאַנצן אַנטיסעמיטיזם אין קרים, דאָרט, וואו דאָס איז פריער ניט געווען. מען האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען גייט גאַנץ קרים אָפּגעבן יידן. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, נאָך דעם, ווי מען האָט אָפּגערייניקט קרים פון אַלע פאַרבאָרגענע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כוחות, ביז מען האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר יידישער איבערוואַנדערונג — האָט מען קיין איינהייטלעכן שטח לאַנד ניט געפונען. ביי היינטיקן טאָג פאַרמאָגט שוין קרים קרוב פון אַ הונדערט יידישע דערפער, וואו זיי זיינען נעענטער איינס צום אַנדערן, וואו זיי זיינען אַ גרופּע דערפער צו עטלעכע וויאָרסט ווייט איינס פון אַנדערן, און וואו מען פאַראייניקט זיי דורך איין יידישן דאָרפסראַט. עס טרעפן דערפער, וואָס זיינען פאָרלויפיק פאַרוואָרפן באַזונדער צווישן ניט=

יידישע דערפער. און דאָס אײַנפלאַנצן זיך קומט פאַר אינאיינעם מיט א גרויסער בענקשאַפט צו אַ גרעסערן יידישן צענטער.

די צווייטע אַנטוישונג, איבערהויפט פון די ווייסרוסישע איבערוואַנדערער, איז דאָס, וואָס מען האָט געחלומט צו קומען קיין קרים... די קרים, וואו ניקאָלאַי מיט זיין אַלעקסאַנדרען האָבן געגעסן די פיינע ווײַנטרויבן. — גיט מען אים גאָר דעם איבערוואַנדערער לאַנד אין אַ סטעפּ, גלאַט ווי אַ טיש. אויף מיילן און מיילן קיין בוים ניט צו זען. אויף מיילן קיין פרוכט-בוים ניט צו זען. די זומערדיקע היץ אין אָפענעם קרימער סטעפּ איז אַ שווערע. אים איבערראַשט, וואָס אַזוי נאַקעט האָט ער געפונען קרים:

— גאָרניט; איך מיט מיינע הענט באַדאַרף איצטער פון קרים מאַכן קרים!

— הערסט אַ מעשה, איך זאָל ערשט איצטער פאַרפלאַנצן ווייטרויבן און וואַרטן פיר יאָר, ביז איך וועל קענען מאַכן שהחינו...

— נאַ דיר קרים, וואו קיין קאַרטאָפלעס געראָטן ניט און ציבלקע אויך ניט...

---

דער קרימער האַלב-אינזל האָט אין זיך אַלע אייגנשאַפטן צו ווערן מיט דער צייט דער שענסטער ווינקל אין ראַטנפאַרבאַנד. די מלוכה באַטראַכט איצטער קרים, ווי דעם צוקונפטיקן נחיסן היילונגס-אַנשטאַלט, וואוהין מען וועט שיקן די קראַנקע אַרבעטער און פויערים אויף אָפּרו. טיילווייז ווערט עס שוין געטאָן. דער סטעפּ האָט איין גרונטפעלער: קאַרגשאַפט אין וואַסער. קיין טייכן פאַרמאָגט כמעט נישט קרים. טיפער אין לאַנד, אין די געגנטן, וואו יידן באַזעצן זיך, גראָבט מען אַ ברונעם פון צוויי הונדערט פופציק, ביז דריי הונדערט פוס. עס קומט אויס הורכצוהאַקן שווערע שיכטן קאַלכשטיין; עס דויערט עטלעכע חדשים אַזאַ ברונעם אויסצוגראָבן.

און פונדעסטוועגן האָבן יידן זייער פּאָזיציע איינגענומען. ווידער מוז מען פאַררעכענען די נאָענטע מיטאַרבעטונג פון דער רעגירונג און פון די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס: מיט אַ גרויסער אָנשטרענגונג פירט מען דורך די יידישע באַזעצונג אויף דער ערד.

יידן שפילן שוין אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון קרימער האַלב־אינזל.

אין כערסאָנער ראַיאָן בין איך געקומען, ווען די דערפער זיינען שוין געווען צום גרעסטן טייל אויפגעבויטע. אין קרים האָב איך געפונען די אַרבעט אין אירע פאַרשיידענע סטאַדיעס. איך האָב געפונען אַיינגעפונדעוועטע דערפער פון זעקס־און־צוואַנציקסטן יאָר, סיי ביי „געזערד“ און סיי ביים „אַגראָדזשאָינט“. און איך האָב געפונען אַ גרויסע צאָל ערד־חלקים, וואו די איבערוואַנדערער האָבן נאָך געזוכט דעם אָרט, וואו זייער נייע היים וועט זיין. איך בין אין קרים שוין איבערגעבליבן אַ עטלעכע חדשים און זיך באַזעצט אין שכנות מיט די איבערוואַנדערער, כדי איך זאָל קענען איבערלעבן מיט זיי כאָטש טיילוויז זייערע ליידן און פריידן. דאָ האָב איך איבערגעלעבט מאָמענטן פון אַנטוישונג און מאָמענטן פון גרויסער פרייד.

דאָ האָב איך דערקענט אונזער שוואַכקייט, ווי אויך אונזער שטאַרקייט. דאָ האָב איך בולטער אַרויסגעזען, וואָס פאַר אַ פאָזיטיווע מיטלען די רעגירונג נעמט אָן, כדי צו לייזן די יידישע פראַגע. דאָ אין קרים, וואו די מערהייט באַפעלקערונג באַשטייט פון גוטמוטיקע טאָטערן, פון רוסן, אוקראַינער און דייטשן צווישן אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון אַ זיבן טויזנט נפשות — שטעלן יידן מיט זיך פאָר אַ אמתע מינדערהייט. פונדעסטוועגן ווערט די רעכט פון דער יידישער מינדערהייט אַיינגעפלאַנצט ביי דער באַפעלקערונג מיט דער פולער מאָס.

---

# ד ע ר ל ע ב ט

קיין קרים בין איך אָנגעקומען אין שניט־צייט. כאָטש אויך ניט אין אַ באַזונדער גערעטעניש אַריין — נאָר מען האָט דאָך געשניטן תבואה־פעלדער און ס׳איז געווען, וואָס צו פירן צו דער דרעשמאַשין.

די זאָרג האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזן. אַדרבא, מיט אַ פריידיקן געפיל האָט זיך מיין דמיון איצטער צוריק אַריבערגעטראָגן צו די כערסאָנער איבערוואַנדערער, וואו די יידישע דערפער האָב איך געפונען אויסגעבויט, נאָר די פעלדער זיינען געווען אין רשות פון אַ אומדעבאַרעמדיקער טריקעניש.

— זיינען גוטע וועלן נאָך קומען — האָט זיך געטראַכט — דער שווערער יאָר וועט פאַרביי...

די קאָכעדיקע טעטיקייט אין קרימער סטעפ פאַרכאַפט. אַ סך אויסגעבויטע דערפער. יידישע פויערים פירן אין די דראַביאַסטע וועגענער די תבואה צו זייער האַרמאַן. עס טומלען זיך מיט זייער גערעטעניש פויערים, וואָס זיינען אין קרים דאָס ערשטע יאָר. דאָס פעלד האָט פאַר זיי געאַקערט און פאַרזייט דער „אַגראָדזשאָינט“ אָדער „געזערד“. פון הימל אַראָפּגעפאַלן אַ גערעטעניש:

— געוואַלד, וואו נעם איך איצטער מיין ווייב מיט די קליינוואַרג, זאָלן זיי הנאה האָבן!

— געוואַלד, וואו נעם איך איצטער אַ שטוב, איך וואָלט שוין געבליבן דאָ ווינטערן...

די, וואָס זיינען דאָ דעם ערשטן יאָר, אָן ווייב, אָן קינד און לעבן איבער אַ גערעטעניש ביי זיך אין פעלד — זיי טומלען זיך, ווי אויף אַ נייעם אויסטערלישן יאַריד. ניט אויף וועגענער האָט עמעצער די תבואה געבראַכט אין מאַרק אַריין — נאָר מאַמע־ערד האָט אים תבואה געגעבן. ער איז פויער און איז אין דער־לופטן.

דער אָפּטימיסט האָט מיך געפּאַקט און דערקענט. אַמאָל האָט ער געשפּילט אַלס אַמאַטאָר אין מיין פּיעסע „אַ פאַרוואָרפן ווינקל“ און איצטער איז ער אַ באַוואַקסענער, אַ באָרוועסער, אַ פון-זיך-אַן אַרויסגעשפּרונגענער:

— אָ, חבר הירשביין, איך האָב געוואוסט, אַז דער מחבר פון „דאָרפס-פּיעסן“ וועט אַראָפּקומען קיין קרים און זען ווי יידן בויען דערפער, יידן בויען... און, וואָס יידן בויען ניט!... אוי, חבר, ווען איר באַזעצט זיך דאָ מיט אונז — — איר ווייסט, אַז נאָך פאַראַיאָרן האָבן מיר אין אַ ווייסרוסישער שטעטל אויפגעפירט אייערע „שמידס טעכטער“... ווען איך האָב דאָ שוין מיין הויז... קומט כאָטש מיט מיר אין פעלד אַריין, וועל איך אייך ווייזן מיין תבואה... זעקס העקטאַר ווייץ. פערוואָסאָרטנע ווייץ ביי מיר געראָטן... נו, האָב איך זיך באַנאַרישט. מורא געהאַט תחילת מיטצונעמען די משפחה, טאָמער — ווער ווייסט וואָס עס מאַכט זיך — און איצטער. חבר — איר זעט, ס׳איז אַ רחבות! סטעפּ — כאָטש שפּרייט אויס די הענט און לאָז זיך שווימען.

איך האָב שוין אַ רעדל אַרום זיך:

— חבר הירשביין, איר זייט אַמאָל געווען אויף יידישע פעלדער?

— האָט איר אַמאָל געזען, אַז אַ ייד זאָל קאָנען איינשפּאַנען אַ פּאָר אָקסן — צאָב-צאָבע — אָקסן-שפּראַך...

— אוי, עס וועט גאָר זיין אַ שאָד צו נעמען אין אַוועקפאָרן אויף ווינטער קיין ווייסרוסלאַנד...

— חבר הירשביין, קומט, איך וויל אייך ווייזן דאָס אָרט, וואו מיין הויז וועט שטיין. איך האָב שוין אַרויסגעפירט דריי הונדערט געזעגטע שטיינער און פינף פורן רוי-געבראָכענע שטיינער. קומט, אַדרבא, חבר.

— קומט, חבר, וועט איר זען, ווי די דרעשמאַשין דרעשט... אָט זעט איר דאָרטן... ניט וויט, פּיילט זיך ניט.

אַ ייד, מיט אַ גרוי בערדל און יונג פּנים קומט אָן מיט אַ הויפן תבואה:

— לאָזט, איך וויל באַווייזן דעם חבר הירשביין קרימער ווייך. איר זעט? פּערוועסאָרט. אַוודאי ווייסט איר דאָך, אַז מעל פון קרימער ווייך האָט געשמט. מען וועט מיט דער צייט וויסן, אַז פון די יידישע פעלדער קומט די בעסטע ווייך, וואָס גיט אַרויס די פיינסטע זעמל־מעל.

און ער לייגט מיר אַ קערנדל אין מויל אַריין.

— צעקייט עס, צעקייט עס, חבר הירשביין, אַ געשמאַק קערנדל. איך קיי זיי אַ גאַנצן טאָג... און איצטער קומט זען, ווי מען דרעשט שוין ביי אונז.

---

עטלעכע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן:

— אַלץ אמת; אין ראַטנפאַרבאַנד גייען טאַקע יידן צו ערד־אַרבעט אין גרויסע מאַסן, און פאַרגלייך מיט פאַלעסטינע, אָבער דאָ, אין ראַטנפאַרבאַנד, פעלט די באַגייסטערונג ביי די איבערוואַנדערער. זיי גייען מעכאַניש צו דער ערד, ווייל קיין אַנדער אויסוועג האָבן זיי ניט. קיין אידעאַל איז דערביי ניטאָ.

איך האָב פון דעם געטראַכט אַ סך מאָל אויף כערסאָנער סטעפּעס און דאָס אייגענע איז קרים. דער ייד, וואָס האָט מיר געגעבן אַ קערנדל צו קייען און געפּאָרשט מיין פּנים, צי איך האָב פון קערנדל די אייגענע הנאה, ווי ער — דער אייגענער ייד האָט אויפן וועג צו דער דרעשמאַשין אין מיר אַריינגעטענהט:

— איר פאַרשייט, חבר, לאָמיר אייך אַזוי רופן: „חבר". דעם אמת מוז איך זאָגן, אַז איך האָב פריער פון אייך ניט געהערט. איך בין אַ קליינשטעטלדיקער ייד, וואָס האָט אויסער ממחר אין זינען געהאַט די קלויז און דריי מאָל אין טאָג דאַוונען. נאָר דאָ, די יונגוואַרג, זיי רופן אייך אַזוי. אַגב, איז „חבר" מיר געוואָרן גרינגער אַרויסצורעדן. וויל איך אייך זאָגן, חבר הירשביין, אַז איך, אַ ייד אין די פופציקער שוין, קומט עס מיר פאַר, גלייך ווי איך וואָלט געשטאָרבן און נאָך אַמאָל געבוירן געוואָרן... געוויס ווייסט איר ניט, אַז מיין ווייב איז געהרגעט געוואָרן אין די פּאָגראָמען און מיינער אַ טאָכטער האָט מען אָפּגעהאַקט די פינגער פון דער רעכטער האַנט. דאָס איז אפשר אַ קלייניקייט, וואָרעם איר וועט דאָ טרעפן

איבּערוואַנדערער, וואָס קענען אײַך אויפבּינדן גרעסערע פּעקלעך צרות, ווי איך. וויל איך אײַך זאָגן, אַז אין ערגעץ קען דער ייד ניט קומען צו זיך, ווי אין פעלד, בּיי דער ערד. אָט וועל איך עס אײַך אויף מיין אופן מסבּיר זיין:

יידן זיינען שוין בּאַלד צוויי טויזנט יאָר אין גלות. וואָס אַזוינס מיינט גלות, חבר הישבּיין? זאָגט מען דאָך, אַז גלות מיינט, דאָס, וואָס יידן האָבּן ניט קיין אייגן לאַנד. און וואָס איז לאַנד? טאַקע דאָרט, אַוואו אַלע שאַרפן די ציין און דו בּיסט ניט זיכער מיטן לעבּן? צי דאָרטן, וואו איך עס אַ שטיקל בּרויט? צי דאָרט, וואו ר' שמעלקע קען פירן דאָס רעדל און איך זאָל קייען שטיינער? איר פאַרשטייט, איך זאָג דאָס אַקעגן דעם, וואָס דאָ אין קרים בּין איך געוואָרן אַ „חבר". דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. אַ חבר גיט מען ערד. דאָ הייסט עס אַן „ערד-חלק". דער ערד-חלק וואַרט אויף מיר משׁשת ימי-בּראשית אָן. ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל די מלוכה איז צו מיר געקומען און געזאָגט: — „חבר נחום, נאַ דיר אַן ערד-חלק". די אייגענע מלוכה זאָגט צו אַן אַנדער חבר: — „קום, איך וועל דיר געבּען אַ חלק ערד אין בּיראָבּידזשאַן, צען טויזנט ווייאָרסט פונדאַנען". איר פאַרשטייט — דאָ קרים און דאָרט — בּיראָבּידזשאַן און דו בּיסט אַ חבר. די מלוכה רופט דיך אָן חבר. איז דעריבּער, אַז איך האָבּ אײַך געגעבּן אַ קערנדל ווייץ פון מיין פעלד, כאָטש איך האָבּ נאָך קיין שטוב ניט און געזאָגט, אַז דאָס איז געשמאַק און ניט געזאָגט פאַרוואָס — וויל איך עס אײַך איצטער דערציילן:

יינגלווייז האָבּ איך געהאַט אַ טבע צו פאַרטראַכטן זיך און קוקן צו דער סטעליע. מיין מאַמע פלעגט מיך אַ צי טאָן פאַרן אַרבּל און זאָגן:

— נחום, די סטעליע וועט דיר נאָך אַמאָל פאַלן אין קאָפּ אַריין.

דער טאַטע פלעגט מיר געבּן אַ פּאַטש און זאָגן:

— קוק בּעסער צו דער ערד, וועסטו אין קיין גרוב ניט אַריינפאַלן.

איך פֿרעג אײך: — וואוהין האָב איך געוואָלט קוקן, אײב ניט צו דער סטעליע? אַז מען איז ניט געשטאַנען מיט די פֿיס אויף דער ערד, האָט מען זיך כאָטש מיט די אויגן זיך אָנגעהאַלטן אין דער סטעליע...

עס זײנען צוגעקומען אײנציקװײז נאָך עטלעכע מענער, אַ פּאָר יונגע און אַ פּאָר מיטליאָריקע. שװײגנדיק נאָכגעאַנגען. מען האָט געוואָלט אָנכאַפּן דעם שמועס, וואָס דער אַלטער האָט איבערגעריסן. װײזט אויס אײנער האָט געהערט דעם אַלטנס לעצטע װערטער און ניט גאָר פֿאַרשטאַנען, װעגן וואָס עס האָט זיך גערעדט.

— איר זאָגט: גריבער — האָט ער אָנגעהויבן — פֿאַלן אין גריבער אַרײן — אַ נאָװינע אַ גרויסע! — האָב איך מיר ניט אויסגעגראָבן אַ גרוב דאָ אויף דעם אָרט, וואו איך האָב אויסגעבויט מײן שטוב? צוליב וואָס און װען באַדאַרף איך דאַגהן פֿאַר יאַנקלען, װען יאַנקל האָט מיך צען אײלן אין דער אַדמה? איך האָב מײנע הענט און ער האָט זײנע הענט? זאָל ער זיך מיט זײנע הענט קראַצן װען ער װיל און איך מיט מײנע הענט װעל אַקערן און זײען און שנײדן דעם דלות.

האָט זיך דער אַלטער אַרײנגעמישט:

— וואָס באָלבעסטו? פֿון וואָס רײד איך און פֿון וואָס רעדסטו? אמת, איך בין הײנטיקס יאָר אַהער געקומען און האָב ניט קײן שטוב און דו ביסט געקומען פֿאַראַיאָרן און אָנגעפֿירט שטײנער אַלײן און איצטער האָסטו דײן שטוב — פֿרעג איך דיר: — וואָס איז דיר ערגער פֿאַר מיר? פֿאַרוואָס פֿיל איך כּלערלײ טעמים אין קערנדל און דו פֿילסט ניט קײן טעם אין דײן שטוב, וואָס דו האָסט אויסגעבויט? האָסטו ניט קײן גערעטעניש דעם יאָר?

— װײל איך האָב שױן אַ גערעטעניש און האָב שױן אויסגערעכנט, וואָס מיר װעט פֿון מײן גערעטעניש בלײבן.

— דו רעכנסט צופֿיל — האָט אים דער אַלטער איבערגעשלאָגן — האָסטו ביז קרים אויך אַזױ געהאַלטן אין רעכענען? דאַכט מיר, אַז אַ ייד האָט שטענדיק גערעכנט און קײנמאָל ניט געװוּסט קײן חשבון און מיטאַמאָל ביסטו געװאָרן אַזאַ בעל־חשבון. אַפֿנים, דו האָסט שױן דײן תּבואה אָפּגעװױגן און האָסט עס שױן במחשבה

אַרויסגעפירט אויפן מאַרק און שוין אָפּגעלייזט דאָס געלט דער־פאַר...

— איז דאָס קיין חשבון ניט? ווי לעבּט מען אָן חשבון? וואַרט, אַז איר וועט אויפשטעלן אַ הויז און אַראָפּבּרענגען די פאַמיליע, וועט איר אויך אָנהייבּן צו חשבונען.

דער אַלטער האָט ניט געענטפערט. מיך האָט ער געגומען ביים האַנט און געפירט אין דער ריכטונג, וואו מען האָט געדראָשן. ווען מען איז שוין געווען בּיים דרעש־פּלאַץ, האָט ער מיך געלאָזט שטיין, אַליין אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט אין אַ זייט און אַ זאָג געטאָן:

— אָט דאָס האָבּן מיר דערלעבּט!

---

— יאָ, דאָס האָט מען דערלעבּט, צי מיט גרעסערע אידעאַלן, צי מיט קלענערע. צי מיט חשבונות, צי אָן חשבונות. אַרום דער דרעשמאַשין האָט זיך בּיי מיר אויפגעלייזט אַ גאַנצער קנויל געדאַנקען, וואָס איך האָבּ זיי פון כערסאָנער סטעפּ קיין קרים געפירט.

— בּרויט.

איך בּין דאָרט אומגעגאַנגען אויף דעם פיינסטן שוואַרצגרונט, פונוואַנען בּרויט קומט אַרויס און פונוואַנען דורות־לאַנג וועט דער שוואַרצער גרונט אַרויסגעבּן די שפע דורך דעם בּאַפעל פון יידישן פייער און פונדעסטוועגן — דאָרף־איין, דאָרף־אויס, אַז איך בּין אָנגעקומען, האָבּן די איבּערוואַנדערער געבּעטן:

— גיט אונז בּרויט!

— ווי וועלן מיר איבּערלעבּן אָן בּרויט?

איך בּין פון דאָרטן אַוועקגעפאָרן און בּשום אופן ניט געקענט זיך אויסמאָלן דאָס בּילד, ווי עס שטייט אַ דאָרף פאַרזאַמלט אַרום דער דרעשמאַשין און דרעשט די שפע פון דער ערד. ניט שוין־זשע זיינען די ניט־יידישע פויערים גערעכט, ווען זיי זאָגן, אַז זינט יידן זיינען אָנגעקומען קיין כערסאָן, האָט זיך דאָס מזל אָפּגעטאָן פון דער געגנט; אַז יידן זיינען אָנגעקומען און האָבּן מיט זיך טריקעניש געבּראַכט; הונגער געבּראַכט — ניט שוין־זשע איז דער פויערשער פרימיטיווער חוש גערעכט?

— דערלעבט — — —

דער אַלטער איבערוואַנדערער, וועמעס פרוי מען האָט אין פּאַ־גראָם דערהרגעט; דער דאָזיקער ייד, וואָס האָט זיך איצטער אַרומ־געזען, אַז יידן האָבן קיינמאָל ניט געפירט קיין ריכטיקן חשבון — און אַז אַהער טראָגן זיי אויך אַריבער אַ קרומען חשבון — ער האָט מיר אין מויל אַריינגעלייגט דעם לויטערן:

— דערלעבט!

כאָטש איך שטיי אין איין דאָרף און בײַ איין דרעשמאַשין, נאָר איך ווייס, אַז געוויס הונדערט יידישע דערפער זיינען איצטער פאַרזאַמלט אַרום זייער בעסערער, אָדער אָרעמע גערעטעניש און ניט איינער געווים שטייט ביים דרעשמאַשין און זיין בלוט רודערט און שרייט:

— דערלעבט!

עס איז שווער צו בויען אַ נייע וועלט פאַר זיך מיט דעם חשבון, וואָס דער יינגערער פייער האָט בײַ מיר געפאָדערט. שווער זיך בכלל פאָרצושטעלן, אויב דער איבערברוך אין יידנס לעבנס־שטייגער גייט אָן מיט אַ קלאָרן חשבון. ניטאָ קיין חשבון בײַ גע־בורט, צי בײַ ווידערגעבורט. געבורט, ווי ווידערגעבורט — ביידע זיינען אי שיין, אי מיאוס. דער פּראָצעס פון אַ פאַרעלטערטן לעבנס־שטייגער, ווען ער שטאַרבט אָפּ — רופט ער ניט אַרוים קיין מיט־געפיל; רופט ער ניט אַרוים קיין טרויער־געפילן. איך זע, ווי בײַ פיל פון די איבערוואַנדערער, וואָס האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלץ: גלויבן און אָבערגלויבן, היימישע טראַדיציעס, און דאָ קוקן זיי צו דער ערד און פאָדערן בײַ איר אַ נייעם אמת. מיט דעם יידן דאָ איז עס פאָרגעקומען, גלייך ווי אַ ערדציטערניש האָט אים אַרויסגעשליידערט פון זיין בעט אַרויס און פאַרשליידערט אין אַ נייער וועלט, וואָס ביז איצטער האָט ער פון איר קיין אַנונג ניט געהאַט. איעדער נייער טריט איז אַ פועל־יוצא פון דער ערדציטער־ניש. און אַזוי קומט אומבאוואוסטזיניק דער דראַנג אויפצובויען אַ נאָרמאַלן לעבן, אָבער די נייע באַדינגונגען שטויסן ווייטער, ווייטער און לאָזן זיך ניט שטעלן אויף דעם אַלטן יסוד.

עס קומען אָן די מאַזשאַרעס, די טיפּע, דראַביאַסטע וועגע־נער מיט אָקסן געשפּאַנט, אָדער פערד־געשפּאַן; אויבן אויף דער מאַזשאַרע זיצט אַ בּחור אָדער אַ מיידל, אָדער ביידע צוזאַמען. אויבן זיצט אַ ייד מיט אַ גרויער באָרד, אין איין העמד, מיט פּאַרקאַשערטע אַרבל און שרייט צו די אָקסן: — צאָבּ־צאָבּע — — — עס איז נאָך דאָ אין דעם אַ סך פון שטעטלשן מזל, ווי אַרום אַ ערב־פּסח. נאָר ער שאָדט ניט. די פּלעווע, וואָס די דרעשמאַשין טרייבט פון זיך אַרויס, זי קריכט אַלעמען אין די אויערן אַריין; דער שטויב לייגט זיך אויף אַלעמענס פּנים צוגלייך. יונג צי אַלט.... עס איז דאָ אין דעם אַ אָטעם־פּאַרכאַפּעניש. דאָס איז די איבערלעבונג, וואָס באַדאַרף נאָך באַקומען איר תּיקון דורך אַ קלאָרן באַוואוסטזיין.

וואָס פּאַר אַ מיינונגען האָב איך ניט געהערט!

— וועלן יידן האָבּן גערעטענישן — וועט זיי גוט זיין.

— זאָלן יידן פאַרגעסן אָן שטעטל און מאַרק — וועלן זיי ווערן גוטע פּויערים.

— ווען דער אַלטער דור וועט אַוועק, וועט דעמאָלט אויס־וואַקסן דער אמתער יידישער דאָרף...

און וואָס זאָגט מען וועגן דער שטאָט? איך דאָס אייגענע:

— וועט די רעגירונג אַלעמען באַזאָרגן מיט ברויט — וועט זיין גוט.

— ווען די מאַסן וואָלט געדענקען וואָס פריער איז געוועזן, וואָלטן אַלע צופרידן געווען.

— זאָל נאָר דער ערשטער דור אַוועק פון דער וועלט, דע־מאָלט וועט פון זיך אַליין אויפקומען די סאָציאַליסטישע וועלט.

עס איז אין קיינעם פון די איבּערמאַנטע מאָטיוון קיין באַ־זונדערער אמת ניטאָ. צומווייניקסטן זאָל מען בויען די יידישע צופרידנקייט אויפן דאָרף, ביי דער ערד, אין צוזאַמענהאַנג מיט גערעטענישן. גערעטענישן דאָס איז אַ נאַטירלעכע זאַך. עס וועלן מיט גערעטענישן אויך זיין די, וואָס וועלן זיך באַמיען צו באַ־ווייזן די גרויסע גרוב, וואָס די ראַטנמאַכט האָט אויסגעגראָבן אין כערסאָן, צי אין קרים און אַהין די יידישע דעקלאַסירטע עלעמענטן אַריינגעשליידערט.

דער עלטערער ייִד, וואָס האָט מיך צוגעפֿירט צו דער דרעש־מאַשין און אַײנהערנדיק זיך אַ רגע צום גערויש פֿון דער מאַשין, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דערלעבט!

אין דעם איז געלעגן אַ טיפֿערער זינען, ניט נאָר פֿון דער ייִדישער איבערוואַנדערונג, נאָר פֿון דער גאַנצער איבערקערעניש אין דער אַלטער רוסלאַנד, וואו אין אַן אַלטער תּהובֿער וועלט מיט פֿאַרעלטערטע באַגריפֿן זײַנען אַרױסגעקומען די דערנידעריקטע מאַסן און פּראָקלאַמירנדיק זיך באַפֿרײַטע — האָבן זײ אַרױפֿגעצװאונגען אױף זײערע געװעזענע באַהערשער נײַע באַגריפֿן, נײַע אידעאַלן, אַ נײַעם װעג, װאָס זאָל פֿירן צו אַן אױסגלײַך אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט.

פֿאַרפֿאַלן, דאָס ייִדישע פֿאָלק איז דורך דורות פֿאַריאָגט געוואָרן פֿון דער ערד און דאָס איז געװען צוליב דעם, װאָס דער ייִד איז ניט באַטראַכט געװאָרן װערדיק גענוג צו באַזיצן ערד; דער ייִד איז ניט געװען װערדיק צו קריגן זײַן ברױט פֿון דער ערד, װי אַיעדער אײנער, װאָס אַקערט און זײט. אין דעם פֿאַרװערן ייִדן צו קױפֿן ערד איז געלעגן די פֿולע מאָס פֿון דערנידערונג.

עס איז ניט מעגלעך, אַז די ייִדישע דערהײבונג ביז צו אַ געזעלשאַפֿטלעכן אױסגלײַך זאָל קענען געשען אָן דעם קומען צו דער ערד. איך זאָג ניט אומקערן זיך — נאָר קומען, װײַל אױף דעם אופֿן, װי ייִדן האָבן אין ראַטנפֿאַרבאַנד באַקומען ערד; אױף דעם אופֿן, װי ייִדן װערן ספּעציעל פּריװילעגירט בײַ דער ערד — אַזעלכעס װײסט די ייִדישע היסטאָריע ניט.

דאָס באַדאַרף װערן דער באַװאוסטזײַן פֿון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן, װאָס גײען צו דער ערד. עס רעדט זיך איצטער ניט פֿון קײן געראַטעניש, ניט פֿון קײן ערשטן דור און ניט פֿון קײן צװײטן דור. דאָ מוז קומען מיט דער צײַט די נײַע דערהײבונג פֿון די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן, װאָס קומען איצטער העלפֿן בױען דעם נײַעם דאָרף, װאו דער פּױער באַדאַרף זיך ביסלעכװײַז דערהײבן צו דער קולטורעלער מדרגה פֿון דעם אַרבעטער אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד.

דער אַלטער דאַרף וועט אויף זײַן אַלטן, פֿאַרגליווערטן פֿונדאַמענט
ניט בלײַבן. און דער נײַער ייִדישער דאַרף טאָר אויף אַן אַלטן, אָפּ-
געלעבטן פֿונדאַמענט ניט געבויט ווערן...

אַיעדער צייכן פֿון נײַעם באַוואוסטזײַן בײַ דער ערד רופֿט איצ-
טער אַרויס אין בלוט:

— דערלעבט....

# ש פ ע

קיין דאָרף נאָך ניטאָ און די שפע איז דאָ. קיין דאָרף נאָך ניט פאַראַן; סך־הכל איין שטוב און אין איר — דער „גאַנצער דאָרף“ מיט דער שפע איבערוואַנדערער און מיט דער שפע פון דער ערד, מיט איין יידן אין צענטער פון דעם אַלעמען, וואָס האָט אַ לאַנגע, לאַנגע זאַפרען־באָרד און בלויע אויגן, ווי די קרימער בלויע הימלען. אַ שמחה און אַ פרייד — די שפע איז גרויס!

„ניי־דריבין“ הייסט דער צוקונפטיקער דאָרף.

אַלט־דריבין איז ערגעץ אין ווייסרוסלאַנד. טאַקע דאָרטן, וואו מען האָט ניט געלעקט קיין האָניק — נאָר וואו מען האָט דערקענט מאַטע־מאַמע; וואו מען האָט אַליין קינדער געבוירן. ווי נעמט מען עס גלאַט אַזוי און מען לאָזט איבער דריבין אויף דעם אָרט, וואו דריבין איז? אַ דריבינער איז אַוועק העלפן בויען אַ דאָרף אויף קרימער סטעפ, האָט ער מיט זיך אַ שטיק דריבין פאַרנומען. דאָ, אין קרימער סטעפ, האָט מען אויסגעלייגט די פעקלעך אויף די פאַרזשאַווערטע בעטלעך, אין דער איין־און־איינציקער הויז, וואָס דער אַגראָדזשאָינט האָט איפן ערד־חלק אָנגעגרייט. אונטער די בעטלעך האָט מען אויף אַ ווײלע באַהאַלטן דעם דלות אין קעסטעלע, פאַרשלאָסן מיט אַן אייגן שלעסעלע און דאָס קליינע שליסעלע ליגט אין קאַמזעלקע־קעשענע. דער דרויסן אַרום הויז איז „ניי־דריבין“.

מאַכט צו די אויגן און מאָלט אַייך אויס צוויי שורות הייזער מיט רויטע, קאַכעלנע דעכער, אַ ברונעם אין עק, צי אינמיטן דאָרף — דאָס וועט זיין אין אַ פאָר יאָר אַרום די אמתע ניי־דריבין. איצטער איז דאָס בדמיון. איצטער קומט צו־הילף די שפע, וואָס איז איינגעקומען אויף די פעלדער פון די דריבינער לייט. טאַקע אַ שפע, ווי עס איז פאַרשריבן אין די ביכער פון קרימער געגנטעגישן. פיינע לויטערע ווייץ־קערנדלעך. די ווייץ איז שוין אין זעק,

אין דער איין-און-איינציקער שטוב. אַרום די זעק די דריבּינער לייט: אַלטע, יונגע, קינדער און דער איין-און-איינציקער אמתדיקער דרי-בּינער, וואָס האָט די געלע באָרד, ווי ריינע זאַפּרען, און וואָס האָט בּלויע אויגן, ווי דער בּלויער קרימער הימל און וואָס טאַקע זיין ערד-חלק, זיינע זעקס העקטאַר האָבּן צום שענסטן געראָטן. די ווייץ און זיין באָרד און די דרויסנדיקע זוניקייט און דער אמתער טעם פון סטעפּ — דאָס אַלץ איז אַ צוקונפט-בּילד, ווען אין אַלע דערפער וועט דער עולם שטיין פאַרגאַפט אַרום אַ שפע און דער-שפּירן דעם טעם פון דער ערד, וואָס קען אָפּטאָן אַ שפּיצל און מאַכן, אַז די שפע זאָל רינען איבּער די ראַנדן.

דערווייל ווייסן ניט יידן, וואָס צו טאָן — צי זאָל מען זיך קלאָגן פאַרן יידישן שרייבּער, צי מען זאָל זיך מאַכן אַ האַרץ און אַרויס אין אַ ריקודל צו באַווייזן, אַז ניי-דריבּין איז צופרידן; אַז ניי-דריבּין האָט געמיינט ניט אויף קאַטאָוועס... ניי-דריבּינער: אַ פּאָר צענדליג מאַנסבּילן אין איין שטוב און וואָס בּלויז איין „מאַמע" איז צו זיי אַראָפּגעפאַלן פון הימל, וואָס באַקט פאַר זיי בּרויט פון דער אייגענער ווייצענער שפע און וואַשט זייער וועש און פאַרלאַ-טעט זייערע לעכער אויף די שבּתדיקע בּגדים; — ניי-דריבּין וועט זיך דווקא ניט קלאָגן. ניין, מען וועט ניט נאָכטאָן די אַלע אַנדערע דערפער, וואָס קלאָגן אַ קלאָג פאַרן גאַסט און יאָמערן דעם אמתן געיאָמער. אַפילו די איינציקע מאַמע פון אַזויפיל יידן מיט בּערד און אָן בּערד; די מאַמע פון גרויסע קינדער און קליינע קינדער — זי, מיט דעם אמתן מאַמעשן קנייטש אַרום די ליפּן, וואָס באַווייזט, אַז „מיר ווייסן, ווען אַ ווייַן צו טאָן"; מיט די קנייטשן אַרום די אויגן, וואָס באַווייזן, אַז „מיר קענען אַ טרער לאָזן אויך" — איצ-טער, דעם שלימזל אויף צעפּוקעניש, פעלדלען זיך בּיי איר די קנייטשעלעך אַרום די אויגן, דווקא צו לאַכן און די קנייטשן אַרום מויל, — דווקא צו שמייכלען.

— וואָס מיינט איר פעלט אונז? אַז ערד איז פאַראַן. און די ערד איז אַ געראָטענע, וואָס גיט פולע זעק מיט אַזאַ ווייץ און אַז שטיבּער וועלן נאָך זיין — ווייסן מיר דאָך, אַז מיר זיינען אַרויס פון מצרים און אַריין אין קרים.

און ייִדן זאָגן מבינות:

— איך האָב אַזאַ ווייץ נאָך ניט געזען.

— איך האָב יאָ געזען אַזאַ ווייץ, מעלד איך דיר, נאָר דאָס איז געווען ניט מיינע. איצטיקע ווייץ איז מיינע.

און די איינציקע מאַמע פון דער גאַנצער משפחה באַווייזט דעם ברויט, וואָס זי האָט אויסגעבאַקן. אַ שווערער ברויט. אַן אָפּגעזעסענער און צעפּלאַצטער; אַ ביטערלעכער און אַ קלעיִקער... אָבער אַלע גלייבן באמונה שלמה, אַז דאָס איז דער שענסטער ברויט; אַז דאָס איז דער זיסטער ברויט; אַז די איינציקע באַלעבאָסטע איז די בעסטע באַלעבאָסטע און ווען ניט זי, וואָלט מען חלילה...

און זי, די באַלעבאָסטע, האָט וואָס צו דערציילן:

— אוי, חבר, ווען איך זאָל אייך אָפּמאָלן, ווי מיר האָבן דאָ געלעבט איידער די שטוב איז פאַרטיק געוואָרן... אויף דער נאַ‑לער ערד. אין סאַמאָראָדנעם סטעפּ. אונטערן ווילדן הימל. שטערן אַזעלכע גרויסע, אַזעלכע שווערע, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט, — אָט באַלד רייסט זיך אַראָפּ אַ שטערן און פאַלט אין קאָפּ אַריין. אַזעלכע גרויסע שטערן, חבר, האָב איך אין ווייסרוסלאַנד ניט געזען. אַזעלכע שטערן האָב איך בכלל ניט געזען. און די ביינאַכטן... אַ קליינינקייט, אַליין אין אַזאַ פרעמד! מען איז דאָך אָנגעשראָקן; מען איז דאָך פול מיט פחד. און טאַקע טאָמער זיינען דאָ פאַראַן חיות, יאָ, חבר, לאַכט ניט. קרים האָט חיות אויך.

איין קאָמסאָמאָל פאַרמאָגט שוין ניי‑דריבין און ער קען ניט הערן, אַז מען זאָל אויף קרים אויסטראַכטן אַזאַ בילבול. ער שלאָגט דער באַלעבאָסטע איבער:

— וואָס פאַר אַ חיות האָט איר געזען?

— גאָט איז מיט דיר, עמעצער האָט דאָך אַליין אַוועקגע‑טריבן אַ האָז פון מיין צוקאָפּנס — אַ קליינינקייט, האָזן און שלאַנגען און מען לעבט אונטערן גאָלן הימל אַזוי בייטאָג און אַזוי ביינאַכט... נאָר איצטער, געלויבט איז דער אייבערשטער, כאָטש אין ענגשאַפט — אָבער מען איז אונטער אַ דאַך.

---

אוי, איז מען אונטער אַ דאַך... וואָס אונטער דעם דאָזיקן דאַך טוט זיך! אַ שפע פון אַלץ, אַ שפע פון ווייץ, אַ שפע פון פּעקלעך און שמאַטעס. אַ שפע פון פליי, וואָס שפּרינגען ניט — נאָר גייען, ווייל זיי האָבן שוין קיין מורא ניט און האָבן זיך אויסגעלערנט צו שפּאַצירן... ווי אַזוי מאַנסבילן קענען זיך איינאָרדענען אין אַזאַ נחת, איז גאָרניט צו באַשרייבן. שמאַטעס — מיינט גאָרניט. אָבער וואו די שמאַטעס ליגן און ווי אַזוי זיי ליגן — דאָס איז שוין אַ ענין. בלאָטע איז אויך אַ מענטשלעכע זאַך, נאָר וואו און ווי אַזוי עס איז אויסגעלייגט — דאָס איז עפּעס אַנדערש. און צוליב וואָס באַשרייבן די ענגשאַפט, אויב די יידן האָבן זיך פאַר מיר ניט געקלאָגט, אַלץ צוליב דער שפע, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זייער חלק.

און איך האָב געטראַכט:

— דערווייל באַדאַרפן דאָ די יידן ניט קיין סך. כאָטש פרעמד איז זיי נאָך דאָס פעלד, וואָס מען האָט פאַר זיי געאַקערט און פאַר זייערטוועגן פאַרזייט, ווי עס איז פאַר דער איינציקער מאַמע דאָ נאָך פרעמד דער קרימער הימל, וואָס האָט צו־גרויסע שטערן... נאָר די גערעטעניש, וואָס איז היי־יאָר אויסגעפאַלן אויף זייער ערד־חלק, זי האָט אויפגעעפנט אַ טירעלע אין זייער צוקונפט אַריין און אַזוי העל און אַזוי היים שיינט זי, ווי דער קרימער טאָג.

דער אַגראָנאָם ז., וואָס האָט אונז באַגלייט, ער קוועלט אויך אָן פון נחת דאָ, אין ניי־דריבין. זיין פּנים איז פאַרברענט און ער איז באַגאָסן מיט דעם צופרידענעם שמייכל, וואָס מען קען געפינען אויף דעם פּנים פון אַ גליקלעכן, יונגן דאָקטאָר, וואָס האָט „גענומען" דאָס קינד ביי אַן ערשטלינג, נעבעך, וואָס איז שווער געגאַנגען צו־קינד און מאַכט דעם איינדרוק, אַז ער האָט מער געהאָרעוועט פון דער קימפּעטאָרין.

---

דער ייד מיט דער זאַפרען־באָרד מיט די בלויע אויגן, וואָס דער צופרידענער שמייכל גייט גאָרניט אַראָפּ פון זיין פּנים, — ער האָט קיין ניי־דריבין אַראָפּגעבראַכט אַלט־דריבין. ער האָט מיט

זיך דעם רבונו-של-עולם מיטגענומען און לאָזט אים ניט אַראָפּ פון די ליפּן. ער האָט דערומעך מיטגענומען זיינע ספרים; אַ ביסל פון אַלצדינג: אַ ש"סל, עין-יעקבס און אַ ביסל מוסר-ספרים.

— איך זאָג מיר מיינס — טענהט ער גאַנץ באַשיידן — דאָס, וואָס האָט ניט געשאַדט אין שטעטל, וועט ניט שאַדן אויפן דאָרף. צום גערעטעניש האָט עס היי-יאָר ניט געשאַדט און וועט אי"ה אויך ווייטער אויך ניט פאַרשאָדטן. אַ פויער באַדאַרף ווינטערצייט האָבן אַ ספר, אין וואָס אַריינצוקוקן.

זיין זונעלע איז אַ פּיאָנער פון אַלט-דריבין. אַ זונעלע — כאָטש ער איז אַ יאָר דרייצן אַלט, נאָר ווען מען טוט אים אָן אַזאַ באָרד, ווי זיין טאַטנס — איז ער דער טאַטע, צוויי טראָפּן וואַסער, מיט דער אייגענער באַגייסטערונג אין די בלויע אויגן. ער האָט אַ קעסטעלע אונטערן בעט. אַ פאַרשלאָסן קעסטעלע און דאָס שליסעלע פון הענג-שלעסעלע האַלט ער באַהאַלטן. אין קעסטעלע האָט ער זיין אַלט-דריבין. ער האָט בריוו צו באַווייזן, אַז ער איז אַ פּיאָנער און אַן אָנגעזעענער. ער איז אַ קינדקאָר, דאָס מיינט אַ קינדער-קאָרעספּאָנדענט. ער האָט אַ בריוו פון די חברים פּיאָנערן. מען שרייבט וועגן אים אין בריוו, אַז ער האָט שוין געקענט דינען ווי אַ מוסטער פאַר זיינע חברים; אַז שווער איז זיך צו שיידן מיט אַזאַ חבר...

דער טאַטע האָט נחת פון זון. כאָטש זיין זונעלע וועט שוין אין זיינע, דעם טאַטנס ספרים, ניט אַריינקוקן — נאָר דעם טאַטנס אויגן די בלויע, ווערן נאָך בלויער און נאָך לויטערער, בשעת זיין זונעלע אונטערהאַלט זיך מיט די געסט. דער טאַטע שמייכלט אין דער זאַפּרען-באָרד אַריין. ער פאַרשטייט:

— מיר זיינען זיך מיר, און זיי זיינען זיך זיי

אַ נס איז דאָך געשען אין לאַנד. דעם צאַר האָט מען משלח געווען. זיין אָרט האָט מען אויסגעברענט, אַז קיין שריד-ופליט זאָל ניט בלייבן. אַ חורבן האָט מען געמאַכט, וואָס הייסט רעוואָלוציע. יעדע-לעך האָט מען געוואָלט אויסשעכטן, נאָר די רעוואָלוציע האָט ניט דערלאָזט. איצטער נעמט די רעוואָלוציע און ברענגט אים קיין קרים אויף אַ ריינעם אָפּגעראַמטן אָרט. ממש אויף ששת-ימי-בראשית תדיקער

ערד. און איבּער דער ערד שפּרייט מען אים אויס אַזאַ בּלויען הימל, מיט אַזאַ הייסער זון בּייטאָג. מען שוויצט. אָבּער שוויצן איז געזונט. הלמאַי אין דריבּינער מרחץ האָט מען בּאַדאַרפט הייצן און בּרענען שטיינער און גיסן וואַסער, כּדי מען זאָל שוויצן — דאָ שוויצט מען, בּרוך־השם, אָן טירחה. היינט, דער הימל איבּערן קאָפּ בּיינאַכט, וואָס עס דאַכט זיך, אָט־אָט נעמט אַ שטערן און רייסט זיך אַרויס פון הימל און בּאַך אויף דער ערד; בּאַך אויף די קעפּ פון יידישע איבּערוואַנדערער, וואָס זיינען געקומען פאַרנעמען קרים. נו, פונדעסטוועגן די נשמה שוויצט מען ניט אויס. קיין שטערן רייסן זיך ניט פון הימל. אַ פעלד האָט מען צעאַקערט פאַר זיינטוועגן. און זיין פעלד איז געראָטן. אַוודאי זיין פעלד, מען האָט אים געפירט אויף זיין פעלד. דער אַגראָנאָם האָט אים אַליין אָנגעגעוויזן און געזאָגט: „פון היינט אָן און ווייטער איז דאָס אייער פעלד. גיט אַכטונג, אַז דאָס פעלד זאָל זיין מיט אייך צופרידן", — אַזוי האָט אים דער אַגראָנאָם געזאָגט. און עס איז דאָך אַזוי, דאָס פעלד איז זיינס. די זעק מיט ליטערע, ווייצענע קערנער זאָגן אַלע, אַז עס געהער צו אים. נו, אַוודאי, האָט ער דאָס ניט אויפגעטאָן מיט זיינע הענט. גערעכט איז זיין זון, וואָס זאָגט אים, אַז לענין, זכרונו־לברכה, ער האָט עס אַלץ אויפגעטאָן. אין די ספרים, וואָס לענין ז"ל האָט איבּערגעלאָזן, איז געזאָגט געוואָרן, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, און אַז יידן זיינען יידן און אַז יידן זיינען אויך מיט אַלע מענטשן גלייך. און דאָ זעט ער דאָך עס בּחוש. טאָ פאַרוואָס זאָל ער ניט האָבּן נחת פון זיין זונעלע?...

— אַ דור גייט אַוועק און אַ דור קומט ווידער אָן.

און פאַרוואָס זאָל טאַקע דער דור, וואָס בּאַדאַרף אַוועקגיין, ניט זען נאָך בּאַצייטנס, ווי דער יונגער דור וועט אויסזען?

— דער יונגער דור פּיאָנערן, צי קאָמסאָמאָלן — דאָס זיינען ניט די אַמאָליקע אַפּיקורסים, וואָס האָבּן מער ניט געוואוסט, ווי אַרויסשטעלן אַ צונג דעם רבּונו־של־עולם און עסן זייף מיט בּרויט. היינטיקע פּיאָנערן און היינטיקע קאָמסאָמאָלן, ווען זיי וואָלטן פאָלגן וואָס לענין ז"ל האָט אָנגעזאָגט, ווען זיי וואָלטן נאָר היטן זיינע געבּאָטן, — איז דען שייך, וואָס פאַר אַ וועלט עס וואָלט אָנגע־

שטאַנען? קיין צרות וואָלט דאָך אַוודאי ניט געווען, דאַגות וואָלטן אויסגערונען. טרערן וואָלט אויסגעטריקנט.... עפּעס אַ קלייניקייט: ער האָט פאַרבאָטן צו שיכּורן און צו רויכערן. פאַלט דאָך שוין ממילא אַראָפּ די עבירה פון רויכערן אום שבת. און ער האָט אָנגעזאָגט, אַז איינער זאָל ליב האָבן דעם אַנדערן; אַז איינער זאָל דאַגהנען פאַרן אַנדערן; אַז איינער זאָל אין זינען האָבן דעם אַנדערן — איז דען שייך, אַז מען זאָל נאָך דאַרפן דערמאָנען אין „כּיבוד אב-ואם"? עס לייגט זיך אויפן שכל...

אַוודאי טראַכט אַזוי דער טאַטע מיט די בלויע אויגן, מיט דער לאַנגער זאַפרען-באָרד און וואָס האָט פולע זעק מיט לויטערע ווייצן פון זיין פעלד און וואָס האָט אַלט-דריבינער ספרים מיט זיך מיטגענומען, ווייל אין די ווינטער-נעכט וועט זיין צייט אין זיי אַריינצוקוקן. אַוודאי לייגט זיך דער עניין אַזוי איים אויף זיין שכל. ער גייט צו זיין זונעלע און גלעט אים די באַקן מיט דער ליבשאַפט, וואָס די מאַמע וואָלט עס געטאָן. און וואָלט ער זיך ניט שעמען, וואָלט ער זיין זונעלע אַ קוש געטאָן דערפאַר.

דער זון זיינער האָט אויך מיטגענומען ספרים פון לענינס תורה, — „כּדי אין די ווינטערנעכט זאָל זיין אין וואָס אַריינצוקוקן".

— אַ דור גייט אַוועק, און אַ דור קומט ווידער אָן. און אין ראַטנפאַרבאַנד האָט זיך איין דור אַריינגעגאָסן אין אַנדערן. טאַטעס האָבן איבערגענומען די מידות פון די קינדער. און קינדער הוידן מיט דעם ערנסט פון אַלטע לייט, כאָטש נעם און קלעפּ זיי אָן בערד.

---

— יאָ, חבר, עס איז דאָ געווען אַ פּחד די ערשטע נאַכט. אַ קלייניקייט, אַזעלכע חיות! אַזעלכע שלאַנגען און האָזן... — דערציילט די מאַמע אירע חידושים.

— האָט איר זיי געזען?

— דאָס איז די מעשה, אַז איך האָב ניט געזען. ביינאַכט, ווי האָט מען עס געקענט זען? נאָר אַלע זאָגן, אַז זיי האָבן געזען האָזן און שלאַנגען.

די גאָטספּאָרכטיקייט זוכט אַ ווינקעלע, וואו זיך אויסצובאַהאַלטן און ווייסט אַליין ניט, צי איר פּלאַץ איז אין היינטיקן יידישן פעלד, צי ניין.

— גאָטספּאָרטיכקייט — טראַכט מען אין דער שטיל — האָט דאָך צרות אָנגעטאָן. מיט גאָטספּאָרכטיקייט האָט מען דאָך יידן גע־קוילעט; געשטאָפּט יידן פעדערן אין בויך אַריין. מיט גאָטספּאָרכ־טיקייט האָבן דאָך פּאָגראָמשטשיקעס געלאָדן יידישע האָב און גוטס אויף די וועגענער און אַוועקגעפירט צו זיך אין דאָרף אַריין... אפשר זיינען גערעכט די, וואָס זאָגן, אַז גאָטספּאָרכטיקייט איז פינס־טערניש.

אַזוי טראַכט מען אין דער שטיל...

אַ דור גייט אַוועק און אַ דור קומט אָן, און אַזוי אָפּט זע איך, ווי דער אַלטער דור וויל יונג זיין; וויל ניט אַוועק פאַר דער צייט. דאָ, אין ניי־דריבין, וואָס באַשטייט דערווייל פון איין הויז, מיט אַ יידן, וואָס האָט זיינע ספרים מיטגענומען; מיט זיין זון, וואָס האָט אויך זיינע ספרים מיטגענומען; מיט איין קאָמסאָמאָל, וואָס איז זיכער, אַז דער ייד וועט ניט האָבן קיין צייט ווען אַריינצוקוקן אין די ספרים, „אויב ער וועט וועלן ווערן אַ אמתער פויער“, און מיט דער איין־און־איינציקער מאַמע און באַלעבאָסטע, וואָס זאָגט זיך אירס:

—וואָס קאָן עס שאַדן, אַז מען דאַוונט אָפּ, ווען עס מאַכט זיך צייט? און וואָס שאַדט עס, אַז איך שטעק אַריין אַ ליכט אין אַ ביסל ליים און בענטש ליכט פרייטאָג־צונאַכטס? זאָלן נאָר גערעטעניש זיין, זאָל נאָר די שפע זיך ניט אָפּטאָן פון אונזערע פעלדער.

די גאָטספּאָרכטיקייט זוכט אַ ווינקל, וואו זיך אויסצובאַהאַלטן...

איך דערמאָן מיר אין אַ צווייטן יידישן דאָרף, אויך אין קרים. אַ דאָרף, וואָס לעבט איצטער זיין ערשטן יאָר און וואו קיין שפע איז ניט געווען היי־יאָר און וואו מען האָט זיך אַ סך, גאָר אַ סך געקלאָגט, בשעת איך בין געקומען דעם דאָרף באַזוכן. אַ־יעדער איינער איז געקומען צום אַגראָנאָם ל., וואָס האָט מיך באַגלייט, געקומען אויסקלאָגן זיין קלאָג. ווען מען עס פעלט שוין בתיט. ווע־

מען עס פעלט שוין פּאַשע, ווען עס פעלט שוין אַ שוך, אַ מלבוש. און ווען עס פעלט „כאָטש צען רובל, וואָלט ער גאָר די אויגן געעפנט“.

און ביים זייט שטייט אַן עלטערער ייד, מיט אַ ניט-געראָטענער גרויער באָרד, וואָס אין איר איז נאָך געבליבן אַ סך בלויליכע שוואַרצקייט. ער שטייט, און זיין אויסגעוואַקסענעם קאַפּטאַן, דער קאָפּ געבויגן, און ער וואַרט ביז אַלע וועלן אָפּקלאָגן זייערע קלאָגן. און אַז דער אַגראָנאָם באַמערקט אים און פרעגט:

— וואָס ווילט איר זאָגן גוטס?

דערציילט דער ייד אַ מעשה, אַז קיין שטוב האָט ער ניט, נאָר ער האָט געהאַט אַ גאָר פיינע שפע שטרוי און היי, וואָס וואָלט געקענט סטאַיען אויף אַ גאַנצן ווינטער פאַר זיינע צוויי אָקסן און איין קו... נו, האָט זיך געמאַכט אַן אומגליק: ער האָט אין דער סקירדע היי אויסגעהוילט אַ שטיבעלע, וואו ער מיט זיין באַלעבאָסטע האָבן זיך גאָר פיין געוווינט. אַליץ איז געגאַנגען כשורה. נאָר דעם לעצטן פרייטאָג פאַרנאַכט האָט די באַלעבאָסטע אין „שטיבעלע“ אָנגעצונדן די פּרימוס-מאַשינקע און אַרויסגעגאַנגען אַ קוק טאָן, ווי עס האַלט מיט דער זון, צי איז שוין צייט ליכט-בענטשן — נו, האָט די פּרימוס-מאַשינקע זיך אָנגעצונדן. דעם סטויג היי אונטערגעצונדן. דערביי איז דער סטויג שטרוי פאַרברענט געוואָרן. אַליץ, דער גאַנצער פאַרמעגן איז פאַרברענט געוואָרן...

— וואָס קען איך איצטער טאָן פאַר אייך? אַז אַליץ איז פאַרברענט געוואָרן — זאָגט דער אַגראָנאָם.

— איר וואָלט מיר געגעבן עטלעכע רובל, וואָלט איך מיר געקויפט אַן אַנדער פּאָר תפילין. מיינע תפילין זיינען פאַרברענט געוואָרן.... — מאַכט דער אַלטער.

— דאַוונט אָן תפילין — עצהט אים דער אַגראָנאָם.

— איך טשעפּע קיינעם ניט מיט מיינע תפילין. סיי-ווי דאַוון איך אין פעלד, אַז קיינער זאָל ניט זען...

---

דערפער קומען אויף. ביי ווען די שפע האָט געהאָלפן, אַז די „שרעקלעכע חיות“, ווי האָזן און שלאַנגען, זאָלן קיין פחד

ניט אָנוואַרפן; וואו עס האָט ממש פאַרהאַלטן די שטערן, זיי זאָלן זיך, חלילה, ניט אַרויסרייסן ביינאַכט פון הימל און חלילה ניט פאַלן די יידישע איבערוואַנדערער אין קאָפּ. און וואו קיין שפּע איז היי=יאָר ניט געוועזן און וואו מען האָט זיך געקלאָגט און געקריגט. דור מיט דור האָט זיך געקריגט. אַמאָל האָט דער אַלטער דור אויפגעוואָרפן דעם יונגן, אַז ער האָט שטיינער אין די אַרבל און אַמאָל פאַרקערט — דער יונגער דור האָט דעם אַלטן אויפגעוואָרפן, אַז ער פאַרשוועכט לעבנינס נאָמען.

אין „ניי=דריבין" האָט די שפּע אַליין אַריבערגעשריען. די לויטערע ווייצן=קערנער האָבן אָנגעצונדן האָפענונג ביים נייעם דאָרף, וואָס איז נאָך באַשטאַנען פון איין שטוב, בשעת איך האָב אים היינטיקן זומער באַזוכט.

---

# קאַטעגאָריעס

(מאָנאָלאָג)

— קומט אַריין, חבר שרייבער; אַ אָפענע טיר, אַ ליידיקע שטוב, אָבער קומט אַריין. פאַמעלעך, פאַלט ניט איבערן שוועל. ווי איר זעט, איז דאָס די זיבעצעטע שטוב אין דאָרף. מיר וועלן האָבן, זאָגט מען, זעכציק הייזער, זיבעצן איז שוין אַ גוטער אָנהייב... און דאָ שרייבט מיר מיין ווייב, אַז די אַנדערע וואָך פאָרט זי אַרויס מיט די קינדער, זאָלן זיי געזונט זיין. איך וויל זיי זאָלן נאָך אָנקומען צו שניט=צייט. אַ דיל, ווען איך קען נאָך אַוועקלייגן. סטייעט ניט. אַ ייד איז געוויינט, אַז אין שטוב זאָל זיין אַ דיל. מילא, פון איין פערד קען מען קיין אַכצן פעלן ניט שינדן.

איך בין אַליין אַ בעל=עגלה פון דער היים, פון ווייסרוסלאַנד, רייד איך נאָך פון פערד. אינאַמתן האָב איך געקראָגן איין אָקס, בין אַן ערשטער קאַטעגאָרניק. עס וואָלט גלייכער געווען אָנצורופן ערשטער קאַטערזשניק. יאָ, חבר שרייבער, איך זאָג, אַז פון איין פערד קען מען אַכצן פעלן ניט אַראָפשינדן; פון מיר האָט מען שוין אַראָפגעשונדן אַכצן מאָל אַכצן. און פון אָקס גופא האָט מען שוין אַכצן מאָל אַכצן פעלן אַראָפגעשונדן... איר פאַרשטייט, אַז מען האָט אַרויסגעלאָזן דעם סלוך, אַז יידן גיט מען אַוועק קרים, איז דאָך ניט שייך. מען האָט דאָך ביי אונז געשמועסט, אַז ארץ=ישראל האָט מען אַוועקגעגעבן יידן... אַגב וואָלט איך אַהין ניט געפאָרן סיי=ווי. איר וועט מיר אַנטשולדיקן; אַריסטאָקראַטלעך זיינען אַהין געפאָרן. יענע לייט האָב איך פון תמיד אָן נישט געקענט אָנזען. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין אמונה אין אַזאַ עולם, וואָס מען האָט אים באַדאַרפט באַדינען. איר פאַרשטייט, איך בין אַ פראָסטער בעל=עגלה געווען פון יאָרן אין מיין שטעטל. געשלעפט די משא. געשלעפט וואָס סע האָט זיך געמאַכט. וואָס הייסט, מען האָט זיך

געקלאָגט, ס'איז שווער? אויסגעקוקט מען זאָל העלפן? פּע, דאָס טוט נישט אַ נאַש-בּראַט—קענען אַפילו די אויגן פון קאָפּ אַרויסקריכן. איך האָבּ נאָר בּשעת מעשה געטראַכט, בּשעת איך בּין געגאַנגען מיט דער משא אויף די טרעפּלעך און די קני — אָט בּרעכן זיי זיך אונטער; און ר' זאַוול דער קרעמער זאָל עס פּרובן אַ פינגער צולייגן. כּלומרשט אַרויסגעגאַנגען מיר אַנטקעגן; כּלומרשט אַרויסגעגאַנגען העלפן, כאָטש אַ קרעכץ טאָן און אַז איך בּין אָנגעקומען אַנטקעגן אים מיט דעם זאַק משא אויף דער פּלייצע, האָט ער זיך געררוקט הינטער זיך: מורא געהאַט, איך זאָל אויף אים ניט אַרויפקריכן.

ר' זאַוול און ר' שמערל; ר' טאָדרעס און ר' חייקל... געדזשוויגעט פאַר זיי געננוג. קיין מחותנים איז מען נישט געווען. אין קלויז — זיי אין מזרח — איך — הינטערן אויוון. איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, אַז די דאָזיקע לייט מיט זייערע זונעלעך האָבּן שטענדיק גערעדט פון ארץ-ישראל, בּיז ס'איז געקומען די מלחמה און די רעוואָלוציע און איבּערגעקערט דעם וואָגן אין בּלאָטע אַריין. איר פאַרשטייט, וואָס סע מיינט איבּערגעקערט? נישט אויסצוגלייכן צוריק... איר פאַרשטייט, אַז די דאָזיקע לייט — איך וויל זיי נישט אָנרופן בּיי זייערע נעמען... אגבֿ זיינען זיי שוין געווען אויפן עולם האמת און אַהער קומען זיי שוין נאָך חיבּוט הקבר... זיי איז ניט מקנא צו זיין, מע איז דאָך יידן. אַז סע איז געוואָרן שלעכט, איז אַלעמען געווען שלעכט.

זאָג איך אַנטקעגן דעם, ווי פון איין פערד קען מען קיין אַכצן פעלן נישט אַראָפּשינדן... בּין איך דווקא ווייבער געוואָרן. איך בּין געווען אַמאָל אַ האַרטער מענטש. נישטאָ וואָס צו פאַרלייקענען... אַז מען האָט געזאָגט, אַז יידן גיט מען אַוועק קרים, איז דאָך נישט שייך... בּין איך אין דעם אַריין. בּין איך פאַר דער אידעע אַ גרויסער אידעאַליסט. ערד—איז ערד. ס'האָט זיך מיר נאָר נישט פאַטופעט אין קאָפּ, ווי אַזוי סע וועט זיין מיט די דאָזיקע לייט, וואָס האָבּן אַליין נישט אייינגעטונקט אַ האַנט אין קאַלט וואַסער—אָטאָ-די, וואָס פון תמיד אָן האָסטו זיי בּאַדאַרפט בּאַדינען און פירן און דזשוויגען אויף די פּלייצעס. עס איז טאַקע געווען, אַז אָך און וויי צו אַלעמען — נאָר וואָס פון זיי איז געוואָרן... כע-כע-כע,

איר קענט אײַך מיינען, אַז איך בין זיי אַ שונא. איך בראַיע די גאַנצע זאַך אַנטקעגן דעם, וואָס מע זאָגט קאַטעגאָריעס; אוודאי האָט איר זיך אָנגעהערט פון די אַלערליי קאַטעגאָריעס. בין איך אויך געוואָרן אַ קאַטעגאָריע־מענטש.

איר פאַרשטייט, ווען איך כאַפּ אויף דעם ענין גלייך, וואָלט איך דאָ באַדאַרפט זיין מיט אַ יאָר פריער. יעמאָלט וואָלט איך אַראָפּגעקומען מיט אַ פּאָר סוסים און איך וואָלט געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט. וואָלט איך נישט באַדאַרפט זערן אויסגעווייסן און נישט אויסציען די פיס אין בלאָטע. האָט מען פאַרשלאָגן. הערט איר, אַז מען פאַרשלאָגט — זאָל עס אויף וויסטע פעלדער אויסגיין! בין איך געבליבן מיטן בייטש־שטעקל אין האַנט. טאַקע יענע לייט האָבן מיך אַריינגעשלעפּט אין בלאָטע; האָבן מיך אויף אַ ווײַלעטשקע אַרומגעשלעפּט איבער די דערפער; אויף אַ ווײַלעטשקע מיך געמאַכט פאַר אַ תבואה־הענדלער — נישט געדאַכט זאָל עס ווערן...

נו, אַז איך בין אַהער געקומען מיטן בייטשל ווי אַ ערשטער קאַטעגאָרניק און דער דזשאָינט האַלט יידעלעך פאַר פערד און גיט זיי דווקא אָקסן — איז אַ גזרה, אויף וויסטע פעלדער זאָל עס אויסגיין. זיי גיבן אַן אָקס און איך זאָל מיר קויפן דעם אַנדערן אָקס. נו, און וואָס איז מיט דעם וואָגן? זיי גיבן דאָך אַרויס איין וואָגן אויף צוויי מענטשן; האָב איך דאָך שוין באַדאַרפט סיי ווי זוכן אַ פּאָר צו זיך: נאָך עפּעס אַ פערד, וואָס זאָל מיט מיר קענען גיין אין שפּאַן. האָב איך מיך שוין מיישב געווען — אויב שוין אַ שותּף צום וואָגן, זאָל שוין זיין אַ שותּף צום אָקס אויך. ער אַן אָקס — איך אַ אָקס.

איר האָט דאָך געזען וואָס אין קאַנטאָר טוט זיך אָפּ? אַ מאַרק! וואָס זאָג איך, אַ מאַרק — אַ יאַריד! אַן אָנגלייפעניש. ווער איז דען דאָרט נישטאָ? גיי זיי אַ חכם. גיי זיי אַ פאַרשטייער און קריך אַריין יענעם אונטער די נעגל. אָפּגעשונדענע, פאַרשמייעטע. אַיעדן קוועטשט. אַיעדערער האָט מורא צו דערציילן ווער ער איז און וואָס ער איז. אַיעדערער שרייט, ער וועט מיט דער נאָז די ערד אַקערן. און מען קען זיי גלייבן. מען לויפט דאָך ווי פון אַ שלעכטן יאַריד; מען לויפט דאָך ווי פון פייער. מען גייט דאָך נישט אַהער.

מען פליט דאָך אויף ריסאַקעס. איז טאַקע אין קאַנטאָר האָב איך מיר מיט מיין פאָר צום ערשטן מאָל באַגעגנט.

דאַכט זיך אַ מענטשל אַ פיינס, אָט דער פון וועמען איך וויל אייך דערציילן. אַ ביסל אַן איידעלער. מיט ברילן אויף דער נאָז. מען האָט זיך אָנגעקוקט, אַדורכגעשמועסט. איך האָב אים גענומען פאַרן האַנט, טאַקע געוואָלט אויספרווון צי דאָס מענטשל האָט כוח... אגב, וואָס זאָל איך מיך נאַרן — מען איז אַ ייד. טראַכט מען: אַ מענטש איז בלאָטע. די פערד האָבן פאַרשלעפט. דער וואָגן איבערגעקערט. דער דישל צעבראָכן. אַ צרה. אַלעמענס צרה. אַז יידן גייען ווערן פויערים און אַז מען שמועסט אַ צייט פון קאָמוניזם, אַלע גלייך — איך בין פאַר דער דאָזיקער אידעע אַ גרויסער אידעאַליסט — זאָלן זיין אַלע גלייך. מה רעש? אַמאָל האָב איך געפירט פאַר זיינעטוועגן. אַמאָל האָב איך געדזשוויגעט די משא פון זיינעטוועגן. איז איצטער אַ צייט, וואָס אַלע זיינען גלייך; פאַרוואָס זאָל איך נישט באַווייזן, אַז יידן זיינען אומעטום יידן? איך פרעג אייך: אין אַמעריקע איז דען אַנדערש?

דאָס מענטשל איז מיר געווען געפעלן. טראַכט איך מיר: אַמאָל האָט ער מיך געלערנט — איצטער וועל איך אים לערנען. טאַקע אין אמתן, פאַרוואָס נישט? מען מוז איינער דעם אַנדערן צוהעלפן.

נעם איך מיין שותף און איך קלאַפ צו... רייד אָפ מיט אים ווי עס פאַסט. אַלע גלייך. מיין אָקס, דיין אָקס... מען וועט זיי שפאַנען אינאיינעם. און איך זאָג צו אים, אַז אויב נאָר אַ גוטע גערעטעניש וועט זיין, וועט מען קויפן פערד. אויב שותפים, אויב חברים — זאָל זיין חברים. און וואָס זאָל איך מיך נאַרן? וואָס אַן אמת איז אַן אמת. איך האָב געוואָלט האָבן אַ חבר... אַ שיינעם חבר. נו, אַז מען איז נאָך אינאיינעם אין די האָלאָבלעס, קען מען פון אַזאַ איינעם עפעס כאַפן... ער האָט מיר טאַקע געשריבן דאָס ערשטע בריוול צו מיין ווייב. איך האָב איר געשריבן, ווי אַזוי און וואָס. און אַז איך האָב אַ חבר. אַז מיטן חבר האָב איך אַ פאָר אָקסן. איך האָב איר באַשריבן ווי אַזוי קרים זעט אויס. איך האָב איר באַשריבן, ווי אַזוי מיר בויען דערפער. ווי אַזוי איך און מיין חבר וועלן עס פון מאָרגן אָן אָנהייבן צו פירן געזעגטע שטיינער, אמתע מירמל-

שטײנער אויף הײזער: אַ הויז פֿאַר מיר, אַ הויז פֿאַר מײן חבר. איך האָב איר געשריבן, אַז אַלץ וואָס מען האָט דערצײלט אינדערהײם איז אמת. אַ חלק ערד האָט מען מיר אָפּגעשניטן אַ פֿײנעם.

נו, פֿאַרשטײט איר דאָך, אַז אַ נאַש־בראַט, כאָטש מען האָט זיך געלערנט בײ פֿערד, פֿונדעסטוועגן קען מען טרעפֿן ווי אַן אָקס אײַנצונעמען. צו מײן חבר האָב איך געזאָגט: גוטער ברודער, איצטער זײנען מיר דאָ. איצטער זײנען מיר ניט דאָרטן. איצטער זײנען מיר בײדע גלײַך. — מה רעש? עס קומט אויס אַ ביסל אַרײַנגײן אין יענעמס פֿאָלאָשעניע — פֿאַרוואָס נישט? מען איז דאָך ײדן.

איך האָב געזען, אַז ער איז אַן אײדעלער. איך האָב מיר אַלײן געטראַכט: די דאָזיקע מענטשן, אַז פֿון זײ האָט מען גענומען שינדן די פֿעל, איז דאָך ניט שײך—באַדאַרף מען זײ העלפֿן. איך בין אַ פּאָר מאָל אויפֿגעשטאַנען באַגינען, אַז מען האָט באַדאַרפֿט. זאָל אַ מענטש שלאָפֿן אַ ביסל לענגער. וואָס זאָל איך מיך נאַרן? ער האָט מיר אויסגעזען ווי אַ יונגער לאָשיק, וואָס מען באַדאַרף אײַנשפּאַנען צום ערשטן מאָל אין וואָגן און מען באַדאַרף אַכטונג געבן, ער זאָל זיך נישט אײַנרײַסן; ער זאָל די האַליאָבלעס נישט צעברעכן...יאָ, חבר שרײַבער, אַזוי זײנען די אינטעליגענטן. זײ זײנען נישט געפּרוווט. זײנען שלאַבעריק. מע באַדאַרף זײ העלפֿן.

האָב איך צו אים געזאָגט:

— מירן אָנהײבן צו פֿירן שטײנער. עס האָט זיך געמאַכט אָנצופֿירן שטײנער פֿאַר דער קאַנטאָר. די קאַנטאָר האָט געבויט אירע אַ שטוב. גוט, אַז סע מאַכט זיך אַ פֿאַרדינסטל; אַרײַנגעפֿאַלן אין אײגענע הענט. גוט — זאָג איך צו אים — חבר, אויסגעטאָן די הענטשקעס — כע־כע, הענטשקעס, מעלד איך אײַך, האָט ער שוין ניט געהאַט; אַזוי זאָג איך צו אים — קוק זיך אײַן ווי איך שפּאַן אײַן די אָקסן...

געווען באַגינען אַ זײגער פֿינף. ער איז אויפֿגעשטאַנען. געקומען, אַפֿילו אַ פֿאַרשלאָפֿענער; אָבער געקומען. מען האָט זיך אויפֿגעזעצט. צאָב־צאָבע... אַ וויאָרסט צען צו פֿאָרן. דריטהאַלבן שעה גוטע, כאָטש מיט לײדיקן — טראַכט איך, דער מענטש וועט אָנהײבן

צו ריידן. דער מענטש וועט זאָגן: — חבר... נו, מען איז אין קרים... אַן אַנדער מעשה...

מאַכט ער צו מיר:

— חבר, די אָקסן גייען דאָך אַליין; צאָבּ-צאָבּע וועט איר שוין מוחל זיין זאָגן. איך וועל דערווייל כאַפּן אַ דרעמל.

פע, קלער איך מיר. נעכאַי וואָלט דער מענטש געזאָגט פּונקט קאַפּויר:

— חבר, היות ווי די צאָבּעס גייען סיי-ווי אַליין, צאָבּ-צאָבּע צו זאָגן איז קיין גרויסע תורה נישט — טאָ שפּאַרט זיך גאָר צו אויפן וואָגן און איך וועל אָנטרייבן.

איר פאַרשטייט, חבר שרייבער, ווען ער זאָגט עס מיר דעם ערשטן מאָל, כאָטש איינמאָל — קויפט ער מיך אונטער! איך וואָלט עס געדענקט. איך האָב אַ גוטן זיכּרון. איר פאַרשטייט, חבר שרייבער... דעם ערשטן באַגינען, איך בין מיט אים אַרויסגעפאָרן — אַ נישט גלייכע פאָר. וואָס זאָל מען זיך לייקענען? אַז אַ רעוואָלוציע איז געקומען און אָנגענומען ביים קאַרק און אויסגעגלייכט — איז אויסגעגלייכט... ער וואָלט מיר מיין האַרץ צעוואַרעמט, ווען ער הייבט אָן טאַקע פון דעם ערשטן באַגינען... איר פאַרשטייט, איך האָב מיר געוואָלט אויסריידן. געוואָלט אַראָפּריידן פון האַרצן. געוואָלט מודה זיין, אַז בטבע האָב איך אַזעלכע לייט פיינט. און ס'איז פאַראַן פאַר וואָס פיינט צו האָבן. נאָר איצטער, אַז מע האָט געזאָגט: — „פּראָסטאָי נאַראָד ופּעריאָד!“ — וויסן מיר וואו מיר האַלטן אין דער וועלט... טאַקע, פאַרוואָס ניט? פאַרוואָס נישט אויסריידן דאָס וואָס ליגט אויפן האַרצן שוין אַזוי לאַנג? מילא, אַז מען זיצט שוין אויף איין וואָגן; אַז מען האָט נאָר בשותּפות איין וואָגן. אַז ער האָט אַ אָקס צוגלייך מיט מיר. טאַקע דערמאָנען אַלע עוולות: פאַר זיך, פאַר מיין טאַטן — אויך געווען אַ פּראָסטער ייד, וואָס האָט כּסדר געהאָרעוועט פאַר יענעם. כּסדר האָט מען אים געשפּיגן אין פּנים אַריין. זיינען מיר געוואָרן חברים, זיינען מיר אויף אַ ווײַלע געוואָרן ביידע בעל-עגלות — איז דאָך נישט שייך...

נעמט ער און ציט זיך אויס אויפן וואָגן מיטן הינטן, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, צו מיר און ווי גאָר אין די אַלטע צייטן: דו זיי אַ אָנשמייסער און איך וועל מיר גלעטן די הענט. אָט דאָס זאָג איך, אַז אַכצן פעלן פון פערד קען מען נישט שינדן. איך בין פאַר דער אידעע געווען אַ גרויסער אידעאַליסט. אין יע־נעם פרימאָרגן האָט עס מיר ווי מיט אַ מעסער דערלאַנגט אין האַרצן. מילא, די ווילסט שלאָפן — שלאָף; וועל איך די אָקסן אָנטרייבן...

אָנגעקומען ברוך־השם צום אָרט וואו מען באַדאַרף נעמען די שטיינער. איך שטיי שוין. ער שלאָפט. וועק איך אים:

— חבר, זיי־זשע מוחל. מען איז אָנגעקומען. מען באַדאַרף זיך אַ ביסל טאָן אָנלייגן די שטיינער. מען קען פאַרן טאָג באַווייזן צוויי מאָל צו זיין הין און צוריק.

מאַכט ער צו מיר:

— וואָס מיינט איר, איך בין בכוח אַליין אויפצוהייבן אַזאַ שווערן שטיין?

מאַך איך צו אים:

— טאָ וואָס פאַר אַ שותף ביסטו מיר, חבר? אַז איך וועל אָנטרייבן די אָקסן; אַז איך וועל אָנלייגן די שטיינער — איז וואָס־זשע וועסטו טאָן? וואָס־זשע?... איך פאַרשטיי נישט.

מאַכט ער:

— אַ האַלבער וואָגן איז מיינער. אַ גאַנצער אָקס איז מיינער.

מאַך איך:

— נו, גוט, איך פאַרלייקן עס נישט. אָבער וואו איז די חכמה? דאָס הייסט, איך זאָל ווידער זיין פאַר דיר בעל־עגלה ווי געווען?...

מאַכט ער:

— איך זאָג עס נישט. איך זאָג נאָר, אַז די שטיינער שלעפן קען איך נישט. האָב עס קיינמאָל נישט געטאָן און קען עס איצטער אויך נישט. איך וועל אונטערשטופן דעם וואָגן, אויב פאַר די אָקסן וועט זיין צו שווער.

איר הערט אַ חכמה? ער וועט אונטערשטופן דעם וואָגן. איך באַדאַרף ער זאָל מיר העלפן — וועט ער גאָר די אָקסן העלפן. די אָקסן בעטן דערוויילע נישט, מען זאָל זיי העלפן. מילא, איך

האָב אָנגעלאָדן דעם וואָגן. ווי איך זעט מיך לעבן, אַז דרייסיק שטיינער, צו דריטהאַלבן פּוד אַ שטיין, האָב איך אַליין אַרויפגעלייגט. ער האָט געגלעט זיין אָקס דעם האַלז. געדויערט אַ שעה געוויס, ביז איך האָב באַוויזן אָנצולייגן די שטיינער... וואַרט איך, דער מענטש וועט נעמען און איינשפּאַנען די אָקסן, איך זאָל דעם אָטעם אָפּכאַפּן... אָבער דער מענטש רירט זיך פון אָרט נישט.

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, איך האָב איינגעשפּאַנט די אָקסן און אַז מען איז אָפּגעפאָרן אַ פּאָר ווייאָרסט, נעמט ער און כאַפּט זיך אַרויף אויפן וואָגן, אויף די שטיינער — באַשר אים טוען ווי די פיס.

מאַך איך צו אים:

— אַ צער בעלי־חיים אויף די אָקסן...

מאַכט ער:

— דאָס פּירט מיך, מיין אָקס און נישט דיינער.

וואָס זאָגט איר צו אים? באמת האָט זיך מיר געוואָלט אָפּ־שטעלן דעם וואָגן און מיט דער בייטש אַזוי צעכוואָשטשען אים די זייטן, אַזוי צעכוואָשטשען... נאָר גיי טו און מאַך, אַז דער וואָגן איז אַ בשותּפישער און אַן אָקס איז זיינער. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, חבר שרייבער — איך בין יענעם טאָג געווען אוים מענטש. איך בין געווען פאַר דער אידעע אַ גרויסער אידעאַליסט, און יענעם טאָג בין איך גרייט געווען זיך אַליין די אויגן אויסרייסן.

אמת, אַז איך האָב געבראַכט די שטיינער און טאַקע אַליין זיי אַראָפּגענומען — ווען ער העלפט מיר, וואָלט איך שוין אַליין אים געבעטן ער זאָל זיך נישט מטריח זיין — אַראָפּגעלייגט די שטיינער און געזאָגט צו אים:

— זעץ זיך, חבר...

איר פאַרשטייט, איך האָב געוואָלט אַראָפּריידן פון האַרצן אַלץ, וואָס מיר האָט זיך אָנגעקליבן... אוי, האָב איך אים געוואָלט געבן: פאַר זיך און פאַר מיין טאַטן, אי פאַר אַלץ, וואָס סע האָט זיך נאָך אין שטעטל אָנגעקליבן אויפן האַרצן.

ער האָט זיך געזעצט. האָט אויסגעטאָן די ברילן, זיי אויס־געווישט און אָנגעטאָן צוריק און מאַכט צו מיר:

— איר פֿאָרט הײנט נאָך אַמאָל?
— װײסט װי דען? — זאָג איך.
— װעט איר מוחל זײַן פֿאָרן אַלײן.
— װאָס, שױן אײַנגעמאַטערט זיך?
— יאָ, אײַנגעמידט. מיר געפֿעלט עס נישט. איך װעל אָפּ־געבן דעם דזשאָינט דעם האַלבן װאָגן, דעם אָקס און װעל זיך אומקערן אין שטעטל אַרײַן.
— גאָר אַזױ?
— יאָ, גאָר אַזױ — מאַכט ער.
— װאָס, עס פּאַסט דיר נישט די קאַטעגאָריע?
— אַ ייד קען נישט זײַן קײן פּױער — מאַכט ער.
— װאָס דען פּאַסט אַ יידן צו זײַן? — פֿרעג איך אים.
— די צײַט געקומען, אַז דער ייד זאָל פֿאַרלײגן מיטן קאָפּ — מאַכט ער — איך װעל פֿאָרן אַהײם און פֿאַרלײגן מיטן קאָפּ אײנאײ־נעם מיט מײַן שטעטל.

זעט איר, חבר שרײַבער, דאָ האָט זיך שױן מיר געװאָלט מיט אים אױסטענהן. פּאָ סוואָיעמו... װאָס הײסט אַ ייד קען נישט זײַן קײן פּױער? װאָס פֿאַר אַ ייד מײנט ער? ער איז דער ייד? און װער בין איך? איר פֿאַרשטײט, חבר שרײַבער, איך װאָלט נאָר איצטער אים דאָ געהאַט, ער זאָל אַ קוק טאָן, װאָס דאָ איז פֿאַר די אַנדערהאַלבן יאָר געװאָרן. איר פֿאַרשטײט, זיבעצן הײַזער שטײען שױן. און גאַנצע זעכציק װעלן שטײן. מען האָט אפשר גאַנץ קרים צעאַקערט. פֿאַרזײט. מע שנײַדט. מע זאָגט, אין כערסאָן האָבן זײ נעבעך אַ הונגער, אָבער דאָ איז נישט צו פֿאַרזינדיקן; די פֿעלדער נישט צו פֿאַרזינדיקן. איך האָב יעמאָלט אָנגעפֿירט די שטײנער פֿאַר יענעם; אָנגעפֿירט די שטײנער פֿאַר זיך. אױסגע־בױט אַ שטוב. און שרײַב אַװעק, אַז מײַן װײַב און קינדער זאָלן אַראָפּ־קומען. און דעם אָקס זײַנעם מיטן חלק װאָגן האָב איך איבערגענומען. און איצטער האָב איך צוריק אַ פּאָר פֿערד װי אין די גוטע צײַטן. בײַ פֿערד — בין איך מיר איך. בײַ די אָקסן בין איך געװען אַ קריכער. איך האָב עס פֿײַנט.

נאָר דאָס וויל איך אײַך זאָגן, חבר שרײַבער, אַז איך ווייס אַליין ניט פון וואָס פאַר אַ קאַטעגאָריע מײַן ערשטער שותּף איז געווען. זינדיקן טאָר מען נישט. מען האָט אַלעמען געלאָזן מיטן בײַטשל. אַלעמען. זײַ, די אינטעליגענטלעך אויך. אפשר איז זײַ איצטער ערגער ווי נאָש בראָט. נאָר ער האָט אַ בילבול אויסגעטראַכט אַפילו אויף זײַנע אייגענע. אײַ, ווערן זײַ דאָ אויסגעריסן! אײַ, האָט רעוועץ זײַ דאָ; אײַ, שלעפּן זײַ שטײנער. אײַ, אַקערן זײַ... אײַ, וועלן זײַ דאָס זײַן פּויערים!... עס וועט זײַ גאָרנישט העלפן. אַז די מלוכה הייסט, חבר שרײַבער, מוז מען. דאָ איז ניט ווי בײַ אײַך אין אַמעריקע. דאָ, אַז מען האָט אַ זאָג געטאָן: — „פּראָסטאָ נאַראָד ווּפּעריאָד!“ — איז דאָס טאַקע געמיינט.

אַ שיינע שטוב, וואָס זאָגט איר, חבר שרײַבער? ווען נאָר אַ הילצענערס דיל, ווען איך קען אָוועקלייגן. מע איז דאָך פונדעסט־וועגן יידן. און נאָך עפּעס וויל איך אײַך זאָגן: ווען יענער, דער שותּף מײַנער, קומט אַהער — וואָלט איך אים איצטער מקרב געווען, כאָטש ער איז נישט פון מײַן קאַטעגאָריע. מע איז דאָך יידן...

איצטער מוזן יידן ווערן פּויערים. פאַר דער דאָזיקער אידעע בין איך אַ גרויסער אידעאַליסט, חבר שרײַבער.

---

# אַ ג ר אָ נ אָ מ ע ן

(מאָנאָלאָג)

— ...וואַשט אײַך אַרום, חבר הירשבײַן. נעמט אַראָפּ דעם שטויב פון זיך. אײַער פּנים איז נאָך דערווייל ניט קיין אַגראָנאָמישער. אײַער הויט איז צו איידל פאַרן קרימער שטויב... כאָטש באמת האָט איר אויך שוין באַלד געקענט ווערן ביי אונז פאַררעכנט פאַר אַן אַגראָנאָם...

יאָ, חבר, פאַראַן אַ סך צו ריידן פון דעם. איר האָט דאָך פאַר היינטיקן טאָג באַזוכט אַ עטלעכע דערפער. דאָס איז, קען מען זאָגן, מיין האָדוליע. איינע־אין־איינע. די שטיבער האָב איך אָנגעוויזן ווי צו בויען און וואו צו בויען. די פעלדער האָב איך פאַר זיי צעטיילט. און אַלע קלאָגן, אַלע יאָמערן האָב איך פאַר די פאָר יאָר אויסגעהערט. רופן רופט מען מיך „חבר אַגראָנאָם" — נאָר איך שעם זיך ניט מודה צו זיין פאַר אײַך, אַז זייער אָפט, בשעת איך הער מען רופט: — חבר אַגראָנאָם!... קוק איך מיר אום, וועמען מיינט מען?... פּונקט ווי איר האָט שוין אוודאי פאַר די עטלעכע טעג, וואָס איר פאָרט אַרום פון דאָרף צו דאָרף, געווים פאַרגעסן, אַז איר זייט אַ שרייבער, כע־כע־כע — — —

צייטנווייז טוט עס מיר הנאה, וואָס אין אַזויפיל ענינים קען איך די איבערוואַנדערער אַרויסהעלפן. און אַמאָל פאַרדריסט, פאַרוואָס אין דעם עיקר ענין — טאַקע אין דעם ענין אַגראָנאָמיע — מאַכט מען אַליין פון זיך חוזק...

אין סאַמע אָנהייב, אַז מען קומט אָן אויפן סטעפּ; טאַקע מיט דעם אָנזאָג פון אַגראָדזשוינט, צי געזערד, וואָס באַפוילן:

— פאָר קיין קרים, צי קיין כערסאָן און מאַך פון אונזערע יידעלעך, קרעמער און מלמדים — גיי מאַך פון זיי פויערים...

איז טאַקע תחילת ציט מען אָן די ברעמען און מען ווערט ערנסט. ווי איז אָבער, אַז מען קומט צו זיך אין ראַיאָן אַריין און דעם ערשטן וויזיט שטעקט איַיך אָפּ, גאָר ניט קיין איבערוואַנדערער, נאָר אַן איבערוואַנדערקע. און זי פרעגט זיך ניט אויף דעם אַגראָנאָם, גראָד אויף דער אַגראָנאָמיכע; דאָס הייסט אויפן אַגראָנאָמס ווייב?

פרעג איך איר:

— וואָס באַדאַרפט איר דווקא אַן אַגראָנאָמיכע? פאַרוואָס טויג איַיך ניט דער אַגראָנאָם אַליין!

ענטפערט זי:

— דאָס פאַסט ניט צו פרעגן דעם אַגראָנאָם.

און אַז איך דערקלער איר, אַז איך האָב ניט קיין ווייב; אַז איך בין אַ בחור, מאַכט זי:

— ווייסט איר גאָר וואָס... באמת האָב איך טאַקע באַדאַרפט האָבן צו דער אַגראָנאָמיכע, זי זאָל מיר זאָגן וויפל וואָכן זיצט אַ הון, אַז מען זעצט זי אויף קאַטשענע אייער. ווייל הייסט עס — זאָגט זי — באשר אַ הון זיצט דריי וואָכן אויף אייער, ביז עס פיקן זיך אויס קליינוואַרג און קאַטשקעס, זאָגט מען, זיצן פיר וואָכן — טאָ ווי אַזוי איז דער דין, אַז מען זעצט אַ הון אויף קאַטשענע אייער? צי איז ניט געמאָלט, אַז די הון זאָל זיצן ניט מער ווי פערטאַלבן וואָכן?... נאָר עס מאַכט ניט. איך האָב צייט צו וואַרטן פיר וואָכן אויך. נאָר היות ווי איר זייט נאָך אַ בחור, האָב איך פאַר איַיך אַ גאָלדענעם שידוך. אַ מיידל וואָס איז אַן איינאונאיינציקע ביי איר טאַטע־מאַמע און וואָס...

שלאָג איך איר איבער און זאָג, אַז איך בין אַן אַגראָנאָם, און אַז אַגראָנאָמען האָבן ניט קיין חתונה.

— ווייסט — גייט זי אַרויס פון די כלים — יידישע אַגראָנאָמען זיינען יידישע אַגראָנאָמען. און אַז איר וועט ניט האָבן קיין ווייב, וועלן די איבערוואַנדערער צו איַיך ניט האָבן קיין צוטרוי. הלמאַי — זאָגט זי — אַ דאָקטאָר? אַ דאָקטאָר אויך, האָט מען צו אים ניט קיין צוטרוי, אויב ער האָט ניט קיין ווייב און קינדער. אוודאי, קאָמפעטאָרינס האָבן אוודאי צו אַזאַ איינעם ניט קיין צוטרוי.

זאָג איך צו איר:

— חברטע, איך בין דאָך אַן אַגראָנאָם און ניט קיין דאָקטאָר, וואָס טויג מיר חתונה האָבן?

לאַכט זי זיך אויס:

— אַגראָנאָם־שמאַגראָנאָם, וואָס ווייסט מען ביי די איבערוואַנדערער וואָס דער אַגראָנאָם איז אין אמתן? ביי אונז האָט מען זיך געשפּאַרט. אַנדערע לאַכן אין די פויסטן, אַז מען זאָגט זיי, אַז אויף די יידישע פעלדער וועט אַכטונג געבן אַ דאָקטער. וואָרעם מען שמועסט דאָך, אַז אַ דאָקטער און אַן אַגראָנאָם איז איין זאַך...

אַז איך בין קוים פּטור געוואָרן פון דער יידענע, קומט צו מיר אַ יונגערמאַן און איז מיר מודיע, אַז אויב איך וועל ביי אים אָפּנעמען זיין כּלה, וועט ער דאָ אָנמאַכן אַ רעוואָלוציע אויפן ערד־חלק און אַלע איבערוואַנדערער וועלן זיך צעלויפן.

...האָב איך דאָך שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט און פון וואַנען דאָס שטאַמט — האָב איך געלאָזט וויסן צווישן די איבערוואַנדערער, אַז היות אין אַ האַלב יאָר אַרום קומט צו מיר צו פאָרן מיין ווייב, איז דעריבער זאָלן זיי מיר געבן צו וויסן, טאָמער מאַכט זיך אַ גוטע קו צו קויפן; וואָרעם איך באַדאַרף קויפן אַ גוטע קו פאַר מיין באַלעבאַטישקייט

נו, האָט מען זיך צו מיר אַ שאָט געטאָן מיט מציאות: יעדער איינער האָט אַ בהמה צו פאַרקויפן:

— סטייטש — זאָג איך, איר אַליין דאַרפט דאָך נאָך ערשט באַקומען קי פון אַגראָדזשאָינט...

מאַכן זיי:

— אָבער, וואָס ווען — קען מען דאָך די קי פאַרקויפן, דער אַגראָדזשאָינט וועט דאָך געוויס געבן גוטע קי. מען שמועסט, אַז די קי וועט מען אַראָפּברענגען פון אַמעריקע גופא.

לאַכט ניט, חבר. איך גיי ניט ווייט אַוועק פון אמת מיט מיין מעשה. ס'איז ניט גאָלע אויסטראַכטעניש... וואָרעם, אַז מען הייבט אָן די איבערוואַנדערער באַקאַנט מאַכן מיט די אָקסן, וואָס מען גיט זיי אַרויס, איז קודם־כּל חלומט זיי זיך אַ מאַרק, וואו מען וואָלט די

אָקסן געקענט פּאַרקויפן... אוודאי, איר קענט אײַך קלערן, אַז מיר האָט שוין מײַן אַגראָנאָמיע דערעסן און איך מאַך חוזק פֿון די איבערוואַנדערער. שאַדט ניט. מײַנע קאָלעגן האַלטן מיך פֿאַר אַ ליגן און זאָגן, אַז איך טראַכט אויס ניט געשטויגן און ניט געפֿלויגן אויף איבערוואַנדערער. פּרוווט און טוט נאָר אַ טרייסל אַ וועלכן עס עס איז פֿון מײַנע קאָלעגן, וועלן זיי אײַך אויך דערציילן אַזעלכע מעשיות. איך דערצייל עס דערפֿאַר, ווײַל איך בין זיכער, אַז אונזערע אָרעמע איבערוואַנדערער וועלן אין עטלעכע יאָר אַרום ניט האָבן זיך מיט וואָס צו שעמען אַפֿילו פֿאַר די דײַטשן, וואָס זיצן דאָ אין קרים פֿון יעקאַטערינעס צײַטן אָן. נאָר די ערשטע צײַט — אײַ, באַדאַרף מען זיך מיט זיי ניאַנטשען! אײַ, קריכן זיי אָפּטמאָל אַרײַן אין די בײנער; אײַ, קריכן זיי אין גרגרת אַרײַן... נאָר אין דער שטיל וויל איך אײַך זאָגן, אַז מען באַדאַרף זיך אויף זיי פֿאַרשטיין, פּונקט ווי אויף זריעה. אָ, ווען מען וואָלט מיר נאָר לאָזן זיי איבערקלײַבן — איך פֿאַרשטיי זיך, ניט נאָר אויף ווערעמדיקן אַרבעס, נאָר אַפֿילו אויף ווערעמדיקע, איך בעט אײַך איבער אײַער כּבוד...

איך זע, איר נעמט זיך צום האַרצן, וואָס די איבערוואַנדערער באַדאַרפֿן די ערשטע צײַט אַ סך לײַדן. מיר לײַדן מיט זיי אינאיינעם. ניט קיין וואונדער, ווען מען פֿאַרגעסט זיך, אַז מען איז אַן אַגראָנאָם. אַז מען טוט זיך אַ לאָז אַראָפּ צו מיר ווי אַ הײַשעריק, אַלטוואַרג און יונגוואַרג; יידן און יידענעס און עס הייבן זיך אָן אַ סדרה:

— חבר אַגראָנאָם, ווען וועל איך זיך שוין זען מיט מײַן אָקס?

— חבר אַגראָנאָם, ווען וועל איך זוכה זײַן צו וויסן, צי מײַן קו איז מיט צוויי הערנער, צי מיט איינע?

— חבר אַגראָנאָם, מײַן קו מעלקט זיך נאָר אויף דריי ציצקעס.

— חבר אַגראָנאָם, בײַ מיר קרייט אַ הון, אפֿשר ווייסט איר ווי מען שיילט אַראָפּ פֿון איר צונג דעם פּיפּיטש?

— חבר אַגראָנאָם, וויפֿל מאָל אין וואָך טרינקט אַן אָקס?

— חבר אַגראָנאָם, וואָס טוט מען, אַז בײַם פֿערד זעצן זיך אָן זלידנע פֿליגן אונטערן ווײדל?

— חבר אַגראָנאָם, װאָס זאָל איך טאָן, מײן װײַב איז שױן אין אַכטן חודש און זי װיל פֿאָרן צוריק אין שטעטל אַרײַן?

— חבר אַגראָנאָם, אפשר װײסט איר װאָס מען טוט, אַז סע װעצט זיך אַ טשיריק אונטערן פּאַכװע?

— חבר אַגראָנאָם — — —

— חבר אַגראָנאָם, איך בין אַ געזינד פֿון צען פּאַרשױן, גײט אַרײַן אין מײן פּאָלאָזשעניע און גיט מיר אַ װיכאָד.

— חבר אַגראָנאָם, איר האָט מיר געהײסן זײען שטײנער, האָב איך געשניטן בײנער.

איר פֿאַרשטײט, חבר, אַז דאָ לײדט מען טאַקע אַ ביסעלע מער װי אין ארץ־ישראל. דאָרטן איז מען קעסט־קינדער בײַ פֿאָלק ישראל און דאָ איז מען שטיפֿקינדער בײַם קרימער סטעפּ. און זײ טאַפּן עס אָן גלײך. מען קלאָגט. מען טענהט:

— חבר אַגראָנאָם, בײַ מײן בהמה איז די מילך אַזױ, װאָס װערט געראָנען.

און דאָ אַנומלט קומט צו מיר אַ ייד און שלײדערט אַראָפּ פֿון פּלײצע אַ זעקל, מיט אַ געשרײ:

— דאָ, חבר אַגראָנאָם, האָב איך אײַך אָפּגעבראַכט צוריק אײער אָקס.

— װאָס פֿאַר אַן אָקס? װאו איז אַן אָקס?

נעמט ער און קערט אױס דאָס זעקל און עס פֿאַלט אַרױס אױפֿן דיל אַ גרױסע, פֿרישע, ערשט אָפּגעשונדענע פֿעל.

— װאָס איז דאָס? — פֿרעג איך.

— דאָס איז דער אָקס אײערער, דער בן־יחידל מײנער; די צאַצקע מײנע האָט זיך אַנידערגעלײגט און איז ניט אױפֿגעשטאַנען. װאָס באַדאַרף איך צאָלן צוריק דעם דזשאָינט פֿאַר אָקסן? — נאַט אײַך אים. אַ גרױסע פֿעל. איהט דערקענען. ס׳איבעריקע װעט איר מוחל זײן קומען, בײַ מיר דאָרטן הינטערן שטוב — הינט פֿרעסן דאָס פֿלײש...

נאָר גאָר ניט. אַן אַגראָנאָם איז פֿונדעסטװעגן אַן אַגראָנאָם, אַזױ בין איך מיר. קודם־כל האָב איך מיר געזאָגט: —„גוטער ברודער, דו װעסט ליגן צען אײלן אין דער אדמה, אויב דו װעסט זיך לאָזן; נעם די דאָזיקע יידן און יידענעס און פֿאַרזעץ זײ — די

יידן אין פעלד, די יידענעס אַרום שטוב. אַ־ניט וועט מען פון דעם עסק ניט אַרויסקומען". זיי אַליין, די איבערוואַנדערער, באַדאַרף מען תחילת פאַרזעצן זיי זאָלן זיך צונעמען. מיט די מאַנסלייט איז נאָך ווי מיט די מאַנסלייט. זיי לאָזן זיך אַיינשפּאַנען. אזוי, קען מען זיי אַיינשפּאַנען. ווערן חכמים. ווערן ווי קליינע קינדער. מען טאַנצט אַמאָל פאַר שימחה, אַז סע גיט זיך אַיין.

אָט, למשל, קומט צו מיר צו לויפן אַ ייד, מיט אַ צעלאָזענער, געלער באָרד, אַ פאַרפלאַמטער און אַ צעטרענצלטער, גלייך ווי ער וואָלט געוואונען די גרויסע געווינס:

— חבר אַגראָנאָם, קומט נאָר צו מיר אויפן פעלד. קומט זעט ווי מיין ווייץ, מיין ווינטער־ווייץ, וואָס איך האָב אַליין פאַרזייט מיט אַ וואָך צוריק — קומט און זעט ווי איינס אין איינס קריכן זיי אַלע פון דער ערד. כאָטש נעם און צייל איבער!

איר פאַרשטייט, זיי האָבן הנאה צו זען ווי סע וואַקסט. און מיט די וואָרצלען, וואָס דאָס קערנדל לאָזט אין דער ערד אַריין, שלעפּט עס דעם יידישן איבערוואַנדערער אַריין. זיי באַדאַרפן נאָר האָבן גערעטעניש, וואָלט שוין קיינעם גאָרנישט ניט געפעלט. אַ מאַן באַדאַרף אַ גערעטעניש.

מיט די ווייבער איז ערגער. מיט די ווייבער איז אָפּטמאָל אַזוי, וואָס מען קען אַרויס פון געדולד... דאָס איז אַ קליינקייט, וואָס מען איז צו מיר איינמאָל ביינאַכט געקומען צו לויפן און געריסן פון בעט: — אַ פרוי גייט שווער צו קינד און איך זאָל שוין גיין.

איך טענה:

— וואָס ווילט איר פון מיר, איך בין דאָך אַייער אַגראָנאָם. וואָס ווייסט אַן אַגראָנאָם פון אַ שווערן קימפּעט? אַ דאָקטאָר, אַן אַקושאָר באַדאַרף מען.

לאָזט זי מיך ניט אָפּ. זי וועט זיך ניט רירן פון אָרט, ביז איך וועל זיך ניט אָנטאָן און לויפן מיט איר. וואָרעם דער קימפּעטאָרין וועט ווערן גרינגער, אַז זי וועט נאָר שפּירן דעם אַגראָנאָם לעבן זיך. וואָרעם אין דאָרף איז דאָך דער פּחד ניט איבערצוטראָגן... און מיט דעם אַגראָנאָם ביים זייט וועט זי גרינגער איבערטראָגן די יסורים.

אין אמתן וואָלט ניט שאַטן, אַז דער אַגראָנאָם, וואָס זיין עובֿדה איז צו בויען הייזער און שטאַלן און אַרויסגעבן אָקסן און קי — אַז ער זאָל בעסער האָבן אַ ידיעה אין מעדיצין, איידער דאָרטן אין לאַנדווירטשאַפט. די ערשטע צייט וואָלט עס צוניץ געקומען.

גאָר ניט לאַנג איז צו מיר געקומען צו לויפן אַ יידענע מיט אַ פאַרבונדענער באַק. קומט צו לויפן, עפנט אויף דאָס מויל און שרייט מיט ביטערע טרערן:

— חבר אַגראָנאָם, רייסט מיר אַרויס דעם צאָן, וואָרעם איך ווער משוגע פאַר ווייטאָג!

— מיט וואָס זאָל איך רייסן? איך בין אַן אַגראָנאָם, ניט קיין צאָנדאָקטאָר, איך האָב אַפילו ניט קיין צווענגל ניט אין שטוב.

כאַפּט זי אַרויס פון אונטער דער פאַטשיילע אַ צוואַנג וואָס מען רייסט מיט איר טשוועקעס און בעט און כאַלעשעיעט:

— איך בעט אייך, האָט רחמנות אויף מיר... איך האָב געוואוסט, אַז איר האָט ניט קיין צוואַנג, נאָר איך האָב ניט געוואַרט, אַז דער שמיד זאָל עס טאָן. איר האָט אוודאי אַ גרינגערע האַנט...

וואָס מיינט איר, איך האָב ניט געמוזט ווערן אויף אַ ווייל צו אַ דאָקטאָר? איך האָב דעם צאָן אַרויסגעריסן. און מיין גליק, וואָס איך האָב ניט געטראָפן צום ריכטיקן, קראַנקן צאָן. איך האָב איר אַרויסגעריסן אַ געזונטן צאָן. וואָרעם, טאָמער גיט זיך מיר איין — וואָלט איך שוין אוודאי איצטער געווען אַ דענטיסט ביים אַגראָדזשאָינט.

פונדעסטוועגן פיר איך עפּעס פאָרט אויס ביי די באַלעבאָסטעס. איך האָב ליב, אַז ביי זיי אין די הייזער זאָל זיין ציכטיק. און אַז דרויסן זאָל דאָס הויז זיין געווייסט. נו, גיב איך ניט קיין קאַלך אויב אין שטוב איז ניט ריין. קיין קאַלך קומט זיי ניט צום שטוב. דאָס באַדאַרפן זיי שוין קויפן פאַר אייגן געלט. נו, אַז איך זאָג צו געבן קאַלך — קאַלכט מען שוין פון אינעווייניק און אויס־ווייניק. און ווי נאָר איין באַלעבאָסטע טוט עס — טוען שוין אַלע נאָך. און דעריבער זיינען אין מיין ראַיאָן די הייזער געקאַלכט פון דרויסן. לאַכט ניט, חבר, דאָס גייט אַריין אין דער קאָמפּעטענין פון אַגראָנאָם. מיינט ניט, אַז איך קנעל גאָר מיט די איבערוואַנדע־

דער. מיט די ווייבער זייערע האָב איך אויך גענוג צו טאָן. מען באַדאַרף זיי מאַכן פאַר באַלעבאָסטעס, וואָרעם דאָס וואָס איז גוט געווען אין שטאָט, טויג ניט אין דאָרף. אַ דאָרפישע באַלעבאָסטע איז אַליין. אַז אַ שטוב האָט אַ באַלעבאָסטע, יעמאָלט איז שוין אַרום שטוב לעבעדיק. אַז איך האָב ליב אַ גוטע סטאַדע עופות אַרום שטוב, אַ גוטע פּאָר קי, גוטע פערד, קאַטשקעס, אינדיקעס — דאָס, אַז איך זע ביי אַן איבערוואַנדערער, געפעלט עס מיר בעסער ווי זיין פעלד. אַ פעלד איז אַ פעלד. אַ פעלד איז געווענדט אין קאַפּריזן. און דאָ אַרום שטוב איז דאָס זיכערער. דערצו, אַז אַרום שטוב וואַקסט, איז אַ באַווייז, אַז דער יידישער פויער אַליין קומט אַריין אין די פעדערן. און ניט נאָר עופות אַרום שטוב האָב איך ליב — קינדערלעך, אַז סע קומען צו יאָר אַיין יאָר אויס, איז אין שטאָט אַ סימן פון דלות, אָבער אויפן דאָרף — איז דאָס ווי קעלבלעך, קיזשיקעס ווען זיי קומען צו.

יאָ, חבר, אַ סך צו ריידן... אַז איך רייד אַ סך, ווערט מיר דערנאָך אומעטיק. וואָרעם ווער האָט עס געקאָנט גלייבן, אַז מען וועט יידן — אַ גאַנצן שטראָם אַ יאָר, טאָן צו דער ערד? איר ווייסט, אַז געענדיקט האָב איך ניט קיין אַקושאָר און ניט קיין דענטיסט. געענדיקט טאַקע האָב איך אַ קורס אַגראָנאָמיע. און גוט געענדיקט. און אַז איך האָב מיר דערוואוסט, אַז מען פירט איבער יידן צו ערד־אַרבעט; מען גיט זיי אָפּ האַלב קרים — האָט עס מיך צענומען טאַקע ווי אין פסוק שטייט. געמיינט, אַז איצטער האָט אַ יידישער אַגראָנאָם אויף עפעס זיך דערוואַרט. אַן אייגן פעלד — איז אַן אייגן פעלד. איך האָב געטראַכט פאָרן קיין ארץ־ישראל און דאָרטן העלפן יידן ביי דער ערד. האָט זיך גאָר געמאַכט, אַז דאָ האָט מען יידן אָפּגעגעבן צען ארץ־ישראלס פאַר אַמאָל. איך שעם זיך ניט. איך האָב געטאַנצט ווי אַ לאָשיק פאַר שמחה. איך האָב מיר געזאָגט:

— אָט האָסטו זיך דערוואַרט! איצטער האָסטו אויף וואָס אַוועקצוגעבן דיינע כוחות. איצטער האָסטו דיין באַפרידיקונג.

די ערשטע צייט האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט לייב און לעבן. ווער האָט געוואוסט פון שלאָף? דורך

טאָג און נאַכט פאַריאָגט. אַז אין פרילינג האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן די איבערוואַנדערער, בין איך ממש פאַרטרונקען געוואָרן מיט אַר־בעט; ממש די אייגענע גאָז ניט אַרויסגעזען.

איך בין אַ ביסל אַ היציקער. איך האָב ליב אָרדענונג. אַז מען קריגט צו מיר ניט אין צייט, האָב איך פיינט. פאַראַן ביי מיר חברים אַגראָנאָמען וואָס האָבן זיך אונטערגעריסן אין די עדישטע פּאָר חדשים. פאַראַן אַ קאָלעגע מיינער, וואָס לאָזט אָפּ די מיר אַ גאַנצע נאַכט און איבערוואַנדערער, זיי קומט אויס ביינאַכט אָנצוקומען פון שטאָט — ליגט דער וועג דורך זיין דאָרף — האָט מען זיך ניט געפוילט צו אים אָנקלאַפּן דריי פאַרטאָג. איך קען טרעפן אינמיטן דער נאַכט אויך. אים כאַפּט אָן אַ שרעק פאַרן טמעט, פאַר זיין ערד־חלק — לויפט ער צום אַגראָנאָם. און וואָס קען דער אַגראָנאָם טאָן, אַז עס קומט דער ווינטער? איר ווייסט דאָך, אַז די ערשטע צייט פעלט אויס אין אַ סך הייזער ברויט. אַז דו קומסט אַריין אין אַ הויז אין ווינטער און דו טרעפסט די איבערוואַנדערער — טאַקע אַ געזינה פון צען פאַרשוין — און מען האָט נאָך אַריינגענומען אין שטוב אַריין די אָקסן און די קו און עופות; ווער זאָגט נאָך, אַז עס ווילט זיך פונקט אַ באַלעבאָסטע געלעגן ווערן און אין שטוב איז קאַלט— — — — — פרעגט ניט, חבר, וואָס די איבערוואַנדערער לעבן איבער די ערשטע צייט און די אַגראָנאָמען מיט זיי... און צום האַרצן צו־פיל זיך נעמען טאָר מען ניט. איר פאַרשטייט, אַז אַ איבערוואַנדע־רער קומט צו דיר און טוט אַ זעץ מיטן קולאַק אין האַרצן און שרייט זיך פונאַנדער:

— חבר אַגראָנאָם, גיט מיר אַ וויכאַד, וואָרעם יענע וואָך האָב איך נאָך געהאַט אָנדערהאַלבן העמדער און איצטער בין איך פאַרבליבן נאָר ביי איינער...

באַדאַרף מען אַזאַ יידן גיבן אַ „וויכאַד“, ווי ער זאָגט.

וואָרעם, אויב אַן אַגראָנאָם קען ניט באַפוילן, אַז עס זאָל אָנהייבן אינמיטן דרינען צו דונערן און בליצן און אַ רעגן זאָל אַרויס־פאַלן — איז שלעכט...

— וואָס פאַר אַן אַגראָנאָם זייט איר, אַז איר קענט ניט מאַכן, אַז אין דער יידישער קרים זאָל וואַקסן קאַרטאָפּליעס?

אַזוי מאַכט צו מיר אַ יידענע. און זי איז גערעכט. וואָס פאַר אַן אַגראָנאָם בּין איך טאַקע? דאָס וואָלט נאָך ניט געווען אַליין. זי קען זיך בּאַטראַכטן און אַ פרעג טאָן:

— וואָס פאַר אַן אַגראָנאָם זייט איר, אַז איר קענט ניט זען, אַז מיין מאַן זאָל ניט אַריינשטעקן די האַנט וואו מען בּאַדאַרף ניט און אָפּגיין, מיינע שונאים, מיט בּלוט?

— וואָס פאַר אַן אַגראָנאָם זייט איר, אַז די ווייץ וואָס איז בּיי מיר אין פעלד געוואַקסן, האָבּן שונאים מיר איינגעפּאַשעט?!

— וואָס פאַר אַן אַגראָנאָם זייט איר, אַז איר מאַכט ניט, אַז אין די יידישע קאָלאָניעס זאָלן די סוסליקעס ניט אויפפרעסן די קאַווענעס און די אוגערקעס?

— וואָס פאַר אַן אַגראָנאָם זייט איר, וואָס איר האָט ניט אויסגעראַמט די פעלדמייז, איידער די איבּערוואַנדערער זיינען אָנגעקומען?

זאָג איך צו איר:

— איר ווייסט דאָך חברטע, אַז די טוסליקעס, כ׳מיין די פעלדמייז, האָבּן ניט קיין עקן, האָבּ איך ניט געהאַט אויף וואָס זאַליק אָנצושיטן. — און קיין אַנדער מיטל ווי זיי צו פאַרטרייבּן האָבּ איך ניט געהאַט.

— זאָגט זי, אַז אַגראָנאָמען בּאַדאַרפן זען, אַז בּיים טוסליק זאָל וואַקסן אַן עק...

מילא, דאָס איז אַ שפּאַס. אפשר וואָלט איר, חבר הירשבּיין, בּיי אונז גאָר אָנגעקומען פאַר אַן אַגראָנאָם? איך האָבּ געזען די פּאָר טעג וואָס איך פאָר אַרום מיט אייך, אַז איר ווייזט אַרויס די אַגראָנאָמישע פעיקייטן וואָס מען בּאַדאַרף דאָ האָבּן... די איבּערוואַנדערער האָבּן זיך גוט צוגעהערט, ווען איר האָט זיי דערציילט ווי די יידישע קאָלאָניסטן אין אַרגענטינע זיינען אויסגעריסן געוואָרן די ערשטע צייט, בּיז זיי האָבּן דערלעבּט צו זען אַ שטיקל בּרויט פון זייער פּראַצע. יידן האָבּן ליבּ, אַז מען דערציילט זיי, אַז נאָך עמעצן איז שלעכט. זיי איז געפעלן געוואָרן בּשעת איר האָט דערציילט, אַז אין פּאַלעסטינע הונגערן די חלוצים. דאָס זיינען, חבר, אַגראָנאָמישע פעיקייטן צו

קענען אונזערע חלאָמות פאַרזויגן; אָפּשפּרעכן זיי קראַנקהייטן; פאַררײדן ציינער. איר ווייסט דאָך ווי אַ קו האָט ליב, אַז מען זאָל זי קראַצן אין האַלז, אין שטערן — אַזוי האָבן ליב אונזערע איבערוואַנדערער, אַז מען זאָל זיי קראַצן וואו סע בייסט און וואו סע בייסט ניט.

ס'איז ניט קיין חידוש. איך האָב געלערנט אַגראָנאָמיע. טעאָרעטיש ווייס איך פון אַלץ וואָס נאָר אַן אַגראָנאָם באַדאַרף וויסן. טעאָרעטיש האָב איך געוואוסט ווי אַזוי מען באַדאַרף זיך באַגיין מיט דער ערד. ווי מען הייבט דעם שוואַרצבראָך פאַר דער ווינטער־זריעה און ווען מען רייסט אויף דעם פריר־גרונט פאַר דער פרילינג־זריעה. אַלץ וואָס איז שייך צו ווייגערטנער; וואָס איז שייך צו פיצוכט, צו שאָף — אַלץ האָב איך געלערנט און באַוויזן, אַז איך בין ווערט דעם נאָמען אַגראָנאָם. נאָר, חבר, אַז אויף מיר וועט ווי אַ שטראָם אַפּלייץ טאָן די יידישע נויט פון שטאָט און שטעטל; אַז דער עיקר וועט מען ביי מיר פאָדערן ברויט: פאַרטיקע לײַבלעך ברויט גאָר; ביי מיר וועט מען פאָדערן מילך פאַר די קליינע קינדער; ביי מיר וועט מען פאָדערן שיך פאַר די באָרוועסע; ביי מיר וועט מען פאָדערן — — —

עך, צוליב וואָס אַייך שיטן זאַלץ אויף דער נשמה? איך וועל אַייך בעסער דערציילן אַ וויץ:

אַנומאָלט פאַרפאָרט צו מיר אַ קאָלעגע פון אַן אַנדער ראַיאָן און שטעלט זיך אָפּ אויף נאַכטלעגער. אַ יונגער בחור; האָט מיט מיר אין איין יאָר געענדיקט די אַגראַר־שול. איך האָב מיך דערפרייט מיט אים. מען האָט אַ ביסל געשמועסט. ער איז געווען מיד. איך בין געווען מיד. האָט מען זיך געלייגט שלאָפן. ביינאַכט, איך הער — מיין קאָלעגע שרייט פון שלאָף. אָבער איר ווייסט ווי ער שרייט? ממש עס האָט ביים האַרצן געריסן:

— „לאָזט אָפּ — האָט ער געשריען — לאָזט אָפּ, איר וועט דאָך דערהרגענען אַ מענטשן, לאָזט אָפּ!“

איך האָב אים אויפגעוועקט. האָט ער געריבן די אויגן; זיך אַרומגעקוקט וואו ער איז אין דער וועלט... און איך זע, מיין בחור, אַ בלאַסער — ווישט דעם שוויים.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס האָט זיך דיר געחלומט? האָסט דאָך מיר איבערגעשראָקן?

דערציילט ער, אַז אים האָט זיך געחלומט, ווי אַזוי ער איז מיטן אַווטאָמאָביל אָנגעקומען אויף אַ ערד-חלק. אַז די איבערוואַנדערער האָבן אים דערזען, האָבן זיי אויסגעגראָבן אַ גרוב און געוואָלט אים מיט געוואַלד אַריינזעצן אין דער ערד אַריין און דערביי געשריען:

— אָט, לאָמיר זען, ווי אַן אַגראָנאָם וועט וואַקסן...

— לאָמיר זען, צי ער וועט זיך צענעמען.

— לאָמיר זען, צי ער וועט בליען!

— האַלט אים, ער זאָל ניט אַרויסקריכן!

— גיסט וואַסער אויף אים, ער זאָל זיך צענעמען...

— גיסט וואַסער אויף אים!

אַז מען האָט אָנגעהייבן פּליוכען אויף אים וואַסער, האָט ער געטומען גוואַלדעווען.

איך באַדאַרף אייך זאָגן, אַז דאָס איז גאָר ניט קיין ווּסטער חלום פון אַ יידישן אַגראָנאָם. עס איז דערפאַר, וואָס די אַגראָנאָמען ליידן אינאיינעם מיט די איבערוואַנדערער און מען פאַרגעסט אַפילו, אַז מען איז אַן אַגראָנאָם. עס גלוסט זיך, אַז זומע זאָלן די איבערוואַנדערער האָבן ברויט; ווינטער זאָל זיין וואַרעם ביי זיי אין די הייזער. און מיר דאַכט זיך אויס, אַז ווען אַלע יידישע דערפער וועלן זיין אויף אַן אָרט; די איבערוואַנדערער וועלן זיך באַרויקן; עס וועלן קומען געדעטעגישן; עס וועט זיין חיונה — מיט איין וואָרט, אַז ס'וועט זיין אָט אַזוי ווי מיר ווילן עס — יעמאָלט וועלן זיך די אַגראָנאָמען כאַפּן, אַז זיי האָבן אַמאָל געשטודירט, גע- ענדיקט אַן אַגראַר-שול און אַז מיט די יידישע איבערוואַנדעו־ער איז מען אַליין געוואָרן „איבערוואַנדערער". און אפשר נאָך נאַרישער פון איבערוואַנדערער: וואָרעם איבערוואַנדערער, בחורים, האָבן שכל געהאַט אויסצוקלייבן שיינע מיידלעך, טאַקע צווישן אייגענע און, אַז צום אַגראָנאָם איז געקומען אַ שדכנטע — האָט ער זי אַרויסגעטריבן... אָט אַזוי וועט נאָך די אַגראָנאָמען באַשערט זיין צו פאַרבלייבן אַלטע בחורים.

נו, חבר הירשבּיין, נעמט זיך ניט צום האַרצן. זאָל נאָר די איבּערוואַנדערונג זיין אַן ערפאָלג. דאָס ווילן מיר אַלע. וואַשט זיך אַרום, איר זייט דאָך מיד; ווען מיר עפּעס איבּערכאַפּן און שמו־עסן פון עפּעס פריילעכערס:

— אפשר וואָלט איר טאַקע געוואָרן בּיי אונז אַן אַגראָנאָם?...

---

# איבערוואַנדערער

איך וואוין בײַם ברייטן שליאַך און איך זע צוזעדן טאָג, פֿון זונאויפֿגאַנג ביז שפּעט אינדערנאַכט אַרײַן.

שטענדיק טראַכט איך, ווען זיי קומען אָן מיט זייערע אָקסן־געשפּאַנען און ציען פֿאַרבײַ, צי פֿון זייער סטעפּ אין שטאָט אַרײַן, מיט ליידיקן, צי פֿון שטאָט שוין אָנגעלאָדן מיט די טיילן פֿון אַ צוקונפֿטיקער שטוב — שטענדיק, אַז זיי ציען פֿאַרבײַ, טראַכט איך:

— ווי לאַנג וואַנדערן זיי? ווי ווײַט איז דער מאַרשרוט, וואָס די דאָזיקע האָבן שוין דורכגעמאַכט, ביז די שיך האָבן געפּלאַצט אויף די פֿיס; ביז די קליידער זײַנען צעפֿאַלן געוואָרן אַזוי הענגענדיק אויף די אַקסלען; ביז אויף די הענט האָט זיך געלייגט דער ערנסט פֿון שווערער מי; ביז דער דאָזיקער קרימער סטעפּ האָט פֿון זיין אָנגעגליטער, פֿאַרצאָרנטער שטויביקייט צו זיי אַ שמייכל געטאָן?

אין די זומערדיקע און סוף־זומערדיקע חדשים; אין די האַרבסטיקע און שפּעטער אין אָנהייב ווינטער, ווען דער שטויביקער וועג איז פֿאַרזומפּיקט געוואָרן — האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן זייער וואַנדערונג. זייער שטים האָט נאָך נישט דורכגעבראָכן דעם סטעפּס שווייגן; זייער שטים קלינגט נאָך נישט דרייסט אין דער געגנט. נישט שטענדיק באַצווינגען זיי מיט די טריט דעם סטעפּ. ניט שטענדיק טרעטן זיי ווי די זיגער, וואָס בויען שוין הײַזער אין דעם אײַנגענומענעם לאַנד.

— ווי ווײַט איז דער מאַרשרוט פֿון דער גרויסער שטאָט, אָדער פֿון קליינעם האַלב־חרובן שטעטל, אַוואו עס זאָל ניט זיין — ווי ווײַט איז פֿון דאָרט אַהער?

ניין, איך קען עס קיינמאָל ניט אויסרעכענען. ווײַל דאָס איז גאָר אַ וואַנדערונג דורך דער צײַט און ניט דורך דער ווײַטקייט פֿון שטח קען איך מעסטן זייער מאַרשרוט. דאָס איז אַ וואַנדערונג פֿון

אַלטע דורות אַרויס, צו אַ שורה נייע און יונגע דורות, וואָס וואַרטן אָפּ די דאָזיקע איבערוואַנדערער.

אַלט און יונג און קליינע קינדער; מאַמע מיט אירע קינדער ביים זייט; מאַמע מיט אירע קינדער אויף די הענט — צו זיי קוק איך און מיר דאַכט זיך:

— פון ווייט, פון גאָר ווייט זיינען זיי אַהער אַריבערגעקומען; זיי לויפן ניט, נאָר זיי גייען. זיי אַנטלויפן ניט, ווייל קיינער יאָגט זיי ניט פון הינטן. דעריבער זיינען די פּאַמעלעכע אָקסן כמעט ווי צוגעפּאַסט צו זייער מאַרשרוט; דעריבער קען מען זיך באַוועגן מיט שנעלקייט פון אָקסנטראָט, ווייל קיינער וועט ניט אָניאָגן.

און כאָטש איך האָב זיי געזען ציענדיק אַהין, צום סטעפּ און אָפּטמאָל צוריק, פון סטעפּ — נאָר שטענדיק האָב איך גע־האַט דעם געפיל, אַז דאָס קומען זיי כסדר אָן, אַלץ מער און מער צו באַזעצן זיך ביי דער ערד, אין סטעפּ. אַפילו די, וואָס האָבן פאַרבייגעצויגן מיט די צעבראָכענע שטיקלעך מעבל, אויפן וועג וואָס פירט אין שטאָט אַריין — אַפילו די דאָזיקע האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס פירן זיי אינערגעץ אָפּ די צעבראָכענע שטיקלעך מעבל און מאָרגן, איבערמאָרגן וועלן זיי זיך אומקערן אַהער.

און עס קומען אויף זייער אָפּט מחשבות, קוקנדיק צו זיי, צום שליאַך אַרויס:

— זיינען די דאָזיקע מיטן פּאַמעלעכן טראָט, אַהינטערן אָקסן־געשפּאַן, געווען הענדלער?

— זיינען די דאָזיקע נע־ונדניקעס נאָך אַלץ אין וועג פון ניינצעטן יאָר אָן; פון פערצעטן יאָר אָן, בשעת מען האָט זיי געטריבן פון די גרענעץ־שטעט?

— זיינען דאָס די פעקלעך צרות, וואָס זיי טראָגן איינגעבונדן אין אַלטע שמאַטעס און דעריבער ציען די פעקלעך אַזוי אַראָפּ דעם פאַרשטויבטן גוף?

— זיינען זיי טאַקע בלוט־קרובים מיט די, וואָס האָבן דורך אַ שורה יאָרן די ימען געשניטן און זיך דערקליבן צו די אַמעריקאַנער ברעגעס, וואו איצטער טרעטן זיי דעם אַספאַלט אין ניו־יאָרקער, צי אין שיקאַגער גאַסן?

יאָ, יענע טראַכטן פון די דאָזיקע דאָ און זעען ניט אַלץ אַזוי גוט פונדערווייטנס. יענע טראַכטן פון די דאָזיקע, נאָר אינמיטן איז פאַרנעפּלט דער שטח, וואָס שפּרייט זיך פון דאָרטן ביז אַהער. יענע דאָרטן האָבן אויך אַמאָל געוואַנדערט; גרענעצן געגנבעט און געלאָפן פון לאַנד צו לאַנד. און די דאָזיקע איבערוואַנדערער וואַנדערן פון אַ מאַרק, פון אַ שלעכטן יאַריד, וואָס האָט אָנגעהאַלטן הונדערטער יאָרן. דער יאַריד איז אויסגערונען געוואָרן, אויפן אָרט פון יאַריד איז אַ סטעפּ אויפגעקומען. גאָר ניט אַזוי ווייט צו וואַנדערן אין תוך גענומען. די מחשבה באַדאַרף ארויסוואַנדערן פון אַלטע דורות אַרויס; פון אַלטע באַגריפן אַרויס און קומען אַנטקעגן די נייע דורות, וואָס וועלן וואַקסן אין פעלד און זיך דערנערן פון פעלד.

---

וויגן די שווערע, גרויע אָקסן=פאָרן די שווערע קעפּ, וויגן אויף רעכטס, וויגן אויף לינקס. דער יאָך פאַלדעוועט ביי ביידע אָקסן, גלייך דעם נאַקן. עס איז באַגינען. אַ קרימער הייסער, זומערדי=קער באַגינען. וויגן די אָקסן די שווערע קעפּ און ציען פון שטאָט אין טיפן סטעפּ אַריין; אַ וואָגן אַ געלאָדענעם מיט ברעטער ברענגען זיי. נאָך נעכטן פאַרנאַכט האָבן זיי זיך מיטן וואָגן געריִרט אין וועג אַריין. איצטער איז באַגינען.

אויפן וואָגן, אויף די ברעטער זיצט אַן אַלטער ייד. מיט אַ ווייסער. ווייסער לאַנגער באָרד. זיצט אין טלית און תפילין. אויף דער לינקער האַנט די רצועות אָנגעוויקלט. אין דער רעכטער האַנט די בייטש. ביידע הענט אין דער הויך — איינע צו גאָט און די אַנדערע צו די אָקסן... „שמע=ישראל“ — צו גאָט און — „צאָב=צאָבע“ — צו די אָקסן... לעבן אים, מיט אַ קלומיקל צו=קאָפּנס, ליגט אַ יינגל, נאָך גאָר אַ קינד; ער שלאָפט ביים זייט פון אַלטן. אפשר אַ טאַטע איז אים דער אַלטער; אפשר אַ זיידע. פליען אַ מחנה פעלד=פייגעלעך אַריבער און שרייען אַרויס זייער וואַכקייט צום באַגינען.

— שמע-ישראל און צאָפּ-צאָפּע. דורות וואַנדערן. קיינער יאָגט זיי ניט. קיינער טרייבט זיי ניט. קיינער וואַרפט זיי ניט נאָך קיין שטיינער.

וויגן די אָקסן די שווערע קעפּ און דער יאָך פֿאַלדעוועט ביידע אָקסן צוגלייך דעם נאַקן. אַ קרימער הייסער, זומערדיקער באַגינען.

אָ, וויפל געדולד די דאָזיקע אָקסן פֿאַרמאָגן! וויפל געדולד עס פֿאַרמאָגן די באַגלייטער וואָס שפּרייזן אַהינטערן וואָגן, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט רויטע דאַכעווקעס! צוויי בחורים שפּרייזן נאָך. ביידע בלאָנד, ביידע ברייטפּלייציקע. ביידע באָרוועסע. ביידע האַלטן צו איין האַנט אויפֿן וואָגן. ביידע חברים אוודאי. יעדערער פֿאַרמאָגט אַן אָקס. ביידע איין וואָגן. האַלט איעדערער איין האַנט אויפֿן וואָגן.

און אפשר ניט דערפֿאַר...

אַ יונגע פֿרוי ליגט אויף די רויטע דאַכעווקעס. אונטער איר פֿאַרשפּרייט אַ זאַק; אונטערן קאָפּ אַ „קישן", פֿון צוויי דאַכעווקעס מיט אַ צונויפֿגעלייגטן ליידיקן זעקל אויף זיי, איר אָרעם אונטערן קאָפּ, עס זאָל ווייך זיין. איעדער איינער פֿון די באַגלייטער האַלט איין האַנט אויפֿן וואָגן און ווינטשט איר גוטע חלומות; איעדער איינער האַלט איין האַנט אויפֿן וואָגן, כּדי איר זאָל דער געלעגער זיין ווייכער.

וויגן די שווערע אָקסן די שווערע קעפּ און דער יאָך פֿאַלדעוועט ביידן צוגלייך דעם נאַקן. אַ קרימער הייסער, זומערדיקער באַגינען. די אָקסן וויגן פֿרייער די שווערע קעפּ. זיי ציען אַ ליידיקן וואָגן. זיי ציען פֿון סטעפּ צום שטאָט. אין וואָגן זיצט מיין אָפּטימיסט און איז צופֿרידן מיט דעם קרימער זומערדיקן באַגינען. ער איז דער, וואָס דערקענט מיך שטענדיק. ער איז דער, וואָס האָט דערקענט אין מיר דעם אָפּטימיסט, מיין חבר אין לעבן:

— וואוהין פֿאָרט אַ איבערוואַנדערער אַזוי פֿרי; אפשר פֿירט מען די אָקסן אין מאַרק אַריין פֿאַרקויפֿן?

— אָ, חבר, חבר, וואו קויפֿן שוין ידן און וואו פֿאַרקויפֿן שוין ידן? איצטער איז די צייט פֿון בויען יידישע דערפֿער; איצטער איז די צייט פֿון קורצע נעכט און לאַנגע טעג. קרימער נעכט זיינען

אַזעלכע, וואָס לאָזן ניט שלאָפֿן. איך בּוי אַ הויז, חבר, איך פֿאָר שוין בּרענגען דעם דאַך פֿון שטאָט. די ווענט האָט מען גענומען פֿון סטעפּ, אָבער דער דאַך גייט אַזש פֿון פֿראַנקרייך, ווייל די דאָלערס גייען פֿון אַמעריקע. עך, חבר, ווען די ראַטנמאַכט וואָלט געווען אַזוי רייך ווי אַייער אַמעריקע... עך, חבר, ווען די ראַטנמאַכט זאָל עס האָבּן אַמעריקעס אוצרות — עס וואָלט שוין איצטער פֿון פֿאָרט געגאַנגען אַ בּאַן אַהער און עס וואָלטן די יידישע איבּערוואַנדערער ניט בּאַדאַרפֿט זיך שלעפּן מיט אָקסן... און אפשר, חבר, איז דאָס ווי איך טראַכט אַמאָל, אַז פֿון איין לעבּן אַרויסוואַנדערן און אין אַנדער לעבּן אַריינוואַנדערן איז ניט גוט מיט קיין שום זאַך אַזוי ווי מיט אָקסן. אַז מען וואַנדערט אַזאַ וועג בּאַדאַרף מען זיך ניט אַיילן.

---

אָט קומען די שטאַרקערע, די אומגעדולדיקע. דריי פֿערדלעך אין איין וואָגן. זיי שלעפּן אַ וואָגן ציגל פֿון שטאָט. די פֿערדעלעך ווייסן דעם וועג אַליין פֿון שטאָט, בּיז צום אָרט וואו ווינטער וועלן זייערע שטאַלן זיין. צו זיי בּאַדאַרף מען קיין בּייטש נישט. זיי ווייסן, אַז די אָנטרייבּער האָבּן אַן אויג אויף זיי. די פֿערד הערן די שטימע פֿון די אָנטרייבּער, וואָס זיינען ווייט הינטערשטעליק געבּליבּן דעם וואָגן.

דריי גוטע בּרידער. חברים פֿון קאָלעקטיוו. אויף אַלע דריי ליגט דער שטויבּ פֿון וועג. אַלע בּאָרוועס. איינער אַ מיטליאָריקער, אויפֿן בּלאָנדן קאָפּ אַ ווייס היטל מיטן קאָזיריק אָן אַ זייט, האָט דורך דער צעריסענער העמד אַרויסגעשטעלט זיין געבּויגענע פּלייצע און די לאַנגע נאָז און מידע אויגן ציען זיך צו דער ערד.

דער צווייטער, אַ דרייסיקיאָריקער, האָט די האָריקע בּרוסט פֿונאַנדערגעכראַשטשעט און זיין בּרייט פּנים, בּרייטע נאָז און בּרייטע מויל רוען ניט. ער טענהט אין דער וועלט אַריין און בּייסט בּשעת מעשה פֿון אַ שוואַרצער לוסטע בּרויט.

דער דריטער מיט אַ געגאָלטן קאָפּ, וואָס זיצט טיף אין די אַקסלען. דער קופּער פֿון פּרימאָרגן גלאַנצט אויף זיין קאָפּ; מיט

דער בייטש פאָכט ער אין לופטן, גלייך ווי ער וואָלט זיך אויסגעטענהט מיט די פערד.

איך פאַרטשעפּע זיי:

פון וואַנען און וואוהין, חברים?

— מען פירט ציגל פון שטאָט, חבר אַמעריקאַנער; אַזוי וויל מיסטער דזשאָינט. — זאָגט דער, מיטן געגאָלטן קאָפּ.

— און איר, ווילט עס ניט, חברים?

— קרים — אַ יידישע מדינה געוואָרן, נו, באַדאַרף מען דעם סטעפּ פאַרבויען. — צופיל פרייער סטעפּ — זאָגט דער מיט דער לוסטע ברויט אין האַנט און הערט ניט אויף צו קייען.

— איר וועט מאַקע דעם סטעפּ פאַרבויען!

— דערווייל צעבערעכט קרים דעם רוקן און טריקנט די ביינער — ענטפערט מיט אַ ברוגז דער, מיט דער געבויגענער פלייצע.

— זאָגט אין אַמעריקע, אַז אונז גייט עס גוט. די מאָגערע וועלן שטאַרבן און די פעטע וועלן מאָגער ווערן — כאַ־כאַ־כאַ — — — —

און פונדעסטוועגן פירן זיי ציגל צו פאַרבויען דעם סטעפּ. זייער האָפענונג ווילן זיי פאַרלייקענען פאַרן אַמעריקאַנער.

— אָ, ווען ניט אַמעריקע, וואָלט מען יידן ניט געפירט אין סטעפּ.

דאָס האָב איך אויך געהערט.

און דאָ זיינען צופוסגייערס, מיט באָרוועסן און ניט זיכערן טראָט. יידן בערדיקע — זיידעס, יידן בערדיקע — פעטערס. צען־צוועלף־יאָריקע קינדער; יינגלעך — אויסגעפּרוווטע צופוסגייערס. אַלטע וועגן, נייע וועגן — צי איז דען אַ חילוק? וואו איז איצטער פאַר די יידישע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד אומבאַקאַנט? דער, וואָס האָט באַגריפן, אַז דאָס לאַנד איז זיינס, אויב ער וויל פאַר דעם לאַנד זיין נוצלעך — ער הייבט איצטער אָן זיין גאַנג צו באַקענען זיך מיט זיין פאַרמעגן. אָרעם איז זיין פאַרמעגן. ער איז באָרוועס און אַ באָרוועסער איז נאָך זיין פאַרמעגן אין זומערדיקן שטויב.

וואַנדערער און איבערוואַנדערער — אַזויפיל מאָל האָב איך געקוקט אין זייערע אויגן און געוואָלט אַרויסשעפּן פון די אומרויִקע בליקן די פרייד פון דער צייט, וואָס איז אין טרערן געבאָרן. איך

ווייס, פאַרוואָס די איבּערוואַנדערער טרעטן באָרוועס דעם שטויביקן שליאַך, בשעת זיי גייען נאָך זייערע אָקסנגעשפּאַנען. נאָר ליב איז מיר צו טראַכטן, אַז דאָס האָט זיך דער איבּערוואַנדערער בּכיוון אויסגעטאָן באָרוועס כּדי די נאַקעטע הויט זאָל געשמאַקער דערשפּירן די ערד, מיט וועלכער ער באַקענט זיך איצטער צום ערשטן מאָל. וואָרעם די יונגע קינדער האָבּן דאָך ליב געקראָכן באָרוועס אומגיין — פאַרוואָס זאָלן דערוואַקסענע ד אָ ס נ י ט ל י ב האָבּן?

דאָ באַגעגן איך זיידעס, וואָס לייקענען די יאָרן און אָנשטאָט זיבּעציק — גיבּן זיי אָן פופציק.

— וואָס האָט איר שוין, זיידעשי, אויפגעטאָן פאַר דער איבּער־וואַנדערונג?

פרעג איך אַ הויכן, גרייז־גרויען יידן. גלייך ווי אַ שטאָלצער טאָפּאָל, שטייט ער אינמיטן וועג און זיינע בּליקן פאָרשן די געגנט; אויף זיינע טונקעלע מלבּושים ליגט נאָך די חשיבות פון דער שטאָט. אויף זיינע הענט — דער איידעלער שלום־עליכם. קינ־דער האָט ער געווים אויסגעגעבּן. אוודאי שוין מיט די אייניק־לעך פאַרחברט. ער האָט אָנגעטאָן דעם שבּתדיקן סורדוט צוליבּן קרימער סטעפּ. אוודאי האָט ער דעם סורדוט ניט אָנגעטאָן צוליבּן אַגראָרזשאָינטישן אַגראַנאָם און אַדמיניסטראַטאָר. ער האָט אָנגעטאָן דעם לאַנגן סורדוט, כּדי עס זאָל אים דער קרימער בּלויער באַגינען זיין ווייסע באָרד ניט פאַרשאָטענען.

— וואָס האָט איר שוין, זיידעשי, אויפגעטאָן פאַר דער אי־בּערוואַנדערונג?

— איך וועל נאָך אויפטאָן, אויבּ מען וועט מיר לאָזן.

— ווער וועט עס אייך ניט לאָזן.

— אפשר מיין גרויע באָרד.

— ווען גייט די באָרד דען אָן?

— די גרויקייט גייט שוין יאָ אָן.

— און וואָס־זשע מיינט איר, זיידעשי, אַז קרימער סטעפּ וועט פאַר אייער גרויער באָרד קיין דרך־ארץ נישט האָבּן?

— אָט רופט איר מיך „זיידע“ און איך בּין עס נישט.

— פאַרוואָס זאָלט איר ניט זיין קיין זיידע? דער סטעפּ וויל איך, איר זאָלט זיין אַ זיידע. דער סטעפּ קלייבט די איבערוואַנדערער דורך, ווי די איבערוואַנדערער קלייבן דעם סטעפּ דורך, ער באַדאַרף די אייניקלעך. ער באַדאַרף די זיידעס. און וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט די גאַנצע איבערוואַנדערונג געהאַט, ווען מען לאָזט איבער די זיידעס אינדערהיים, וואו עס איז גאָר קיין היים ניטאָ מער?...

אַזוי רייד איך אים איין, ער זאָל די יאָרן ניט פאַרלייקענען. ווייל עס איז קיין חידוש ניט, אויב מען איז פאַר דער צייט אַלט געוואָרן. עס איז אויך קיין חידוש ניט, אַז דווקא אין היינטיקער צייט האָבן מענטשן אין די עלטערע יאָרן אַריינגעלעבט, טאַקע אַזויפיל וויפל זיידעס באַדאַרפן אַריינלעבן...

— נו, האָט איר אייער חלק קרימער ערד אָנגעזען?

— געזען, געזען, ווייסט ווי דען? און כאָטש איך האָב אַמאָל געהאַט אַ טעקסטיל-פאַבריק; כאָטש איך האָב באַקליידט אַ וועלט; כאָטש מיינע סחורות זיינען געגאַנגען ביז אין טיף ראָסיי און כאָטש איך האָב אין גבירישן שטאַנד אויסגעהאָדעוועט מינע קינדער — פונדעסטוועגן איז מיר ניחא, וואָס איך קען נאָך צו דער עלטער ווערן אַ איבערוואַנדערער...

און בעת ער ווישט אויס די צוויי טרערן פון זיינע ביידע, נאָך גאָר יונגע, בלויע אויגן און בעת איך מאָל מיר אויס, ווי ער האָט אויסגעזען מיט דרייסיק, פערציק יאָר צוריק, ווען זיין קאָפּ איז נאָך בלאָנד געווען; ווען ער האָט מיט איין בלויער אויג געקוקט קיין דייטשלאַנד און מיט דער אַנדערער אויג צו „ראָסיי"... און בשעת איך טראַכט: — איבערוואַנדערער זיינען מיר, וואָס וואַנדערן אַרויס פון דעם געדיכטן, פאַרשאָטנטן וואַלד אַלטע דורות צו אַן אָפענעם סטעפּ אַרויס, אויף וועלכן עס גיסט זיך די זוניקייט אַ זומערלאַנג. — — — — — — — — —

בשעת איך טראַכט מיר אויף אַזאַ שטייגער, יעמאָלט טראַכט ער גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער, און ער זאָגט צו מיר:

— וואָס זיינען יאָרן פאַר אַ מענטשן? און וואָס איז דער מענטש פאַר די יאָרן? עס איז געווען אַ מלחמה און אַ וועלט מיט מענטשן זיינען דורך איר רייך געוואָרן. און אַז די מלחמה האָט אויפגעהערט און

עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע, האָב איך געהאַט אמונה, אַז גערעכטיקייט איז פאַראַנען. רעוואָלוציע — דאָס איז געווען די גערעכטיקייט אַליין, וואָס איז אַרויס מיט אַ שווערד אין האַנט... וואָרעם צי איז דאָס ניט די האַנט פון דער גערעכטיקייט, וואָס האָט פאַר מיר דאָ געמאַכט דעם וועג, אַז צו דער עלטער זאָל איך קענען קומען און אָנקוקן דעם אָרט, וואו עס בויען זיך יידישע דערפער און ערד טיילט מען אויס מיט אמת און מיט יושר? נו, טאָ פאַרוואָס זאָל איך איצטער שפּירן אין מיינע ביינער די עלטער? און אַז איך וועל נאָך איבערלעבן צען יאָר, איז ווינציק? וועט מען מיר נאָר אַרויסגעבן די פּאָר אָקסן, וועל איך דעם סורדוט אויסטאָן. וועל איך מיר אויך אויסטאָן באָרוועס און אָנהייבן פירן שטיינער אויף אַ שטוב. אַז די יינגערע וועלן אונטערקומען — וועלן זיי געפינען אַ שטוב.

— וועט נאָך סטאַיען כּוח!

— כּוח? מיט כּוח ווערט מען ניט געבוירן. כּוח פאַרלירט מען און כּוח געפינט מען ווידער, אַז מען באַדאַרף. כּוח צו קענען אָנ־הייבן בויען אַ וועלט אויף אָנגעוויזענעם שטיקל ערד — מיט דעם ווילן קומט דער כּוח.

— „מיט דעם ווילן קומט דער כּוח“.

אַזוי רעדט אַ גרייז־גרויער ייד, אַן איבערוואַנדערער, וואָס האָט נאָך קיין אָקסן ניט. און אַז איך האָב אים געפרעגט, צי וואָלט ער ניט געהאַט חשק צו שפּאַנען אַ פּאָר גוטע פערד... — האָט ער זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און שפּעטער געזאָגט:

— עס איז ניט מיין אויסוואַל. עמעצער האָט אַזוי געוואָלט, אַז דער טראָט פון דעם איבערוואַנדערער זאָל ווערן געצאַמט. ווער דער עמעצער איז, ווייס איך נישט. אפשר די נייע צייט, וואָס איז נאָך מיטן נאָפל צוגעקניפּט צו דער אַלטער...

עס האָבן יונגטלעך זיינע אויגן אַ גלי געטאָן. מיט אַ שעל־מישן שמייכל האָט ער געזאָגט:

— מיר זיינען איבערוואַנדערער. קוקט נישט אויף מיין סור־דוט. סטעפּ וועט אים אַליין אַראָפּרייסן פון מיינע פּלייצעס.

---

# אָ ק ס ן

(מ אָ נ אָ ל אָ ג)

מײַן אַרומגעריסענער אָפּטימיסט איז הײַנט געװען צום ערשטן מאָל אין אַ מינאָרער שטימונג. ער האָט געװאָלט אױסרײדן זײַן האַרץ און איך האָב עס אים געטאָן צוליב. ער האָט מיט זײַנע אָקסן געפֿירט אַ פֿור געזעגטע שטײנער, װען איך האָב אים אָנגעגעגנט ניט װײַט פֿון זײַן דאָרף. געװען פֿאַרנאַכט און עס האָט געבלאָזן נידעריק אַ װינטעלע פֿון מזרח=זײַט און געקילט דעם סוף=זומער=טאָג.

ער האָט אַראָפּגענומען פֿון װאָגן אַ געזעגטן שטײן פֿון אַ פֿונט הונדערט, אַנידערגעלײגט בײַם זײַט װעג און געבעטן זיצן:

— זיצט, חבר הירשבײן. דאָ איז שױן ייִדיש פֿעלד און דאָס איז שױן מײַן שטײן, כאָטש בײַם אַגראָדזשאָינט גענומען אױף קרעדיט. זיצט, אַ װײכער שטײן, נאָר אַ ביסל קאַלכיק. אַלץ איז דאָ, ברוך=השם, האַרט: — ס'מזל, די קרימער ערד, דאָס שטיקל שלעכט, אױסגעבאַקן ברױט; נאָר קרימער שטײן איז װײך. איר זעט, אין שטײן מושלען װײסינקע. מען זאָגט, אַז דאָ, װוּ ייִדן בױען איצטער זײערע הײַזער, איז מיט אַ פּאָר מיליאָן יאָר צוריק געװען דער ים און דעריבער איז דער שטײן פֿול מיט װײסע מושלען. איך האָב אַ לעק געטאָן דעם שטײן, איז ער טאַקע אַ ביסל געזאַלצן. אפֿשר איז דאָס מזלדיק.

װאָס=זשע זאָגט איר אױף קרימער לופֿט, חבר הירשבײן? אַ סך פֿון אונזערע איבערװאַנדערער זאָגן, אַז דאָס איז ניט קרים. אַז דאָ מוז זײַן אַ טעות. זײ זאָגן, אַז עס גאָר אוממעגלעך, אַז ניקאָלײַ זאָל פֿאָרן אַהער אױף דאַטשע. מילא, אַז סע פֿעלט דער גראָשן, מעלד איך אײַך, װאָלט דאָ ראָטשילדן אױך שלעכט געװען.

וואָלט געווען דער גראָשן — זאָג איך אײַך — וואָלט מען אין קרים שוין געזען אַ וואַלד אויך אין חלום... עס איז דאָך אַ חידוש, ווי גאַנץ אָפּט, דער עיקר פאַר האַלבן טאָג, אַז איך צי מיר מיט די אָקסן דורכן סטעפּ, באַווייזט זיך מיט אַמאָל פון ווייטן אַ וואַלד; באַווייזן זיך סעדער מיט פּאַלאַצן. אַמאָל זע איך אַ ברעג ים און ביים ברעג — ביימער און פלאַנצן. דאָס זאָגט מען זיינען מיראַזשן, וואָס באַווייזן זיך אין אַ גלייכער געגנט, ווען די לופט איז קלאָר.

נאָר לאָמיר אײַך זאָגן — חבר אַז אַ סך מאָל טראַכט איך. אַז דאָס איז ניט גלאַט אַזוי, אַז דאָס איז מיר אַ פינגער אַריינגעלייגט אין מויל: — „אָט זעסטו, אַזוי באַדאַרף אויסזען מיט דער צייט דער יידישער סטעפּ“.

מיינט איר, אַז איך האָב ניט קיין אמונה אין דעם? אָ, ווי איר קוקט מיך אָן, אַן אָפּגעריסענעם, אַ פאַרשטויבטן, אָבער איך פאַרקלער זיך גאָרניט אָן אַ זייט. מיין אמונה זאָגט מיר אונטער, אַז אַזוינס וועט נאָך זיין. עס וועט מוזן זיין. איך האָב שוין מיינע אָקסן אויך איינגערעדט, אַז אַזוי וועט עס מוזן זיין.

און אַז איך האָב שוין דערמאָנט די אָקסן, וויל איך אײַך זאָגן, חבר הירשביין, אַז אַ מענטש ווייסט זייער אָפּט ניט, ווער זיין פריינט איז און וואו זיין גליק, אָדער אומגליק שטעקט. אָט וועל איך עס אײַך באַלד דערקלערן, אויב איר האָט געדולד. צייט האָט איר דאָך געווים. קיין שטיינער באַדאַרפט איר ניט פירן.

יאָ, רייד איך עס אַנטקעגן די אָקסן... דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך ביז דער לעצטער מינוט ניט געגלויבט, אַז איך וועל ווען עס איז קענען מאַכן שלום מיט די אָקסן. און ווער זאָגט נאָך איצטער, ווען איך האָב זיי ליב געקראָגן, ווי מיינע עלטערע גוטע ברידער אָדער חברים. נאָר פריער, אַז איך בין נאָך געווען אין מיין שטעטל ווען מיין שטעטל איז נאָך טאַקע געווען שטעטל, דעמאָלט האָב איך אַן אָקס פיינט געהאַט. עס איז אַ חרפה צו דערציילן: יינגלווייז האָט מיך אַן אָקס פון אונזער שכן, אַ בעל־הגוף אַ גוי, אַ כאַפּ געטאָן אויף די הערנער און אַריבערגעוואָרפן איבערן פלויט אין קראָפּעווע אַריין. טאַקע אַ גליק, אַז איך בין

ניצל געוואָרן. איך האָבּ מיך מער צעבּרענט אין דער קראָפּעווע, ווי צעשעדיקט פון אָקס הערנער... נו, וויפל באַדאַרף האָבּן אַ מענטש? איך בּין דעריבּער שטענדיק געגאַנגען אַרום-און-אַרום, ווען אַן אָקס איז ערגעץ געשטאַנען. אַפילו שפּעטער, ווען שוין אַ גרויסער, האָבּ איך זיך געהיט פאַר אָקסן... נו, גיי טראַכט, אַז דו וועסט נאָך אַמאָל ווערן אויס פלאָקנשיסער, אַז דו וועסט ווערן אַ כּופר-בּעיקר; אַליין אויפהערן גלויבּן אין גאָט און אין האַנדל און באַדאַרפן גיין קיין קרים, העלפן בויען אַ יידישן דאָרף, און אַז איך וועל אַליין בּכבודי ובעצמי אָנהייבּן מיין ניי ווערטל מיט אַ פּאָר קרימער אָקסן.

איר ווייסט דאָך, ווי דאָ גייט צו מיט די איבּערוואַנדערער. אַ ערשטער קאַטעגאָרניק קריגט איין אָקס און אַ האַלבּן וואָגן. דאָס מיינט, אַז אויף אַ פּאָר אָקסן און אַ גאַנצן וואָגן זיינען פאַראַן צוויי איבּערוואַנדערער. דאָס איז שלעכט. סם-המוות. כאָטש איך בּין אין האַרצן אַ קאָלעקטיוויסט, נאָר בּשותּפות איין וואָגן און צוויי אָקסן, זאָג איך אייך, איז סם-המוות. די אָקסן זיינען אָקסן און די איבּערוואַנדערער ווערן אויך אָקסן. די אמתע אָקסן קריגן זיך ניט. נאָר די איבּערוואַנדערער קריגן זיך. איך האָבּ פון דעם נאָך געוואוסט אינדערהיים. מיין פריינד, וואָס האָט געוואָלט מאַכן אַן אָנשטעל און זיך אָנגעגעבּן פאַר אַן ערשטער קאַטעגאָריע, איז ער טאַקע אויסגעריסן געוואָרן. — „ווער אַ נ ו ל — האָט ער מיר געשריבּן. אַ „נול“, אַזוי רופט מען דעם קיילעכדיקן קבּצן.. ווייל בּיי דער מלוכה איז ער אַ גרויסער יחסן, האָט מען שוין בּיים אַגראָ-דזשאָינט איך אויף אים אַן אַנדער אויג. דעם „נול“ גיט מען אַרויס אַ פּאָר אָקסן און אַ גאַנצן וואָגן פאַר אים אַליין. מאַכט ניט, וואָס בּיים אַגראָדזשאָינט רופט מען דעם נול — קעסט-קינד. מאַכט ניט; נאָר דו קום, ווי אַ קיילעכדי-קער נול — אַזוי האָט ער מיר געשריבּן.

איך האָבּ אים געפאָלגט. אַזוי האָבּ איך מיר פאַרשריבּן, כאָטש איך ווייס ניט, ווי אַזוי איך וואָלט געקענט אַריין אין דער ערשטער קאַטעגאָריע. אַ קיילעכדיקער קבּצן בּין איך געווען סיי-ווי — און אַזוי טאַקע בּין איך געוואָרן אַ בּאַלעבּאָס איבּער מיינע אָקסן און וואָגן. און איצטער קום איך ווידער צו די אָקסן, ווי אַזוי איך

האָב אַמאָל פאַר אַ אָקס מורא געהאַט סכּנות=נפשות און איצטער — ווער רופט אים אָקס? „צאָב=צאָבע...“ מיינע צאָבעס. אויף אָקסן=שפּראַך מיינט צאָב רעכטס! און צאָבע — לינקס! אָט, קוקט זיי אָן, דאַכט זיך רשעים, אַזעלכע גרויסע בריטאַנעס און הערנער — גאָר ביי אונזערע היימישע אָקסן אַזעלכע הערנער ניט צו זען. און גיי טרעף, אַז די אָקסן מיט די גרויסע שפּיציקע, אויף אַ זייט פאַרוואָרפענע הערנער, זיינען דווקא פלאָכע אָקסן... ווי איז געזאָגט געוואָרן: ילמדנו מבהמות הארץ. — אוי, קען מען זיך לערנען פון די אָקסן... אוי, חבר, אַז איך דערמאָן מיך, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען פריער אין שטעטל און וואָס איך בין שוין דאָ אויסגעשטאַנען — ווען איך וואָלט ניט האָבן מיינע צאָבעס, וואָלט עס מיר שווער געווען איבערצוטראָגן.

עס האָט ניט צו טאָן מיט דער זאַך, נאָר איך וויל עס אייך, אַגב, דערציילן, עס וועט זיך אפשר פאַרבינדן. איר האָט דאָך, מסתמא, געהערט, מען דערמאָנט צווישן איבערוואַנדערער דעם פינאינספעקטאָר. דאָס איז דאָך דער שוחט, וואָס האָט אָן אַ חלף אַוועקגעקוילעט דעם יידישן הענדלער. איר ווייסט דאָך, וואָס פינאינספעקטאָר באַדייט; דאָס מיינט דער פינאַנס=אינספעקטאָר, וואָס קומט באַטראַכטן מיינע פינאַנסן און אַרויפלייגן אָפּצאָלונגען. אוי, קוילעט ער! אוי, האָט ער אַ חלף... יאָ, איצטער אַרט מיך ניט. זאָל ער. אַדאַנק אים, וואָס ער האָט מיינע גרויסע פינאַנסן אַוועקגעקוילעט. אַדאַנק אים... מיינע אָקסן דאַנקען אים אויך, איך בין זיי אַ גוטער חבר. נאָר איינמאָל, דערמאָן איך מיר, ווען עס איז שוין ניט געווען אין מיין קרעמל גאָרניש. טאַקע גאָרנישט. פוסט. אַ פּאָר פוסטע אייל=פלעשלעך. אַ פוסטע הערינג=פעכל, אַ פוסטע קעראָסין=בלעך און אַ פוסט האַרץ. ווייסט איר ווי פוסט — ס'איז ניט שייך, ניט אויסצודערציילן... קומט אַריין צו מיר דער פינאינספעקטאָר, נעמט אַרויס פון זיין טעקע אַ פּאַפּיר און הייסט זיך מיר אונטערשרייבן. אויף וואָס אונטערשרייבן, אַז קיין סחורה האָב איך ניט? לית=ברירה, איך האָב אַפילו ניט געקוקט אויף וואָס איך האָב זיך אונטערגעשריבן. איך האָב אים נאָר געזאָגט: חבר פינאינספעקטאָר, איר זייט דאָך אַ ייד, איך ווייס ניט, צי איר

האָט זיך געלערנט שחיטה, נאָר אַ האַנט האָט איר אַ שטאַרקע, איז אויב דאָס איז דער לעצטער כיטשל איבערן האַלז, בין איך אייך אַ גוטער פריינד. טאָ דאַנק איך אייך.

ער איז ניט געווען קיין נאַר. מאַכט ער:

— דער לעצטער, חבר, איצטער וועט איר שוין ביי מיר ניט גיין, נאָר לויפן קיין קרים.

איר פאַרשטייט, חבר הירשביין, וואָס דאָס האָט געמיינט? מען באַדאַרף אַזעלכעס ניט דערציילן. דאָס קען שוין מיינען, אַז איך האָב געקראָגן אַן אַמעריקאַנער שרייבער און איך מסר פאַר אייך אויף דער מלוכה. חלילה, ניט דאָס בין איך אויסן. איך בין איצטער אַ גוטער פריינד דעם פינאַנספעקטאָר. זאָל ער כיטשלען. וואָס שנעלער און — אַראָפּ פון מאַרק.

פאַרשטייט איר מיך, אַז איך בין געקומען אַהער אַ קיילעכדיקער גול. אַ אָגיל־ואשמח — מען האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ וואָגן און אַ פּאָר אָקסן... איך דערמאָן עס איצטער און איך לאַך אַליין. נאָר, באמונות, די אָקסן האָבן דערקענט, אַז איך בין אַ פריינד פון דער זאַך. דער עיקר איין אָקס, איך האָב אים ניט מער. איצטער ווי איר זעט, האָב איך זיי ביידן צום מאַשטש, ביידע גרויע. תחילת האָב איך געהאַט איינעם אַ שוואַרצן, אַ קלענערן. איך האָב אים צוליב דעם פאַרקויפט און אויסגעביטן אויף אַ גרויען און אַ גרע־סערן. נאָר וואָס זאָל איך אייך זאָגן, זינט יענעם אָקס, האָבן מיר זיך די אויגן אויפגעעפנט אויף אַ סך זאַכן. מען האָט דאָך מיר באַוויזן, ווי אַזוי מען שפּאַנט איין אַ פּאָר אָקסן. מען באַדאַרף דאָך פריער אָנטאָן זיי דעם יאָך. און ווייל ער איז געווען אַ קלענערער, איז דער יאָך געלעגן באַרג־אַראָפּ אויף זיין האַלז און אים האָט עס געקוועטשט... נאָר ווי יענער אָקס האָט מיר געקוקט אין די אויגן, בעת איך האָב אים געשפּאַנט!... מען טאָר דאָך ניט גלויבן אין קיין נאַרישקייטן און ווער זאָגט נאָך, גלויבן אין גילגולים... איך וואָלט זאָגן, אין יענעם אָקס איז געזעסן די נשמה פון אַ למד־וואָווניק. יעדער אָקס איז דאָך בטבע אַ געדולדיקע באַ־שעפעניש. באַנוגנט זיך מיט שיע־פּיע.... נאָר יענער — איך ווייס ניט, מיט וואָס ער האָט געלעבט. דער אַנדערער, אָט דער, וואָס שטייט

פון דער רעכטער זייט, דאָס איז דער חבר פון יענעם שוואַרצן. ער איז דווקא אַ זולל־וסובא; כאָטש מישטיינס געזאָגט, וואָס ער קריגט ביי מיר. נאָר ער האָט אַ טבע אַריינצוכאַפּן זיך אין אַ פרעמד פעלד. יענער ניט. ער האָט געוואוסט, אַז מען טאָר ניט. און ער האָט ליב געהאַט, איך זאָל אים קראַצן צווישן די הערנער. איך האָב עס דערקענט אין אים. פלעגט צוגיין צו מיר און לעקן מיין האַנט. איך האָף, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין גוטע הענט. אַזאַ אָקס מוז מען האַלט האָבן... איצטער האָב איך די דאָזיקע פּאָר. אַן ערנסטע פּאָר. אַ גוטע פּאָר, עס געפעלט מיר, ביידע פון איין מאַשטש. און איר זעט, די הערנער — ממש ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט...

מען לערנט זיך אויס, אַליין לערנט די נויט אויס. איצטער, אַז מען רעדט פון טראַקטאָרס, און איך זאָג אויך, אַז אַ טראַקטאָר איז אַ יש; אַ טראַקטאָר איז סאָציאַליזם — אָבער די אָקסן — זיי האָבן מיר געדינט און איצטער דינען זיי מיר אויך; גאָר קיין ספק אין דעם ניטאָ, אַז אָן די אָקסן וואָלט איך אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. וואָס הייסט, אַז איך לאָז מיך אַוועק אין שטאָט אַריין, אַ קיימאַ־לן פון אַ פופציק וויאָרסט?... איר געדענקט ווי ביי מענדעלע מוכר־ספרים טענהט זיך יודל אויס מיט זיין קליאַטשע? אָט אַזוי רייד איך מיר גאַנץ אָפט אויס מיין האַרץ פאַר מיינע אָקסן. וואָרעם, וואָס קומט אַרויס, — אַז איך וועל זאָגן, אַז איך האָב זיי געלערנט? וואָס קען איך זיי לערנען? ווי אַזוי אויסצוקומען מיט אַ ביסל דערנער? מיט אַ ביסל שטרוי? דאָס קען דער אָקס בעסער. ער ווייסט, וואָס זיין מאָגן באַדאַרף. וואָס דען זאָל איך אים לערנען, די צונג אַרויסצושטעקן, בשעת אים ווילט זיך טרינקען? — שלעפּן די משא? אלא וואָס, אויסלערנען אים, ווי אַזוי צו שטיין רויק? אַ קליינע חכמה... די אָקסן האָבן מיך אויסגעלערנט, ווי אַזוי רויק צו זיין. זיי האָבן מיך איינגעשפּאַנט. זיי האָבן מיך געשטראָפט. זיי האָבן געמאַכט חוזק פון מיר. זיי האָבן מיר קלאָר געמאַכט, אַז אַ שוטה בין איך געווען, וואָס איך האָב נאָר עסקים געהאַט מיטן פינאַינספעקטאָר. כ'האָב מיין ווייב געשריבן: „אַז דו וועסט קומען אַהער — האָב איך איר געשריבן — און דו וועסט

נאָך מיך כאַפּן בּיי די אָקסן, ווּעסטו דערגיין דעם סוד, ווי איך בּין אַזוי געדולדיק געוואָרן".

אָבער ניין, עס קומט ווידער אויס, אַז איך באַקלאָג מיך, חלילה, פאַר אייך. ניט דאָס... איך האָב אייך פריער דערציילט, אַז איך האָב פאַר אָקסן מורא געהאַט, ווייל קינדווייז האָט מיך אַ אָקס אויף די הערנער אַרויפגעכאַפּט... און פאַר דער נאַכט האָב איך דען ניט מורא געהאַט? ווי איר זעט מיך אַ לעבּעדיקן, אַז ווען מען גיט מיר אַ הויפן רענדלעך און מען זאָגט מיר, אַז איך זאָל בּיינאַכט אַרויסגיין אויסערן שטעטל, אַזוי ווייט, וואו דער בּית־עולם געפינט זיך — איך וואָלט ניט געגאַנגען. גיין בּיינאַכט אין אַ צווייטער שטאָט, צי אין אַ דאָרף, אַפילו צען וויאָרסט ווייט — ווען מען גילט מיך אָפּ, איך זאָל גיין, וואָלט איך דאָס ניט געטאָן. און איצטער, אין אַזאַ פרעמדער וועלט, אַ סטעפּ; ניט קיין בּוים, ניט קיין טייך; ניט קיין סימן, וואו איז רעכטס און וואו איז לינקס. אָט אַזוי בּין איך געקומען. אָט אַזוי בּין איך אַריין אין דער נאַטור אַריין. זי האָט מיך אַריינגעכאַפּט. איינמאָל זיך איבּערגעשראָקן; טאַקע גוט איבּערגעשראָקן:

נאָך איידער איך האָב געהאַט מיינע אָקסן, איך בּין אַוועק אין קאָנטאָר שפּעטלעך און עס איז אויסגעקומען גיין שפּעט אַהיים. און דווקא די לבנה געווען. און מיין שאָטן איז געווען אַ צו־לאַנגער און ער איז מיר ניט געפעלן געווען... איך ווייס, אַז דאָס איז מיין שאָטן און איך וויל פון אים אַנטלויפן... נו, איז דאָך שלעכט. אַז מען האָט שוין מורא פאַרן אייגענעם שאָטן... איך ווייס, וואָס מיט מיר איז געווען? געווען אויפן עולם־התוהו. מען האָט מיר געזאָגט: — דאָס איז קרים — איז מיר געווען אַ חילוק, וואו איך בּין? מען האָט מיר געקענט פאַרבּינדן די אויגן און אַרויספירן אַ שעה הינטערן שטעטל, שפּעטער אויפבּינדן די אויגן און זאָגן: אָט איז קרים! — וואָלט איך געגלויבּט. איך בּין געלאָפן, געלאָפן און געפאַלן איבּער אַ שטיין, זיך גוט צעבּלוטיקט די נאָז און קיין חשק ניט געהאַט שוין אויפצושטיין. און אַז איך האָב זיך אויפגעזעצט און געקוקט אַרום זיך, האָב איך

מיין שאָטן מער ניט געזען. און איך זע אים ניט מער. איך האָב זיך דעמאָלט אויפגעהויבן און אַליין געזאָגט צו זיך:

— זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך... שלאָג זיך אַרויס פון קאָפּ די ווילדע מחשבות. אַ שיין פּנים האָט טאַקע דער מענטש, וואָס האָט מורא פאַר זיין אייגענעם שאָטן. אָט ביסטו דאָך, רב יודל. אָט דאָס ביסטו. די לבנה שיינט. דו ביסט אין דיין לאַנד. אויף דיין ערד־חלק, נאָר דיין שאָטן יאָגט דיך נאָך, אַ חרפּה און אַ שאַנד... איך זאָג אייך, חבר, אַז ס'איז אַ חרפּה און אַ שאַנד און אַז אָך־און־ווי צום יידן, וואָס מען האָט פון אים געמאַכט. אַ גאָרנישט בין איך געווען. אַ פלאָקנשיסער ווי אַלע קרעמערלעך, פּליגנכאַפּער, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר אַ מינדסטן שייגעצל און געווען גאַנצע יאַטי־בעדאַמען אין קלויז... טפו! זאָל עס ווערן! — זאָג איך נאָך איצ־טער, אַז איך דערמאָן זיך, ווי מיין אייגענער שאָטן האָט מיך גע־יאָגט און אַ פולע לבנה האָט אויף מיר געשיינט.

איר קענט דאָך איצטער, חבר הירשביין, די קרימער נעכט. דאָ זיינען ביי אונז פאַראַן צווישן די איבערוואַנדערער אַזעטיקע, וואָס זיינען געווען אין ארץ־ישראל, זאָגן זיי, אַז פּונקט אַזעטיקע נעכט איז דאָרטן. אַזאַ לבנה און אַזעטיקע שטערן. ווי האָט מען עס פּחד, פרעג איך אייך איצטער?

אַז איך האָב די אָקסן געקראָגן, איז דאָך ניט שייך; זיינען מיר דאָך שוין געווען זאַלבעדריט. וואָס מיר טאָג? וואָס מיר נאַכט? וואָס מיר שאָטן? וואָס מיר פינאַנספּעקטאָר? אַ לבנה, אַז זי שיינט, אַ אויסגעשטערנטער הימל — איז טאַקע אַ באַוויז, אַז מען איז אין קרים. און אַ רייזע איז שטאָט אַריין, איז ניט קיין לוסט־רייזע. נאָר, אַז סע מאַכט זיך אַרויסצופאָרן פון שטאָט ביינאַכט — פאָרט מען. אין אַ טאָג קען מען דאָך די נסיעה ניט מאַכן. און קיין עסן פאַר די אָקסן פירט מען דאָך ניט. מען קען ניט אַזוי לאָזן אַ ושטומע צונג. ווי ווינציק, אָבער עסן באַדאַרף אַן אָקס. און איך זאָג, אַז אַן אָקס באַדאַרף אַ סך עסן און גוט עסן. איך שפּאַר מיך מיט די איבערוואַנדערער. איך זאָג, אַז מען באַוואָלט די צאָבעס. הלוואַי וואָלט איך געקענט, וואָלט איך זיי געגעבן פון דאָס בעסטע,

נאָר איצטער, אַז איך בין אַ נ ו ל, זיינען זיי אויך חברים צום
נ ו ל.

אַז מען פֿאָרט אַרויס פֿון שטאָט פֿאַרנאַכטלעך, עס קומט אַרום
האַלבע נאַכט, באַדאַרף מען זיי אויסשפּאַנען און אַראָפּפֿירן פֿון
וועג, זאָלן זיי אַ ביסל גריזשען. זאָלן זיי צופּן. נו, וואָס טוט
מען אַליין? עס וואָלט זיך וועלן געשמאַק אַ דרעמל טאָן. קען מען
ניט. אַ שטומע צונג, כאַפּט זיך אַריין, וואו מען באַדאַרף ניט. כאַפּט
זיך אַריין אין שאָדן... אָדער מען קען זיך מיישב זיין — כאָטש
איך נעם פֿון זיי ניט אַראָפּ דעם יאָך — נו, מיטן יאָך קען מען
אויך אַוועק איך זאָל ניט וויסן וואו זיי צו געפֿינען.

און עס טרעפֿט, איך ווער טאַקע אַנטשלאָפֿן געשמאַק, כאַפּ
זיך אויף און לויף זוכן מיינע אָקסן, לויף ווי אַ פֿאַרסמטער. לאָזט
זיך אויס, זיי האָבן איבערגעכאַפּט אַ ביסל און איצטער ליגן זיי
זיך און זיינען מעלה־גירה. אַ שאָד אויפֿצוטרייבן. מען לייגט זיך
אויך צו ביים זייט. מען קוקט אַריין אין הימל צו די שטערן. ווען
האָב איך דען אַמאָל צייט געהאַט ווען עס איז אַרויס ביינאַכט און
קוקן צו די שטערן? און ווען האָב איך געקענט זיין אַליין אין
פֿעלד? איצטער איז דאָס טאַקע ווי מען זאָגט: צווישן הימל
און ערד. און מיינט איר, אַז מען ליגט גלאַט אַזוי? ניטאָ פֿון וואָס
צו טראַכטן? אָ, אַ סך, גאָר אַ סך האָב איך אַריינגעטראַכט אַליין
בלייבנדיק מיט מיינע גרויע צאָבעס. און מיינט איר, אַז פֿון זיך
אַליין האָב איך געטראַכט? חלילה. ווי מיין אייגענע פֿעל איז מיר ניט
נאָענט — עס איז דאָך אַ מענטשישע טבע — פֿונדעסטוועגן, זינט
איך בין אָנגעקומען קיין קרים, טאַקע אַ נ ו ל, זינט איך האָב באַ־
קומען די אָקסן פֿאַר חברים — האָב איך צייט גוט אַרומצוטראַכטן
דעם ענין. און וואָס מיינט איר, אַז איך זע ניט די זאַך קלאָר?
איך זע ניט, אַז לעניין האָט געוואַוסט וואוהין ער פֿירט? וואָס פֿאַר
אַ טעם האָט עס טאַקע די וועלט? וואָס פֿאַר אַ טעם
האָט עס טאַקע דער יעדערער פֿאַר זיך? וואָס פֿאַר אַ
טעם האָט עס געהאַט, אַז איך, דער גאַנצער סנאַסט וואָס איך
בין, האָב געמאָנט, אַז איך בין אַ חלק פֿון אים אַליין — פֿון
יושב־כּרובים, זאָל ער מיר מוחל זיין — וואָס פֿאַר אַ טעם האָט

עס, אַז כאָטש יעדער איינער האָט געמיינט, אַז ער איז דער גאַנצער יאַטיבעדאַם און פונדעסטוועגן, נעמט אַ פורצע, אַ גאָרנישט, אַ שטיק ניקאָלאַי, צי אַפילו אַ ווילהעלם און פירט אַלעמען בּיים קאָלנער און פאַרפירט צו אַ שחיטה, אַז אָך־און־וויי צו דער גאַנצער מענטשהייט. און דערפאַר, וואָס לעניִן האָט געטריבּן צו פאַרחברן זיך, האָט מען אין אים געשאָסן...

איך בּין אַנומעלט געלעגן לעבּן מיינע אָקסן אין פעלד און געטראַכט: אָט גיט מען יידן ערד. מען האָט גענומען און צעשניטן קרים אויף אַזעטיקע חלקים און אַוועקגעגעבּן יידן. דאָס איז ניט קיין קליינִיקייט, חבר, דאָס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג. דאָס איז דאָך ניט קיין פאַרבּלענדעניש... און ווי מיינט איר, זיינען טאַקע גערעכט די שכנים ניט־יידן, די רוסן, די טאָטערן, די דייטשן, וואָס זאָגן, אַז יידן מאַכן נאָר קאַליע דעם סטעפ? אַז בּיי יידן וועט ניט וואַקסן קיין בּרויט; אַז דער סוף וועט זיין, אַז מען וועט די יידן צעטרייבּן און מען וועט די ערד אומקערן צוריק צו קריסטן?... מען מוז דאָך בּאַווייזן, אַז לעניִן איז געווען גערעכט...

אַי, לעניִן, לעניִן, ווען ער וואָלט איצטער געלעבּט! ניין, איך וואָלט אים איצטער ניט אַיינגעלאַדן אויף אונזערע פעלדער. ניין, נאָך צו־פרי. איך וואָלט אָפּגעוואַרט, בּיז אַלע דערפער זאָלן זיך אויפבּויען. ווען עס וועט זיין עלעקטרע אין אַלע דערפער. טראַקטאָרס אַקערן; טראַקטאָרס זייען; טראַקטאָרס שניידן און דרעשן. און מען גייט טאַקע ניט אַזוי אָפּגעריסן... אַי, ווען לעניִן לעבּט, ווען ער לעבּט, איך זאָג אַייך, אַז אין אַ פינף יאָר, ווען ער קומט קיין קרים, אין יידישן סטעפ...

יאָ, דאָס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, ווען איך בּין מיר געלעגן לעבּן מיינע אָקסן אין פעלד... אָט־אָ דער, פון דער לינקער זייט, האָט אויך ליבּ איך זאָל אים קראַצן אין שטערן... אַ גרויסער פריינד. אַ מענטשן־פריינד. צו וואָס געווינט מען זיך ניט צו און וואָס לערנט מען זיך ניט אויס, חבר הירשבּיין? יאָ, ווען ניט די אָקסן, וואָלט איך ניט געוואוסט, אַז די קרימער נעכט זיינען אַזוי שיין...

אין וואָס מיינט איר, ווען אַפילו איך וועל שוין זיין אַ חבר אין אַ קאָלעקטיוו אין אַ חבר צו אַ טראַקטאָר — אָקסן וועל איך האָבן. אָן זיי וועל איך שוין ניט אויסקומען...

— צאָב — — צאָבע!...

---

# ה י י ם

(דערציילונג)

## 1

בײַ עמך װאָלט דער טאַטע געהײסן: דוד, די מאַמע — מלכּה; דער עלטערער זון — שמואל; די ייִנגערע טאָכטער — רחל און דאָס קלײנע ברודערל — נפֿתּלי. זײ זײַנען אָבער געװען ניט פֿון עמך: רײַכע שניטקרעמער. די פֿאַרצװײַגנקײט איז געקומען בירושה. דעריבער האָט מען דעם טאַטן גערופֿן דאָדע; דער מאַמען — מאַליע; דעם עלטערן זון, אַ בחור — מוליע; דער ייִנגערער טאָכטער אַ מײדל — ראָניע און דעם מעזשיניקל האָט מען גערופֿן טאָליע. אַז מען האָט געמײנט אַלע אינאײנעם האָט מען געזאָגט קורץ: די זײדמאַנס.

אונטער דער פֿאַרצװײַגנקײט איז געלעגן בן־יחידישער קאַפּריז. נאָר דער דאָזיקער קאַפּריז איז צעדריקט געװאָרן אין צײַט פֿון מלחמה; די פֿאַרצװײַגנקײט איז שױן געװען אַ צעשראָקענע, נאָך דעם װי די עלטסטע טאָכטער מאַניע, װאָס איר נאָמען איז געװען פֿאַרצװײַגן פֿון מנוחה, איז פֿאַרגװאַלדיקט געװאָרן אין זײער אײגענער שטאָט, פֿון אײגענע שכנים און איז די אײגענע נאַכט פֿון פֿלוצלונג געשטאָרבן. דאָס איז פֿאַרלאָפֿן אַרום קיעװ. יעמאָלט האָט געטראָפֿן, אַז דער טאַטע האָט דער מאַמען פֿלוצלונג אָנגערופֿן מלכּה; זי אים — דוד; בײדע דעם עלטערן זון שמואל; אַלע דרײַ דער שװעסטער — רחל און אַלע פֿיר דעם ייִנגסטן ברודער, יעמאָלט נאָך אַ קינד — נפֿתּלי...

אַז די קרימער זון האָט זײ גוט אױסגעװאַשן און אַז דער סטעפּ האָט פֿאַר זײ אױסגעבױגן זײַן שטעכיק לײַב און געלאַכט מיט זײַנע װילדע, פֿרילינגדיקע מאָן־בלומען — האָט די פֿאַרצװײַגנקײט דערשפּירט אַ װאַרעמקײט. די משפּחה האָט דערפֿילט אַ װאַרעמקײט אין בלוט. אַן אומבאַקאַנטער ציטער איז דורך דורכן לײַב.

— ווי געפֿעלט דיר דאָ, מאַליע? — האָט דער טאַטע געפֿרעגט.

— צי איך ווייס? אפשר וועט שוין זײַן אַ סוף צו די צרות — האָט מאַליע געענטפֿערט.

— און וואָס זאָגסטו, מוליע?

— ערד, איז ערד; מע וועט פּרוּוון; — אויב ראָניע וועט ניט בענקען צוריק אַהיים און אויב טאָליע וועט האָבן וואו צו לערנען.

יאָ, ראָניע האָט תּחילת געבענקט. נאָך מער: טיף אין איר לײַב האָט איר ווי געטאָן. דעם ווי האָט איר איבערגעלאָזן איר עלטערע שוועסטער מאַניע, וואָס איז נאָך דער פֿאַרגוואַלטיקונג אַזוי פּלוצלונג געשטאָרבן, גאָרנישט זאָגנדיק — נאָר וויינענדיק אָן טרערן.

2

אַ היים בויט מען ניט. אַ היים פֿאַרפֿלאַנצט מען. אַ היים בליט אויף, ווערט צײַטיק און הייבט אָן אָפּצובליען. אַ שטוב בויט מען מיט דער וואַרעמקייט פֿון אייגענעם בלוט. אין אַ היים פֿאַרפֿלאַנצט מען אַ נײַ לעבן, וואָס אַמאָל בליט עס זייער לאַנג און אָפטמאָל — הייבן אָן די בלומען־בלעטערלעך פֿאַר דער צײַט אַראָפּצופֿאַלן. איבערפֿלאַנצן אַ היים איז שווער. פֿון די אַלע יידישע איבערוואַנדערער, וואָס זײַנען געקומען קיין כערסאָן, צי קיין קרים און האָבן באַקאַנטשאַפֿט געמאַכט מיטן נאַקעטן סטעפּ — האָט דער גרעסטער טייל מיטגעבראַכט דעם ריח פֿון אַן אָפּגעבליטער, אָדער אין שטורעם צעשטערטער היים. איעדער איינער ווייסט בײַ זיך וואָס ער וויל. איעדער איינער ווייסט וואָס ער וואָלט געטאָן, אויב ער וואָלט ניט געקאָנט אַלץ אַלײן אויספֿירן. ניט נאָר איינער טראַכט:

— צוליב וואָס טאַקע ניט אָנשטעלן אַזוי די זײַט פֿון מײַן היים, כּדי דער שכן זאָל קענען אָנשטעלן זײַט־בײַ־זײַט זײַן היים און פֿון דרײַסיק היימען פֿון איין זײַט גאַס און דרײַסיק אַנטקעגן זאָל אַרויסקוקן אַ גלײַכע גאַס, מיט צוויי גלײַכע שורות הײַזער? פֿאַרוואָס טאַקע ניט האָבן מײַן היים אויף מײַן שטיקל ערד און טאַקע מיט דער פּלייצע צו דער וועלט?

— געפֿעלן דיר, דאָרע, די הײַזער, אַלע ווי אַ שורה יוונים אויסגעשטעלט, איינס אין איינס געראָטן און אַלע מיט די הויטע דעכער?

אַזוי האָט מאַליע געפּרעגט דאָרען, קומענדיק אויפן ערד־חלק און געפינענדיק, אַז די שורות הייזער האָבן ניט־געבעטענערהייט אַליין פאַרשטאַנען ווי צו שטיין; די גאַס איז שוין אַ גאַס און דער דאָרף איז אַ דאָרף.

— איך טו עס? — האָט דאָרע געענטפערט — איך בוי? צי דאָס וואָס איך וויל, טו איך? צי דאָס וואָס איך טו, וויל איך? פרעג ראָניען, וועסטו הערן וואָס זי וועט זאָגן.

אָבער ראָניע האָט געבענקט. ניט דערפאַר, וואָס אין איר בלוט האָט זי מיטגענומען דעם ריח פון איר פריערדיקער היים. ניט דאָס. זי איז געווען יונג. איר היים האָט נאָך קיינמאָל ניט געבליט. די אַמאָליקע היים — טאַטע־מאַמעס היים — איז חרוב געוואָרן און איצטער, כאָטש אינאיינעם מיט טאַטע־מאַמע איז זי אָנגעקומען, אָבער איר לעבן, וואָס האָט געקראָגן אַזאַ שניט צוליב איר שוועסטערס טויט־באַדאַרף זיך ערשט אָנהייבן. און דער אָנהייב איז געווען אַ פאַרנעפּלטער. אין קרים, אַז די זון פאַרגייט, ווערט פּלוצלונג נאַכט. ראָניען האָבן געפעלט די לאַנגע פאַרנאַכטן, וואָס זאָלן איר העלפן פאַרוואַנדלען איר בענקשאַפט אין אַ שאַרפן און זיסן ווייטאָג. ווייל דער מענטש באַטראַכט נאָך אַליץ דעם תכלית זיינעם אין ליכט פון פאַרגייענדיקער זון; ניט ביים ליכט פון באַגינען.

— ערד, איז ערד — האָט מוליע געטראַכט. ערד איז דעם יידן פרעמד און גאָר ניט נאָנט. ערד איז שווייגעוודיק. ערד לאָזט מען זאָל אויף איר בלוט פאַרגיסן. טעמפּ און עקשנותדיק טרינקט זי וואַרעם בלוט. ערד האָט ליב, אַז מען אַקערט זי, מען פאַרפייניקט זי און און האָט ליב, אַז מען כוואָשטשעט זי איבער די זייטן, ווי אַ פוילע שקאַפע. ערד, איז ערד.

אים איז ניט גאָר אינגאַנצן געפעלן געווען דאָס, וואָס געוויסע איבערוואַנדערער באַנעמען די ערד, גלייך ווי זי וואָלט טאַקע געווען פאַר איינעם זיין שניטקראָם, פאַרן אַנדערן — זיין אַייזנקראָם און פאַרן דריטן — אַ שפּייכלער מיט תבואה. זיין טאַטע האָט אויך אָנגעהערט צו דעם דאָזיקן קלאַס. און דעריבער, אַז אַלע אינאיינעם האָבן זיך די ערשטע צייט באַגעגנט — האָט מען אַ סך געשוויגן. בלויז דעם קליינעם טאָליען האָט דער ווינט אונטערגעכאַפּט און אַוועקגעטראָגן

איבערן סטעפ. דער קליינער טאָליע האָט ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז.

3

אַלע, פון דאָרען ביז טאָליען, זיינען זיי געווען ברוין־הויטיקע, שוואַרץ־אויגיקע. אָנגעמאָסטן פאַרן סטעפ. און פונדעסטוועגן האָבן די דאָזיקע שוואַרצע אויגן אויף פאַרשיידענע אופנים אויפגענומען דעם פּלאַץ וואו די נייע היים האָט באַדאַרפט אויפגיין.

אין טאַטע־מאַמעס אויגן איז געלעגן פאַרצווייפלונג:

— מען מוז. דאָס לעבן סיי־ווי אָפגעשפּילט... כאָטש נאָר דערלעבן זען, ווי די קינדער וועלן זיך שטעלן אויף די פיס. אפשר וועט ראָניע חתונה האָבן און אַוועק אין שטאָט. אפשר וועט טאָליע אונטערוואַקסן און די שטאָט וועט אים צונעמען. מוליע... נו, וואָס איז מוליע? אַ מאַן. אפשר וועט דאָ זיין אַ גוטער אָנהייב פון זיינעטוועגן.

ראָניע האָט אָפט געקוקט צו מוליען, ווי צו אַן עלטערן ברודער, וואָס מיטן פּנים איז זי אַזוי ענלעך צו אים. די אייגענע בלוי־שוואַרצע, גלאַטע האָר. דער אייגענער גלייכער, אויף אַרויף שטערן. די שמאָל־לענגלעכע נאָז און די אייגענע ווייסע ציינער, די אייבערשטע ציינער, פון פאָרנט חנעוודיק פאַררוקט איינס אויפן אַנדערן. זי האָט ווייטער פון סטעפ קיין אויסוועג ניט געזען. נאָר דאָ גופא איז זייער אומקלאָר געווען דער צוגאַנג צו דער ערד; אומקלאָר איז איר געווען, ווי אַזוי דאָ וועט איר לעבן אויסגעשטאַלטיקט ווערן. איר לעבן, וואָס איז אָפּגעריסן פון דער ערד און וואָס האָט איצטער אַזוי מורא פאַר דער ערד, וואָס די מלוכה האָט פאַר איר צוגעשניטן און געהייסן רויק דאָ אויפשטעלן אַ היים.

אָבער אַ היים בויט מען ניט. אַ היים פאַרפלאַנצט מען. אפשר וואָלט זי שוין סיי ווי ניט געווען קיין שניטקרעמערקע ווי טאַטע־מאַמע. אפשר וואָלט זי שוין אויך פיינט געהאַט צו זען די פויערים אין פויערטעס, וואָס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון דאָרף דעם זויערן ברויט־ריח צו זיי אין שניטקראָם אַריין. זי ווייס, אַז דער וואָס האָט מאַרגוואַלטיקט איר שוועסטער מאַניע איז אויך געווען אַן אייגיי־

ער צו זיין אין קראָם. אפשר נאָך קינדווייז פלעגט ער קומען צו זיי, אָנהאַלטנדיק דער מאַמעס דרילכענעם פאַרטעך. איצטער איז מען מיט יידן. אָבער איר אומקלאָרע בענקשאַפט האָט מיטגעהאָלפן, אַז אין „איבערוואַנדערער־הויז", פאַר די עטלעכע טעג און נעכט, וואָס זי אינאיינעם מיט איריקע האָבן זיך געוואַלגערט אין אומריינקייט, ביז מען האָט זיי אַרויסגעבראַכט אויף אייגענער ערד — דאָס האָט מיטגעהאָלפן זי זאָל צייטווייליק אַריינפאַלן אין אַ גלייכגילטיקייט אַריין. דאָרטן האָט זי פאַרגעסן, אַז זי איז ראָניע און אַז אין דריי חדשים אַרום וועט איר ווערן צוואַנציק יאָר. אַפילו דער שאַרפער ווייטיק אין לייב, וואָס מאַניע האָט איר איבערגעלאָזן — אַפילו ער האָט איר יונגט ניט אַרויסגעריסן פון דער גלייכגילטיקייט. דער שאַרפער סטעפּ־ווינט האָט איר צוריק דערוועקט די בענקשאַפט; דערוועקט אַ פאַרנעפּלטן פאַרלאַנג צום לעבן.

4

די רעוואָלוציע האָט זיך איר לאָגישן וועג. זי גייט ווי אַ סטעפּ־פייער, געבלאָזן פון אַ נערוועזן ווינט. קומט אויף, פאַלט איין און קומט ווידער אויף. מיידט אויס שטיינער, מיידט אויס וואַסערן, מיידט אויס אַלטע פאַרפוילטע געגנשטאַנדן און גייט ווייטער, אַזוי לאַנג, ווי דאָס פייער האָט אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן. אַרום דער געזעלשאַפט־לעכער פאַרצווייגנקייט, אַרום בן־יחידישע קאַפּריזן האָט זי אַ סך ברען־מאַטעריאַל געפונען. אַרום היימישער וואַרעמקייט האָט זי גענוג טרו־קענעם מיסט געפונען. פאַר איינעם איז נאָך איצטער די רעוואָ־לוציע דער דונער אין העלן טאָג, וואָס קייקלט זיך שוין איבערן לעבן העכער צען יאָר און פאַר אַ גרויסער מערהייט — איז די רעוואָלוציע שוין אַ וואַרעמע האַנט, וואָס זוכט אַ שוואַך, קינדיש הענטל צו פירן; אַ שוצוואַנט, וואָס היט אויס פון טויט־שרעק; וואָס דערציילט פון אַ ניי לעבן.

פאַר די יידישע מאַסן וויל די רעוואָלוציע ביידע זאַכן זיין אינאיי־נעם: סיי פירן פאַר דער האַנט; סיי אויסהיטן פון אַלדאָס ביז. און די דאָזיקע וואָס האָבן פאַרנומען פון דער פאָגראָם־כוואַליע אַ שראַם אין זייער וועזן; די דאָזיקע, וואָס האָבן מער ווי דעם „פאַרוואָס קומט עס

אונז?" ניט פאַרמאָגט אין צייט ווען טויט איז געשטאַנען פאַר די אויגן — פאַר אַזעלכע איז געווים די רעוואָלוציע אַ שוצוואַנט וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דעם, וואָס זוכט נאָך יידיש לעבן צו פאַרטיליקן. דאָדע, אָדער דוד ויידמאַן דער שניטקרעמער, איז נאָך געשטאַנען אין שניטקראָם בעת דער טויט האָט אַרויפגעשטיגן די דריי טרעפּ־לעך פון זיין קראָם און געבליבן שטיין אין טיר, פּנים און אויג מיט בלוט אָנגעגאָסן... יעמאָלט האָט דאָדע געקראָגן מיט אַ טעמפּער זאַך איבערן קאָפּ, און כאָטש עס האָט אים ניט געשאַדט; כאָטש מער ווי אַ וואָך צייט איז ער ניט געלעגן — נאָר דאָס האָט אין אים באַשאַפן זיין אייגענע פילאָסאָפיע:

— קען מען אַזוינס איבערלעבן — איז ממש ניט ווערט צו לעבן. און אויב אַזוינס קען מען איבערלעבן — קען מען דאָך שוין אַלץ איבערלעבן. איז ער ניט דאָדע. איז ער דוד. איז וואָס מיר רעוואָלוציע? איך וועל האַנדלען ביז איך וועל קענען...

און ווען ער איז געבליבן ביי די ליידיקע פּאָליצעס, האָט אים אויך באַהערשט די אייגענע פילאָסאָפיע:

— אויב אַזוינס קען מען איבערלעבן — קען מען דאָך אַלץ איבערלעבן...

דעריבער איז ער צו דער ערד געקומען ווי צו אַ שניטקראָם מיט ליידיקע פּאָליצעס. ליידיק, איז ליידיק. מיטן דמיון האָט ער געוואָלט די פּאָליצעס פול מאַכן מיט עפּעס אַנדערש, מיט אַזוינס, וואָס האָט ניט קיין ממשות... נאָר אַ היים מוז אַ לעבעדיקער מענטש האָבן. אַ היים איז אַ אויסבאַהאַלט. אַ היים איז דער אייגענער ווינקל, וואו מען קען אַ זיפץ טאָן און ווען די קינדער הערן ניט — קען מען אין דער שטיל אַ זאָג טאָן:

— הייסט עס, מאַליע, מען איז לעבן געבליבן. אָבער ווי אַזוי הייבט מען אָן צו לעבן, אַז מען לאָזט ניט?

מאַליע, אָדער ווי זי האָט געהייסן ניט פאַרצייגן — מלכּה, זי האָט אירע מאַמע־געפילן אין די פּאָגראָמען אויסגעוויינט מיט גאָר וויי־ציק טרערן. קיין רעוואָלוציע האָט זי ניט געזען. פונקט ווי דער מאַן אירער, דאָדע, אָדער דוד. איר איז אַפילו געווען דערווידער, וואָס זייער ווען; די דאָזיקע, וואָס האָבן מער ווי דעם „פאַרוואָס קומט עס

אַז פּויערים און פּויערטעס זאָלן צו אים אַריינשמעקן, קוקן מיט גיריקע אויגן צו די האַלב-ליידיקע פּאָליצעס און טראַכטן: „ווי עס נעמט זיי אַפילו קיין רעוואָלוציע אויך ניט... ניט מיט קיין האַק און ניט מיט קיין לאָם וועסטו זיי ניט ממיתן"...

צום סטעפּ איז זי ניט געקומען מיטן גוטן ווילן, נאָר גלייך ווי אויף אַ צעפּוילטער קלאָץ פון אַ צעריסענער בּריק האָט אַ געוויסער זי געטראָגן און אַהער פאַרטראָגן. און כאָטש די קרימער זון האָט פאַר איר אויסגעבּויגן דעם סטעפּ אַ פרילינגדיקן, אַ בּאַבּלימלטן מיט ווילדן, רויטן מאָן און כאָטש זי האָט שוין געזוכט דעם אָרט וואו זי וועט שטיין — פונדעסטוועגן אויפן דריטן טאָג, ווען מען האָט שוין בּאַלד געהאַט פאַרטיק אַ זעמליאַנקע, צווישן דער שורה פאַרטיקע הייזער — האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט און געזאָגט צו איר דאָדען:

— אפשר איז נאָך דאָרטן ניט אַליץ פאַרפאַלן. אפשר וואָלסטו זיך דערוויסן, צי מען קאָן נאָך קריגן אַ בּיסל סחורה? אפשר זאָל מען נאָך אַמאָל פּרוון אויפעפענען דאָס געשעפט...

דעם קליינעם מאָליען האָט דער סטעפּישער ווינט אויסגעכאַפּט און אַוועקגעטראָגן איבּער די פעלדער. אים איז געווען גוט. כאָטש ער האָט ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז.

5

אַ היים בּויט מען נישט. אַ היים פאַרפלאַנצט מען און כּען וואַרעמט די היים בּיז זי הייבּט אָן בּליען. די רעוואָלוציע האָט די דאָזיקע וואַרעמקייט, וואָס מאַכט אַן אייגענעם ווינקל וואַרעם בּיז צו אַ זיסן דרעמל — יאָ, די רעוואָלוציע האָט פיינט די דאָזיקע וואַרעמקייט...

זי, די רעוואָלוציע, רופט צו זיך דעם מאַן און זאָגט אים:

— זיי גרייט!

די רעוואָלוציע האָט דער פרוי אויך אויפגעוועקט, בּאַפוילן צו זיין גרייט. די פרוי ענטפערט אויך:

— איך בּין גרייט...

מיט דעם דאָזיקן רוף קען זיך דער יונגער דור איצטער אויסמיידן. און דעריבּער, אַז ראָניע און מוליע האָבּן זיך אומגעקערט פון דער האַפּן-שטאָט, נאָכדעם ווי זיי האָבּן מיט דעם אָקסן-געשפּאַן

אָפּגעפּירט און באַגלייט דעם טאַטן דוד און דער מאַמען מלכּה, וואָס האָבן פאַרקירעוועט צוריק „אַהיים“, פאַרנעמענדיק מיט זיך נפתּלין — יעמאָלט האָבן זיי ביידע אויף פאַרשיידענע אופנים אָן ווערטער באַשטימט, אַז „אַלט איז ניט יונג“. און אויב די יוגנט פאַרשטייט ניט וואוהין די רעוואָלוציע האָט אָנגעוויזן דעם וועג, יעמאָלט האָט ניט געלוינט די גאַנצע צען יאָר צו וואַקסן. איז אפשר אַ גליק געשען דער שוועסטער וואָס איז אַזוי פלוצלונג און אַזוי מוראדיק אומגעקומען...

די גרויע אָקסן האָבן זיך געווינט הין און הער. דער דישל האָט צוגעסקריפּעט. עס איז געווען נאָך גרוי פאַרטאָג, ווען זיי האָבן גערירט פון שטאָט און פאַרקירעוועט אין סטעפּ אַריין. געווען קאַלטלעך פון ניט דערשלאָפן. די זון איז אויפגעגאַנגען און דערוואַרעמט זייערע ביינער. ווי צוויי פייגל האָבן זיי אויפגעוואַכט. ביידע האָבן איינצייטיק אַ טרייסל געטאָן דעם שוואַרצן קאָפּ און ביידע האָבן געוואָלט אָנהייבן דעם שמועס.

ער האָט דער ערשטער געזאָגט:

— ערד, איז ערד. ערד איז דעם יידן פרעמד און גאָרניט נאָנט. ערד איז שווייגעוודיק. יאָ, אַ ייד האָט מורא פאַר ערד.

האָט זי געזאָגט:

— די מאַמע האָט מורא פאַר אַ היים, אַזוי ווייט פאַרוואָרפן.

האָט ער אַ שאַרפן, אָפּגעהאַקטן לאַך געטאָן:

— כאַ-כאַ — אַז דאָרטן איז דאָך שוין קיין סימן פון קיין היים ניטאָ. ס'איז תּחילת דאָרט קיין היים ניט געווען — און ער האָט צוגעגעבן — מיר דאַכט זיך, אַז אונזער פריערדיקע היים איז גאָר אויף דער ערד ניט געשטאַנען. אפשר איצטער צום ערשטן מאָל בויט מען אַ היים אויף אייגענער ערד. און צום ערשטן מאָל וועט דער ייד האָבן אַ זיכערע היים.

די ווערטער „ייד“ און „היים“ האָבן געקלונגען פאַר אים ניי. ער האָט זיך געחידושט, ווי אַזוי דאָס קומט צו אים. דער שוועסטער איז דאָס אויך געווען אַ חידוש. פונדעסטוועגן האָט זיך געוואָלט פון דעם ריידן נאָך אַמאָל. דער טאָג האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, זוניקע פאַסן זיינען געפאַלן אויפן סטעפּ און וואו עס האָט גערינט דער ווינטער-גרויט, האָט די זון געשלעפּט דעם גראָז פון דער ערד;

וואו ניט געאַקערט און ניט געזייט — דאָרטן האָט די זון געטריקנט און געברענט. ס'האָט זיי ביידן שאַרף אַ קלעם געטאָן ביים האַרצן. זי האָט פון פּאַטשיילקע אַרויסוואָלט גוט געוועז עפּעס איבערכאַפּן. זי האָט פון פּאַטשיילקע אַרויס-געוויקלט אַ שטיק גרוילעך-שוואַרצע ווייצן-ברויט, געמישט מיט גערשטענע מעל און האָט עם דערלאַנגט אים, ער זאָל פאַר זיך אָפּבדעכן אַ שטיקל. ווען ער האָט עס געטאָן, האָט זי אַ שמעק געטאָן דעם ברויט אויף דעם אָפּגעבראָכענעם אָרט און געזאָגט:

— געדענקסט, פֿויערישער ברויט אַמאָל האָט געשמעקט מיט ברויט און דאָס שמעקט אַפילו ניט מיט קיין ברויט...

— מען באַדאַרף די אָקסן אַראָפּפירן פון וועג, אפשר וועלן זיי ביים זייט וועג איבערכאַפּן — האָט ער געזאָגט.

און מען האָט אַראָפּגעטריבן פון וועג, אויסגעשפּאַנט די אָקסן און מיט דעם יאָך אויפן האַלז האָבן זיך די אָקסן אַוועקגעלאָזן, טריט ביי טריט, הונגעריק געצופּט די שיטערע גראָז פון דעם אַנטקעגן דער זון אויסגעבוירענעם סטעפּ.

6

זיי האָבן זיך ביידע אויסגעצויגן אויף דער ערד, דער קאָפּ אונטערן וואָגן, די זון זאָל ניט ברענען.

— ווייסט, מוליע, — האָט ראָניע געזאָגט — איך טראַכט, אַז דאָ קען שוין ניט געמאָלט זיין, סע זאָל טרעפן אַזאַ אומגליק ווי מיט מאַניען... ס'פאַרדריסט מיך, וואָס מען האָט זיי אָפּגעלאָזן. הלוואי קומט זיי אַריין אַ געדאַנק, זיי זאָלן זיך אומקערן פון וועג.

ער האָט ניט געענטפערט. די אָקסן מיטן יאָך אויפן קאַרק האָבן זיך דערנענטערט צום וואָגן און געצופּט די גראָז. אַ ווײַלע האָט זי זיך איינגעהערט ווי די אָקסן גרישען און ווידער איז איר געדאַנק אַוועק נאָך טאַטע-מאַמע און טאָליען, וואָס זיינען אַזוי גאָר אָן אַ ציל אַוועק. ניט שוין זשע איצטער ערשט האָט זי זיך אָפּגעריסן מיטן נאָפּל פון דער מאַמעס בויך?

— ווייסט, מוליע, איך טראַכט, אַז די רעוואָלוציע האָט צופיל פרוכנע אויפגעהויבן, צעשטערנדיק אַזוי פיל פאַרפוילטע בנינים. און נאָך איצטער הענגט פרוכנע-שטויב איבערן לעבן. מיינסט ניט, מוליע,

אפשר וואָלט געווען אַ סך בּעסער, ווען די טאַטעס און די מאַמעס בּלייבּן אין דער היים און נאָר די קינדער קומען אַרויס, בּויען אויף הייזער, דערפער, מאַכן אַ היים און דערנאָך בּעטן טאַטע־מאַמע זיי זאָלן אַראָפּקומען?

האָט זיך מוליע אויפגעזעצט און געזאָגט:

— פאַרשטייסט, דער ייד האָט זיך כּסדר אָנגעהאַלטן אין אַ פאַרפוילטן שטריקל; איז געקומען די רעוואָלוציע און האָט דאָס שטריקל אָפּגעריסן. איז מען געבּליבּן אָן אַן אָנהאַלט. זוכט מען כּסדר דעם אָפּגעריסענעם בּרעג און מען קען אים נישט געפינען. זיי זיינען אַוועק זוכן דאָס פאַרפוילטע שטריקל. ערד, איז ערד. און אַ היים איז שוין עפּעס אַנדערש. אַ היים אויף אייגענער ערד איז נאָך אויך ניט אַלץ. די צרה, וואָס די איבּערוואַנדערער ווילן פריער האָבּן די היים און זען ניט די ערד. יאָ, די ערד איז דער עיקר. קריגן דעם אָנהאַלט אָן דער ערד. פאַרשטייסט, ראָניע?

מיטן וועג איז אָנגעקומען אַ אָקסן־געשפּאַן, וואָס האָט געצויגן אין שטאָט אַריין, אויפן וואָגן איז געזעסן אַ צעכראַשטשעטער בּייניש טשערניאַק. זיין קיילעכדיקער, בּלאָנדער קאָפּ איז געווען ענלעך צום ניט געאַקערטן סטעפּ, פאַרוואַקסן און פאַרבּרוינט. לעבּן אים אין וואָגן איז געלעגן אויסגעצויגן זיין שוועסטער ריווטשע. זיי בּויען אינאיינעם אַ היים אויפן ערד־חלק אין איצטער פאָרן זיי אוודאי שוין נאָך מאַטעריאַל אין שטאָט אַריין. ראָניע קען זיי גוט, כאָטש קיינמאָל מיט זיי ניט גערעדט. זי ווייס זייער קוזשנע אין עק שטעטל. בּלאַווע דער שמיד, זייער טאַטע, אַ מגושמדיקער, שווייגעוודיקער ייד. די קינדער האָבּן געהאָלפן אין קוזשנע און איצטער זיינען זיי דאָ. איצטער בּויען זיי אַ שטוב. די אַלטוואַרג העלפן צו. אָבּער דער עיקר זיינען אָט די־אָ צוויי. זיי זיינען אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן. ער האָט שוין איבּערגעדרעמלט אַזוי זיצנדיק אין וואָגן, נאָר זי איז געשמאַק געשלאָפן.

זיי האָבּן אַ סטעפּ־ווינט מיט זיך געבּראַכט, וואָס האָט וואַרעם אָנגערירט ראָניעס פּנים. ראָניען האָט עס אַ קלעם געטאָן בּיים האַרצן. איר איז מיט אַמאָל אומעטיק געוואָרן און זי האָט געזאָגט צום בּרודער:

— בעט אים, מוליע, ער זאָל זיך אָפּשטעלן דאָ. דאַכט מיר, אַז ביז איצטער האָב איך נאָך מיט קיינעם ניט גערעדט.

נאָר ביינישׁ טשערניאַק איז אַליין אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן און פאַרן שטריקל אַראָפּגעפירט זיינע אָקסן פון וועג; האָט זיי אויסגעשפּאַנט און אָפּגעלאָזן אין סטעפּ. ער האָט מיט זיין רעקל פאַר־האַנגען, אַז די זון זאָל ניט ברענען ריווטשען, וואָס איז געשלאָפן געשמאַק מיטן פּנים אַראָפּ; זיך צוגעזעצט צו זיי און קורץ און שאַרף אַ זאָג געטאָן:

— איר טויגט אויף כּפּרות, חברים. אַז איר האָט געהאַט געלט, האָט איר ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איר זייט. און אַז איר זייט געבליבן ביים בייטשל, זייט איר אויך ניט קליגער געוואָרן. אַזוינע ווי איר טוען נאָר און רודערן. אַוועק צוריק אין שטעטל אַריין. מסתּמא נאָך געבליבן אַ פּאָר קערבלעך פאַרן פינאַנספּעקטאָר. ביי אונז שמועסט מען, אַז איר וועט זיך אויך ניט אײַנהאַלטן אויפן ערד־חלק.

מוליע האָט נערוועז אַ לאַך געטאָן.

ביינישׁ האָט באַמערקט ראָניעס באָרוועסע פיס און דערקענט, אַז ניט נאָך גאָר געפּרוווט זיינען זיי צום האַרנדיקן סטעפּ. זי האָט דערפילט זיינע בליקן אויף די באָרוועסע פיס און האָט דערשפּירט זיינע מחשבות. תּחילת האָט זי געוואָלט די פיס אַרונטערנעמען אונטערן קליידל. נאָר אומגעריכט פאַר זיך האָט זי זיך אַנידערגעלייגט, אויס־געצויגן דעם קערפּער, די ברוסט צום הימל און אָפּגעדעקט די פיס ביז צו די קני, די זון זאָל זיי וואַרעמען. אין זיינע רייד איז געווען אַ נאַקעטער, שטעכעדיקער אמת, ווי נאַקעט און שטעכיק ס׳איז דער ווילדער סטעפּ. מיט ריווטשען, וואָס שלאָפט אין וואָגן, האָט זי נאָך כּמעט גאָרניט גערעדט; נאָר איצטער, ווען ריווטשע כאַפּט זיך אויף און קומט אַראָפּ פון וואָגן, וואָלט זי זיך צעלאַכט אויפן הויכן קול, זיך אַרומגענומען און צעקושט מיט איר, אַזוי, אַז ריווטשע וואָלט אַפילו ניט פאַרשטאַנען וואָס אַזוינס איז מיט איר פאָרגעקומען...

— ניין, דאָס מאַכסטו אַ טעות — האָט שטיל מוליע געזאָגט — זיי זיינען אַוועקגעפאָרן, אָבער...

— אַז מע איז שטאַרק — לאָזט מע נישט — האָט ביניש איבערגעשלאָגן — איבעררייסן אויף שטענדיק מיטן נעכטן און מיט די נעכטיקע טעג. איצטער זיינען זיי אַוועק. מאָרגן וועט איר צו זיי פאָרן. מע לאָזט ניט פאָרן, ווי איך האָב מיינע אַלטוואַרג ניט געלאָזן. דאָ איז איצטער זייער אָרט.

דערווייל האָט זיך ריווטשע אָנגעהויבן צו וועקן און ציען אין דערשפירט, אַז מען פאָרט ניט. אירע האָר, ווי איבערגע־טריקנטער פלאַקס, זיינען איר געקראָכן אין די אויגן אַריין. איר פאַרריסן נעזל איז געווען אָפּגעגאָסן מיט זון. אויפן פאַרבריינטן האַלז האָט זי געטראָגן אַ רויטן בענדל פאַר חן ווענן.

— אַוואו זיינען מיר? — האָט זי געזשמורעט די ברוינלעכע אויגן.

— אָט, קום אַראָפּ, מען שמועסט אַ ביסל. זאָלן די אָקסן אַ גרייזשע טאָן, — האָט ביניש געזאָגט.

זי איז אַראָפּגעקראָכן און זיך אַנידערגעזעצט אָן אַ זייט. זי האָט זיך צוגעהערט צום שלאָף, וואָס איז מיט אַ לייכטער קעלט געקראָכן דורך איר הויט.

— און איר וועט נאָך דעם זומער האָבן אַ היים — האָט ראָניע אַ מאַך געטאָן אויף ריווטשעס זייט.

ריווטשע האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. האָט פאַר־ריכט די האָר אויפן קאָפּ, גלעטנדיק זיי מיט ביידע הענט.

— ניט אַזוי אַ היים — האָט ביניש געענטפערט, — אפשר וואָלט מען ניט באַדאַרפט איצטער אַוועקלייגן די כוחות אויף אַ שטוב. נאָר איר פאַרשטייט, אַרום און אַרום איז וויסט און פוסט. אַז מע שטעלט אַריין נאָך אַ שטוב אין דער שורה הייזער — איז די גאַס קענטיקער. ניט די שטוב — דער דאָרף איז דער עיקר.

ראָניע האָט זיך אויפגעזעצט און איבערגערוקט צו ריווטשען; אַנידערגעלייגט אירע באָרוועסע פיס לעבן ריווטשען. כמעט אָנגע־רירט מיט אירע פיס ריווטשעס און געפרעגט:

— איר בענקט ניט אַהיים?

— איך האָב געבענקט. פון בענקען איז גאָרניט אַרויסגעקומען.

— יאָ, איר טויגט אויף כּפּרות, האָט ווידער בּייניש געזאָגט. איר רעדט כּסדר פון אַ היים. מע ווערט חברים. מע זוכט חברים און ווען ניט — איז אָ!

און ער האָט מיט איין האַנט אָנגעוויזן צו אַ פּירקאַנטיק, גרין אויפגעגאַנגען פעלד און מיט דער אַנדערער — צום סטעפּ, וואו די אָקסן האָבן געגריזשעט:

— ווערט חברים — האָט ער ווידער געזאָגט — אַ היים וועט שוין זיין אין דאָרף.

נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן האָט מוליע זיך געווענדט צו ראָניען:

— אפשר, רחל, זאָלן מיר זיך אומקערן מיט זיי צוריק אין קאַנטאָר און בּעטן, מען זאָל אונז געבּן די מעגלעכקייט צו בּויען די שטוב נאָך היינטיקן זומער?

— אפשר, אַז אַ שטוב וועט זיין, וועלן זיי זיך שפּירן היימישער. אפשר וועלן זיי קומען צוריק. — האָט ראָניע געזאָגט.

און קוקנדיק אויף בּיינישן, האָט זי אין געדאַנק איבּערגעוואָרפן די בּחורים און מיידן וואָס בּויען דעם דאָרף.

— פאָרט מיט אונז אין שטאָט אַריין; מירן פאָרן אינאיינעם צוריק — האָט ריוושע גאָר אומגעריכט אַרומגעכאַפּט ראַניען — פאָרט מיט אונז אין שטאָט אַריין...

7

ריוושע האָט געהאָלפן מוליען איינשפּאַנען און דערבּיי געלאַכט:

— בּיי אונז פלעגט מען אייך רופן מוליע דאָדעס.

און ראָניע האָט געאָרנט בּריהש געהאָלפן בּיינישן שפּאַנען די אָקסן. אין שטאָט זיינען זיי געפאָרן: ראָניע — בּיי בּיינישן אין וואָגן און געלערנט זיך אָנטרייבּן די אָקסן און זאָגן צאָבּ-צאָבּע. ריוושע איז געזעסן בּיי מוליען אין וואָגן.

— אויב מען זאָל זיך אַרומטאָן פאַרפרי, וועט מען נאָך פאַרנאַכט אַרויספאָרן צוריק — האָט בּייניש געזאָגט.

און ראָניע האָט געענטפערט:

— איך געדענק אייך גוט, מען האָט אייך גערופן בּייניש, כלאַוונע דעם שמידס.

און מוליע האָט פילאָסאָפירט, שפירנדיק ריוושעס וויך לייב
לעבן זיך:

— ערד, איז ערד. ערד איז שווייגעוודיק... אַ ייד האָט מורא
פאַר ערד...

ריוושע האָט פאַר זיך אַליין געלאַכט און אונטערגעטריבן
די אָקסן.

---

## שבת אינדערוואָכן

— חבר הירשביין, איצטער וועל איך זיך מודה זיין, אַז ווען איך האָב אַייך צום ערשטן מאָל געזען אין סטעפּ, האָב איך געמיינט, אַז איר זייט אַ איבערוואַנדערער און איר זוכט אַ ערד־חלק.

— ?

— ווייל איר האָט אויך אָנגעטאָן דעם שבת אינדערוואָכן. אַז איך בין אַהער געקומען, האָב איך נאָך אויך געהאַט אַ פּאָר בע־סערע בגדים, גוטע שבתדיקע בגדים, האָב איך זיי גענומען אין דער אַרבעט.

אַזוי האָט מיך פאַרטשעפּעט אַ אָפּגעריסענער, באָרוועסער און שוואַרץ־באַוואַקסענער איבערוואַנדערער פון מינסקער ראַיאָן, וואָס האָט מיט זיינע אָקסן געפירט אַ וואָגן געטעשעטן שטיין צו זיך אויפן ערד־חלק.

ער האָט אָפּגעזוכט אַ גאַנצן אָרט אויף זיין צעפליקטן, טונקעלן רעקל, וואָס איז אַמאָל געווען בלוי און איצטער האָט דער געלבלעכער אונטערשלאַק אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַרעס. ער האָט איבער־געקערט אַ שטיקעלע שמאַטקע פון רעקל אויף דער לינקער זייט און באַוויזן:

— איר זעט, דאָס איז אַמאָל געווען אַן ענגליש גוט שטיקל סחורה. נאָך אין צענטן יאָר געניי׳ט צו דער חתונה. ביז פאַראַיאָרן איז דאָס נאָך אַלץ געווען מיין שבת און איצטער — אָט, באַלד וועל איך אינאיינעם מיט מיין דלות פון אים אַרויספאַלן.

מען רעכנט, אַז דרייסיק פּראָצענט פון די, וואָס קומען זיך באַזעצן ביי דער ערד, פאַלן אָפּ. קענען זיך ניט אונטערגעבן. באַגרייפן ניט דעם גאַנצן ענין: „ווילן זיך ניט באַגראָבן לעבע־

דיקערדהייט". און קערן זיך אום צוריק. אַזעכציק, זיבעציק פּראָצענט בלייבט, מאַכן שלום מיט דער שווערער לאַגע. אָבער בּיי די, וואָס גייען אַוועק צוריק, טוט זיך ניט ווי עס רעדט זיך. דער גרעסטער טייל פון די, וואָס בלייבן שוין בּיי דער ערד — קרעכצען געגוג בּיז זיי מאַכן שלום מיט דער נייער לאַגע. מענער ווערן באַריידעוודיק ווי ווייבער. און ווייבער ווערן שטיל, אָדער פאַרגיסן טרערן. די, וואָס האָבן באַשטימט צו לויפן צוריק, באַדאַרפן פריער פאַראַרבעטן אַ כאָרן, כדי צו זיין געדעכט פאַר גאָט און פאַר לייטן; פאַר חברים און רעגירונג; פאַר חברים אין פעלד און פאַר חברים, וואָס וועלן אים אין אייגענעם שטעטל באַגעגענען און פרעגן:

— סטייטש, שוין מיטן בייטשל צוריק?

ער גייט דאָ אַרום ווי אויפן עולם התוהו און שעמט זיך אוים מיט דער וועלט. וויפל מאָל האָט מען דעם חבר הירשביין געפּאַקט אין וועג, אָדער אויפן פעלד און צוהאַלטנדיק אים בּיי אַ קנעפּל אַריינגערעדט:

— איר זייט דאָך אַ שרייבער, פאַרשטייט איר דאָך אוודאי בעסער ווי אַן אַנדערער און אַז איר פאַרבּרענגט שוין דאָ אַזוי לאַנג, מסתמא האָט איר זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעמען — איך פרעג אייך, איז דאָס אַ תכלית? און צי איז דאָס פאַר מיינע קינ־דער אַ תכלית? וואָס וועלן מיינע קינדער דאָ טאָן? חזירים פּאַשען? אדרבה, איך פרעג אייך, — איר זעט דעם דאָזיקן בגד; ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, אַז איך בּין אַהער געקומען מיט אַ האַלב יאָר צוריק, איז דאָס נאָך געווען אַ שבתדיקער, פיינער בגד און איצטער— אַ חרפּה און אַ שאַנד אַזוי צו שטיין פאַר אייך אַן אָפּגעריסענער.

ער זעט זיך אַליין דורך די בגדים אַרויס. זיינע שבתדיקע בגדים האָבן אָנגעוואָרן דעם קאָליר; די שבתדיקע בגדים זיינען צעשאָטן געוואָרן. אין אמתן, האָט פון אים אַרויסגערעדט זיין אייגן לייב; זיין אייגן בלוט. אינאמתן, איז דאָס ער אַליין, וואָס קען ניט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שבת:

— אַנטשולדיקט, חבר הירשביין, וואָס איך גיב אייך די האַנט, וואָרעם עס איז ניט קיין האַנט מער; די האַנט — אַ בּרעטל און די פינגער — סענקעוואַטע. עפּעס אַ קלייניקייט צו טאָן דאָס, וואָס

אונז קומט אויס צו טאָן... ווען עמען האָט זיך עס געחלומט, אַז ערד־אַרבעט, און אין קרים דערצו, זאָל פאָדערן אַזויפיל כּוחות?
אַזעלכע טראָגן אַריין אומרויִקייט אין דער איבערוואַנדערונג. מינעווען אונטער די ענערגיע ביי די וואָס בויען און ליידן; ביי די וואָס ליידן און שווייגן. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער היימישער בעל־מלאכה, וואָס האָט געטראַכט, אַז ערד־אַרבעט איז גרינגער, אַז ערד־אַרבעט איז זיכער און האָט געוואָרפן זיין שער און נאָדל; געוואָרפן זיין אָל און דראַטווע, געוואָרפן זיין הובל און זעג און געקומען אין קרים, צי קיין כערסאָן — ער גאָר האָט דערשפּירט, אַז ערד־אַרבעט מיינט אָנצוטאָן דעם שבתדיקן בגד אינדערוואָכן. געווען אַ טעות פון אָנהייב אָן, ביים אָפּקלייב אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס אָגשטאָט דעקלאַסירטע הענדלער, האָט מען געשיקט צו דער ערד בעל־מלאכות. איצטער זעען אַלע דעם טעות אַרויס.

---

אַז איך קום אָן אין אַ דאָרף, פאַרלויפן מיר דעם וועג די קאַנדידאַטן, וואָס ווילן פאָרן אויף צוריק:
— מיר האָבן אייך שוין אויסגעקוקט, חבר, כאָטש איך ווייס, אַז איר גלויבט אויך אין דעם.
— אין וואָס?
— אין ערד־אַרבעט.
— ווי זאָל איך ניט גלויבן, אַז איך עס דאָך ברויט יעדן טאָג?
— איי, ווי עס איז גרינג צו מאַכן אַ וויץ!
— און איר עסט ניט קיין ברויט?
— פרעמד ברויט; קיין אייגענעם האָב איך נאָך ניט אָנגעזען אין די אויגן.
— האָט צייט, איר וועט נאָך עסן אייגן ברויט.
— גלויבט עס ניט, חבר, איך נעם עס פון אַ פּשוטן ענין. איך בין אַ שוסטער פון דער היים, האָב איך געמיינט: וואָס וועט עס מיך אַרן, איך וועל איבערגיין צו דער ערד, וועל מיר האָבן מיין פעלד, מיין הויז און דערצו אָנהאַלטן שוסטעריי. איך האָב אַפילו אַ ביסל לעדער אויך מיטגענומען.
— נו?

— נו, האָבן זיך יידן אויסגעטאָן באָרוועס — טאָ פאַר וועמען זאָל איך גייען און וועמען זאָל איך לאַטען?

— ווינטער וועט קומען, וועלן יידן באַדאַרפן שטיוול.

— שטיוול? אַ שיינע מעשה, באַדאַרף מען דאָך האָבן געלט שטיוול צו מאַכן. איר ווייסט ווי מען טוט? איין פּאָר שטיוול אויף אַ געזינד זאַלבעזיבן. איינער טוט אָן די שטיוול און אַלע זיצן באָרוועס ביז ער קומט צוריק. לערנט מיך ניט — איך ווייס שוין מיין גליק.

— וואָס רעכנט איר טאָן?

— ווען מיין ווייב וואָלט וועלן אַהער קומען — האָב איך שוין אַ שטוב אויך אויסגעבויט; אַליין שטיינער אָנגעפירט. נו, זאָגט זי, אַז זי וועט ניט לאָזן די קינדער ווערן פּאַסטעכער.

איך גיי דורכן דאָרף. אַ דרייסיק הייזער שטייען. אַרום די הייזער ווילדט זיך. אַ דאָרף כמעט אָן איינגעפונדעוועטער. קיינער קומט ניט אַרויס דערוויילע זיך קלאָגן אויסער דעם דאָזיקן שוסטער, וואָס די גאַנצע ערד-אַרבעט טויג אים ניט, ווייל יידן האָבן גענומען און זיך אויסגעטאָן באָרוועס. וואָלט ער גאָרניט דערציילט די מעשה, אַז די ווייב זיינע וויל ניט, די קינדער זאָלן ווערן פּאַסטעכער; וואָלט ער נאָר ניט דערציילט מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן, אַז ער האָט זיין ווייב געשריבן, אַז ער האָט שוין געקויפט חזירים און באַדאַרף אַז די קינדער זאָלן קומען זיי פּאַשען; וואָלט ער מיר ניט באַוויזן די לינקע זייט פון זיינע צעריסענע הויזן און זאָגן:

— אַ פּאָר שבתדיקע נייע הויזן געווען, האָב איך זיי געפּטרט ביים שלעפן די שטיינער פאַר דער שטוב — — —

אָ, ווען ער וואָלט מיר עפּעס אַנדערש געזאָגט, ווי עס האָבן אַ סך, אַ סך איבערוואַנדערער געוויזן מיט פרייד די שווער געוואָרענע הענט און געזאָגט:

— עס איז ווערט געווען! איצטער פיל איך די הענט האָבן עפּעס אויפגעטאָן; אַ שטוב אַנידערגעשטעלט אויף מיין ערד פאַר איין זומער, אַ שטוב אויף מיין ערד — אַליין איז ווערט געווען!

און דער שוסטער האָט אויפגעשטעלט אַ שטוב און האָט גע-פונען, אַז ער האָט זיינע שבתדיקע הויזן אָפּגעניצט...

דעם שבת אָנגעטאָן אויף אינדערוואָכן...

אַ שווערער געדאַנקענגאַנג. אויף אַלערליי אופנים קאַרבט דער דאָזיקער געדאַנק קנייטשן אויפן פּנים, ביים קלאָס מעטשן, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דאָס סאַמע בּכבודיקע איז צו גלעטן דאָס ווייכע שטיקל שניט-סחורה, אויסגעשפּרייט אויפן לאַנגן טיש; גלעטן עס און בשעת-מעשה דינגען זיך מיטן קונה. אַ „שבּתדיקער" פאַרגעניגן. וואָכעדיק האָט אויסגעזען אין שטעטל דער שוסטער, מיט זיין אָל און דראַטווע; דער שניידער, מיט זיין שער און אײַזן. איצטער, נאָך דער רעוואָלוציע זיינען די קליינשטעטלדיקע בּעל-מלאכות אַ סך שבּתדיקער געוואָרן און דער קרעמער איז וואָכעדיק. און ביי דער ערד, ביי די אָקסן, ביי די פערד, אין אַ פּראָצעס פון אַ נאַטירלעכן שאַפן — איז מיט אַמאָל אַרויסגעשפּרונגען די וואָכעדיקייט...

— אַ מאַמע פירט צו מיר צו אַ בחורל פון אַ יאָר אַכט. דאָס בחורל שעמט זיך.

— גיי צו, מיין זון, און גיב די האַנט, דערצייל וואָס דו האָסט געלערנט אין שטאָט, גיי צו.

און און ער לאָזט אַראָפּ די אויגן און שעמט זיך. די מאַמע האָט יסורים. די מאַמע פאַרענטפערט זיך:

— פון די קינדער ווערט גאָרנישט. ווערן ווילד. ער איז דאָך געווען אַזאַ געראָטענער. אַז מען האָט אים געבעטן דעקלאַמירן אַפילו פאַר אַ פּולער שטוב, האָט ער עס געטאָן, ממש אַ פאַרגעניגן געווען. און איצטער — אַ דזשיקאָן, אַנטלויפט פון מענטשן. מער ניט ווי רייטן האָט ער זיך אויסגעלערנט. ניט נאָר אויפן פערד, אַפילו אויפן אָקס כאַפּט ער זיך אויף אַרויף און יאָגט זיך אַוועק אין פעלד אַריין.

און זי גיט צו:

— איך אַליין בּין שוין אויך באַלד פאַרדזשיקעוועט געוואָרן.

---

ביי אַ גרויסן פּראָצענט איבערוואַנדערער הייבּט זיך אָן דער איבּערבּרוך אין זייער גאַנצן אַרט דענקען און פילן גלייך ווי ער פאַרלאָזט זיין שטעטל. אַנדערע האָבן פילאָסאָפירט אַ צייט ביי זיך אין שטעטל און צום סטעפּ זיינען זיי געקומען שוין איבּערגעבּע-

טענע מיט דעם נייעם לעבנסוועג. אַנדערע קומען נאָך ברוגזע, ערשט איצטער האָט דער פילאָסאָף אויפגעוואַכט. פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען תּחילת געקומען אין די וואָכעדיקע קליידער, צעכראַשטשעט און מיט פאַרקאַשערטע אַרבל. און פאַראַן אַזעלכע, וואָס קומען אַראָפּ אין שבתדיקן סורדוט און פון ערשטן טאָג אָן באַמערקן זיי ווי דער סורדוט רייבט זיך אויס.

— האַ, געמאַכט אַ פעלער, געמיינט, אַז איך פאָר אויף אַ חתונה; גענומען און זיך אויסגעפּוצט...

— דאַגהט ניט, דער סורדוט וועט ווערן אויסגעריבן גיכער ווי איר מיינט.

— אַן אויסגעריבענער סורדוט איז חלשות. די אָקסן וועלן קיין דרך-ארץ ניט האָבן פאַר מיר, אַז איך וועל טראָגן אַן אויסגעריבענעם סורדוט...

עס איז נאָך פאַראַן אַן עטאַפּ, אַ אומנייטיקער, וואָס דער איבערוואַנדערער מאַכט דורך, ביז ער דערשלאָגט זיך צום ערד-חלק: דאָס זיינען די הקדשים, אָדער די איבערוואַנדערונגס-הייזער, ביי די הויפּט-קאַנטאָרן, וואו דעם איבערוואַנדערער קומט אויס אָפטמאָל זיך וואַלגערן אַ פּאָר וואָכן און אָפטמאָל — אַ פּאָר חדשים, ביז אים ווערט קלאָר, וואו דער ערד-חלק איז. אין יענע הקדשים, אויב ער איז ניט קיין פילאָסאָף — ווערט ער עס. און אויב ער איז פון דער היים אַן אויפגעקלערטער — באַדאַרף ער דאָ ביטן אַ סך שטאַנדפּונקטן, ווען אים קומט אויס צו זיין איינער צווישן צוויי הונדערט דאָרטן, וואו עס איז פאַראַן פּלאַץ פאַר צוואַנציק, דרייסיק; ווען אין דער דאָזיקער ענגשאַפט באַפאַלן אים וואַנצן, פליי און לייז — וואָס פאַשען זיך אויף די לייבער פון די צוקונפטיקע „וואָכעדיקע פּויערים". אַזאַ הקדש, ווי דער יעוופּאַטאָריער אָדער דזשאַנקאָיער, אין קרים — אוי, ווי עס ווירקט אויף דעם איבערוואַנדערער, ער זאָל זיך דערשפּירן ווי פון אַ בוידעם אַראָפּגעפאַלן. דאָרטן, אין הקדש, קומט שוין דער נייטיקער אָדער אומנייטיקער איבערברוך אין דער פּסיכאָלאָגיע פון איבערוואַנדערער. ווער עס קומט צו זיין ערד-חלק און אָטעמט אָפּ פריי און באַשטימט, אַז אַ וועלט איז נאָך פאַראַן; אַז אַ לעבן איז נאָך פאַראַן; אַז אַ וועלט אַ נייע איז פאַראַן, וואו עס לויכט נאָך

אַ ניי לעבן אָנצוהויבן... און ווער עס קומט צום ערד־חלק און זוכט עמעצן צו באַווייזן, ווי פליי האָבן אים דאָס לייב צעגעסן; ווי וואַנצן האָבן אים זיין בלוט געזויגן. אַזאַ איינער לאָזט זיך אויס צו זיין שוואַך, שוואַכער פון דער שאַלקהאַפטיקער פליי אויף גאָטס ערד.

פאַר דער קורצער צייט וואָס איך לעב אין ראַיאָן פון דער יידישער איבערוואַנדערונג און קומענדיק פון צייט צו צייט אין באַקאַנטע דערפער, דערקען איך שוין מענטשן און איך זע, ווי פאַר אַ פעריאָד פון עטלעכע חדשים האָבן געבויגענע מענטשן אויסגעגלייכט די פלייצעס; דער אַש־קאָליר אין פנים האָט אָפּגעטראָטן דעם פלאַץ פאַר אַ געזונטער פאַרב. מענטשן, וואָס האָבן שלים־מזלדיק געטאָן די אַרבעט אַרום שטוב; קאַפּויערדיק זיך באַגאַנגען מיט אָקס אָדער פערד — זיי זיינען גאַנצע ידענים געוואָרן. אַזאַ איינער קומט אייך אַנטקעגן און וויל, אַז איר זאָלט אויף אים דערקענען, אַז ער האָט זיך שוין באַפּעסטיקט. פון אַזאַ איינעם האָט זיך אָפּגעטאָן דער שבת־דיקער בגד.

אין דער אייגענער צייט טרעפט איר אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען אָדער גלייכע, פאַרקעמטע, אויסגעפוצטע ווי צו אַ שמחה; געקומען און גלייך האָט דער בליק אָנגעהייבן צו בלאָנדזשען און זוכן. דער בליק האָט געבלאָנדזשעט אויף דער ערד און איז פאַרטראָגן געוואָרן אין די הימלען. אויף אים האָבן די קליידער גענומען פוילן; ער איז באַוואַקסן געוואָרן מיט בלאָטע און אָנגעהויבן אַיינצוגיין פון טאָג צו טאָג. ווער עס באַגעגנט אייך מיט אַ שטאָך־וואָרט און ווער — מיט אַ שטיקל פילאָסאָפיע. ווער, נידערגעשלאָגן, און ווער -- מיט פאַרביטערטקייט:

— פאַרוואָס קומט אונז אַזויפיל זיך צו פלאָגן? איך בעט אייך, דערקלערט מיר: איך בין אַן אומגלויביקער; איך גלויב ניט אין קיין שטראָף — נאָר פונדעסטוועגן וואָלט איך וועלן וויסן פאַרוואָס מיר, איבערוואַנדערער, ווערן אַזוי באַשטראָפט? קוקט מיך אָן, מיט פיר חדשים צוריק בין איך געווען באַקליידט, געזונט, פול מיט האָפענונג און איצטער — עס גייט אין מיר אויס מיין חיות; איך בין שוין נאַקעט. מיין האָפענונג, מיין צוקונפט האָט שוין

הייטיקער זומער פון מיר צוגענומען; איך שפיר, אז איך גיי ניט אויף דער ערד, נאָר די ערד שלינגט מיך איין. איך זינק לעבעדיקער־הייט...

און איר זעט ממש, אַ יונגער מענטש טרינקט זיך.

אין אייגענעם דאָרף האָב איך אין פאַרלויף פון זומער באַגעגנט שווייגנדיקע יידן, וואָס האָבן געשלעפט די שטיינער, געשלעפט דעם יאָך צוגלייך מיטן אָקס, און אַז זיי האָבן מיך באַגעגנט, האָבן זיי אויסגעגלייכט די פלייצע און געזאָגט:

— עך, ווען אַ שטיקל ברויט זאָל נאָר זיין אין צייט — וואָס וואָלט אונז איצטער געפעלט?... אוודאי, חבר, איז דער ערשטער יאָר אַ שווערער; אוודאי איז דאָס זייער שווער, נאָר מען זעט אַרויס אַ צוקונפט — ווען נאָר דאָס שטיקל ברויט אין צייט.

---

— ווען נאָר דאָס שטיקל ברויט אין צייט. — — —

דאָס איז די פסיכאָלאָגיע פון דער מערהייט, וואָס האָט אויפגעהערט צו באַטראַכטן די לינקע זייט פון צעריסענעם בגד און אויפגעהערט צו באַקלאָגן די שבתדיקייט, וואָס באַהאַלט זיך נאָך אין דער לינקער, ניט איינגאַנצן אויסגעריבענער זייט פון בגד. זיי האָבן מיט דער פלייצע זיך אויסגעדרייט צו דער פאַרגאַנגענהייט; מיט דער פלייצע זיך אומגעקערט צו די קליינשטעטלדיקע חורבות און דאָ — מיט יעדן שטיין, וואָס זיי לייגן אַוועק, שפירן זיי, אַז זיי בויען אַ היים, ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר די קינדער. אָ, וויפל איבערוואַנדערער האָבן מיר דערקלערט, אַז פאַר זיך אַליין וואָלט ניט געלוינט איצטער אָנצוהויבן אַלץ פון אַזאַ שווערן אָנהייב און אַז נאָר צוליב זייערע קינדערס וועגן בויען זיי אַ נייעם לעבנסשטייגער, וואו די קינדער זאָלן ניט וואַקסן אויפן ווינט, ווי עס וואַקסן די שטעטלדיקע יידישע קינדער! אין אמתן פעלט די דאָזיקע מענטשן אין די איצטיקע שווערע יאָרן פון דער איבערוואַנדערונג ניט מער ווי אַ שטיקל ברויט אין צייט און אַ ניט־יום־טובדיקן בגד די נאַקעטקייט צוצודעקן. זיי זיינען די שווייגעוודיקע, וואָס דערציילן מיט זייער שווייגן, אַז דאָס וואָס אויף זיי האָט די נייע צייט אַרויפגעלייגט — טוען זיי. דאָס זיינען די שווייגערס, וואָס זיינען אין אַלע ווינקלען פון סאָוועטישן

לעבּן פול; שווייגערס, וואָס מען טרעפט אומעטום, וואו עס גייט אָן דער נייער און געזונטער בּוי־פּראָצעס.

מיר בּאַדאַרפן ניט פאַרלייקענען און ניט בּאַהאַלטן די וואונד — ממש אַ פיזישע וואונד — איבּערן גאַנצן אָרגאַניזם, וואָס דער יידישער כּלל האָט דאָ געקראָגן אין די לעצטע יאָרן. עס שפּיגלט זיך אָפּ סיי אין איינעמס שווייגן און סיי אין איינעמס ריידן. אונזער וואונד איז אונז אַליין נאָר פאַרשטענדלעך. און די מאָסמיטלען, די דאָזיקע וואונד אויסצוהיילן, זיינען ווייטגרייכנדיקע. די רעסטאַוראַציע פון יידישן עקאָנאָמישן מצב און דער איבּערבּוי איז ניט אַ צייטווייליקער פאַקט פאַרן איצטיקן דור בּלויז. יעמאָלט, ווען אַלע פעלקער דאָ אין די פאַראייניקטע סאָציאַליסטישע שטאַטן וועלן זיין פּראָדוקטיוו, יעמאָלט, ווען די שנאה צו יידן וועט אויסגעבּרענט ווערן — יעמאָלט ערשט וועלן די יידישע מאַסן דערשפּירן זייער געזונטע צווישנפעלקערלעכע פּאָזיציע און זייער געזונטן כּוח, וואָס בּויט און שאַפט אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע שאַפנדיקע כּוחות.

אַ גרויסער טייל פון אונזער כּלל זיצט נאָך מיט אַש אויפן קאָפּ און מיט צעקראַצטע וואונדן ווי איוב און קלאָגט און שילט דעם טאָג פון געבּוירן ווערן:

— וועמעס וואונד איז דען אַזוי טיף ווי מיינע? וועמעס ליידן זיינען דען ווי מיינע?

דאָס איז אַלגעמיין. ניט נאָר בּיי אונז יידן. אַ איוב דאָ, אַ איוב דאָרטן. איצטער רייד איך פון אונזער אייגענעם איוב, וואָס איז פאַרוואָרפן געוואָרן אויף כערסאָנער, צי אויף קרימער סטעפּ, אויף אַ בּעלד פון אַ נייער, דערהויבּענער טעטיקייט און ער ציילט די וואונדן אויף זיין לייב, די וואונדן פון זיין שבּתדיקן בּגד, וואָס צעשיט זיך...

טרויערדיק בּיז גאָר, וואָס די נאַקעטקייט און אָפּגעריסנקייט, דער „ווען נאָר אַ שטיקל בּרויט וואָלט געווען אין צייט" — האָט אַרומגעכאַפּט דעם איבּערוואַנדערער אין ערשטן פּעריאָד פון זיין קומען צו דער ערד. די איבּערוואַנדערונג, וואָס איז אַלט כּמעט דריי יאָר אינגאַנצן, איז אויסגעפאַלן אין יאָרן פון אומגערעטעניש. די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, בּתוכם די אַמעריקאַנער — זיינען אַליי

אָרעם און זיינען ניט בכּוח אַרויסצוגעבן מער קרעדיטן, כּדי צו פאַר־דעקן די נאַקעטקייט און זען, אַז דאָס שטיקל ברויט זאָל זיין אין צייט.

ווען די פריערשע ווירטשאַפט וועט איבערגעבויט ווערן אויף ראַציאָנעלע יסודות, מיט אַ אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפט, ווי עס פאָדערט זיך ביי איצטיקע באַדינגונגען, בשעת פון קליינע ערד־חלקים געניגט ניט די תבואה־קולטור אַליין — יעמאָלט וועט דאָס שטיקל ברויט געווים זיין אין צייט; די נאַקעטקייט וועט זיין צוגע־דעקט. יעמאָלט וועט מען דערקענען די נייע, איבערגעבויטע פּאָ־זיציע, און דעם אָנהייב פון אַ געזונטן יידישן לעבנסשטייגער.

דערווייל הערן ניט אויף צו קלאָגן די, וואָס אין דעם אונטער־גאַנג פון זייער שטאָטישן שבתדיקן בגד דערזעען זיי דעם סימבאָל פון אייגענעם אונטערגאַנג. זיי שפּרייטן טרויער דאָרט, וואו אַ געזונטער בוי־פּראָצעס אַנטוויקלט זיך; זיי מאַכן שווערער די ליידן פון די, וואָס בויען — אויף צו להכעיס דער נויט, וואָס קלאַפּט איצטער אַזוי שטאַרק אין זייער טיר.

# א ו י פ ג אַ נ ג

געלעגנהייטן פֿאַר יום־טובֿים ווערן שוין גאַנץ אָפֿט געבױרן אויף אַזאַ ברייט פֿעלד, וואו עס אָרדנט זיך אײַן די יידישע איבערוואַנדערונג. כאָטש די אמתע יום־טובֿים וועלן נאָך קומען, ווען עס וועט זיך אײַנשטעלן אַ נאָרמאַל לעבן אין די יידישע דערפֿער; ווען אין די דערפֿער וועט מען דערשפּירן דעם קולטורעלן קשר, וואָס בינדט צונויף די איבערן סטעפּ צעזייטע און צעשפּרייטע דערפֿער אין צפֿון קרים. דערווײַלע זײַנען די יום־טובֿים נאָך זייער צופֿעליקע, כאָטש דאָס לעבן רופֿט זיי אַרויס. שוין אַריבער דרײַ יאָר, אַז די קרימער יידישע דערפֿער בויען זיך. וואו ס'איז נאָך אַן אָנהייב און וואו מען האָט שוין אַפֿילו אויפֿגעבויט די שול און אַ מרחץ; וואו עס שטייען אַ צען הײַזער און עס ליגן לענג־אויס בײַ ביידע זײַטן בערגלעך שטיינער, וואָס איבערוואַנדערער האָבן אָנגעפֿירט, כּדי קומענדיקן פֿרילינג אָנהייבן בויען די הײַזער, און וואו עס שטייען שוין די צוויי שורות הײַזער, אַ גאַס אַ לאַנגע, צו דרײַסיק הויפֿן אין אַ שורה און סימנים פֿון ביימעלעך באַווײַזן זיך שוין בײַ די הײַזער. וואָס פֿאַר אַ דאָרף עס האָט שוין אַ נאָמען און וואָס פֿאַר אַ דאָרף מען רופֿט אים נאָך אָן בײַ זײַן נומער, לויט דעם נומער פֿון ערד־חלק. ניטאָ נאָך די האַנט, וואָס פֿירט דערווײַלע די קולטורעלע אַרבעט אין די דערפֿער. צופֿעליקייטן, לאָקאַלן כאַראַקטער. און פֿונדעסטוועגן, אַז אַ יום־טוב איז באַשערט — קומט ער אויף מיט אַלע יידישע חנען און נײַנען. קומט שוין אַ יום־טוב אויף— טראָגט ער אַ זאַכלעכן כאַראַקטער. קומען שוין דעלעגאַטן צו באַגריסן. קומען שוין פֿאָרשטייער פֿון די סאָוועטן צו באַגריסן. רעדט מען שוין אַרויס דערבײַ די אמתן, וואָס מען קען אַנדערשוואו בײַ אַזעלכע געלעגנהייטן ניט הערן. נישט קוקנדיק אויף אַ שלעכטער

גערעטעניש, אַז אַ יום־טוב איז אויפגעקומען און אַלט און יונג האָט זיך צונויפגענומען, ווערט מען ערנסט: רעדט מען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס האָט באַפרייט די יידישע מאַסן. רעדט מען שוין פון דער העלער צוקונפט, וואָס דערוואַרט אַלע באַפרייטע נאַציאָנאַליטעטן אין ראַטנפאַרבאַנד און בתוכם יידן.

בײַ שווערע אומשטענדן קומט אויס דעם איבערוואַנדערער צו בויען זיין שטוב. ער וואַלגערט זיך דרויסן, נישט קיין דערעסענער, באַרוועטער, אָפּגעריסענער; אַ זומערלאַנג, אָפּרייסנדיק זיך פון פעלד, שלעפּט ער מיט די אָקסן די שטיינער און אַנדערע מאַטעריאַלן פאַר פערציק, פופציק קילאָמעטער. מען קען זאָגן, אַז צום גרעסטן טייל זעט דער איבערוואַנדערער נישט אַרויס זיין אייגענע אַרבעט. ער זעט אַרויס, ווי ווייט עס הורבעט זיך אָן זיין אייגענע מי, אָבער זעלטענער זעט ער אַרויס דעם וואוקס פון דער אַלגעמיינער זאַך — ווי עס וואַקסט דער גאַנצער דאָרף. געווים ליגט אים ניט אין זינען צו באַטראַכטן ווי עס וואַקסן די שכנישע דערפער, ווען עס קומט אים אויס פאַרבייצופאָרן מיט זיינע אָקסן.

און עס מאַכט זיך אַ יום־טוב; מען מאַכט דעם חנוכת־הבית; מען עפנט שוין אַ יידישע שול פאַר די קינדער; מען עפנט אַ לייען־שטיבל, און בשעת דער דאָרף האָט זיך אויסגעצויגן לענג־אויס מיט זיינע צוויי שורות הייזער און וואַרט, אַז מען זאָל זיך אָן אים דערמאָנען; מען זאָל אים באַנייען, מען זאָל אים אַ נאָמען געבן; מען זאָל פון אים אַראָפּנעמען דעם טריקענעם נומער, וואָס ער טראָגט אויף זיך, זינט מען האָט אָפּגעצייכנט די גרענעץ פון ערד־חלק — יעמאָלט עפענען מיט אַמאָל אויף אַלט און יונג די אויגן און מען ווערט באַגייסטערט:

— זעט נאָר, זעט, וואָס מיר האָבן פאַר צוויי יאָר אויפגעטאָן! אַ גאַנצן דאָרף אויפגעבויט; מיט די אייגענע הענט צונויפגעשלעפּט.

— זעט נאָר זעט, ווי שיין אונזער דאָרף איז!

— פון צען קילאָמעטער ווייט זעט מען אַרויס אונזער דאָרף, אַז מען פאָרט פון שטאָט.

— צייט אים אַ נאָמען געבן.

— צייט אַ יום־טוב מאַכן.

— צייט מודיע זיין מאָסקווע, וואָס מיר האָבּן פאַר אַזאַ קורצער צייט אויפגעטאָן.

אַזעלכע צוויי שיינע דערפער, כּמעט אַ צווילינג=דאָרף, זיינען אין יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן: נומער 71 מזרח און נומער 71 מערב. זייער גרונטשטיין האָט נאָך געזערד געלייגט איידער דער אַגראָ=דזשאָינט איז אַהער אָנגעקומען. מאָסקווער געזערד האָט געשענקט אַ ראַדיאָ דעם נום. איינאונזיבּעציק מערב. פון מאָסקווע איז געקומען דער מעכאַניק, אויפגעשטעלט די צוויי מאַסטן; פאַרצויגן די אַנטענע. האָט מען דערזען מיט אַמאָל, אַז מען איז אויסגעוואַקסן. אַן אייגענער, גרויסער און שיינער דאָרף אין קרים. איז געבּליבּן צו מאַכן אַ גרויסן יום=טוב. האַרבּסט דערנענטערט זיך. די שפּע אַראָפּגענומען פון פעלד. צייט דעם דאָרף אַ נאָמען געבּן. מודיע געווען די שכנישע דערפער אַרום:

„אַ יום=טוב אין איינאונזיבּעציק. מען פאַרבּעט".

צום יום=טוב האָט מען מיך אויך פאַרבּעטן. פופצן קילאָמעטער פון מיין דאָרף.

---

חדשים לאַנג האָט איבּער קרימער סטעפּ כּמעט קיין וואָלקן זיך ניט בּאַוויזן. קיין טראָפּן רעגן איז נישט אַראָפּגעפאַלן. און דווקא היינט, ווען עס איז אַזאַ גרויסער יום=טוב אין 71 מערב, האָבּן זיך אָנגעהויבּן טראָגן כמאַרעס פון אַלע זייטן; אַ זאַמדשטורעם האָט זיך אָנגעטראָגן און אינאיינעם מיט זאַמד האָט עס געשאָטן אין פּנים אַריין טראָפּלעך רעגן. עס איז געווען אַ שבּת פאַרנאַכט. צום יום=טוב האָבּן געצויגן אָקסן=געשפּאַנען און פערד=געשפּאַנען, די גרויסע דראַבּיאַסטע וועגענער אָנגעלאָדן מיט געסט פון אַנדערע דערפער. דער שטויבּשטורעם האָט געריסן און געפּליקט שטיקער און געשטערט דעם וועג, פונדעסטוועגן האָט עס נישט אָפּגעהאַלטן דעם עולם. קרימער סטעפּ האָט אַלע חנען בּשעת די נאַטור איז רויק. ווי באַלד נאָר עס הייבּן אָן צו בּלאָזן די שטאַרקע ווינטן (און עס בּלאָזן דאָ אָפט), יעמאָלט ווערט ער אומפריינדלעך. ציקלאָנישעס כאַפּט זיך אַריין אין דער אַטמאָספערע. קאַלטע און וואַרעמע ווינטן מישן זיך.

פון ווייטן האָבן זיך באַוויזן די צוויי הויכע ראַדיאָ־מאַסטן און אויף איין מאַסט אַ רויטע פאָן, וואָס דער שטורעמווינט האָט דווקא געוואָלט אַראָפרייסן. די שול־קינדער זיינען מיט רויטע פאָנען און געזאַנג אַרויסגעקומען באַגעגענען די געסט. עס האָבן זיך צונויפגענומען ביי אַ פאָר הונדערט איבערוואַנדערער, אַלט און יונג. די עלטער איז נישט אָפגעשטאַנען פון דער יוגנט. די עלטער האָט דעם שבת אויפגעהאַלטן אויף זיך ביז אין יום־טוב אַריין. מען האָט די סוודוטן פון זיך נישט אַראָפגענומען. אַ סך עלטערע איבערוואַנדערער אין סורדוטן און באָרוועס. עלטערע ווייבער האָבן זיך אויסגעפוצט אין דאָס „בעסטע“, ממש ווי אויף אַ חתונה. די יוגנט איז אומגעגאַנגען מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און געקוקט צו דער רויטער פאָן: אַזאַ הייך, אַזאַ הייך איבער זייער דאָרף! די הויכע מאַסטן האָט מען צונויפגעשטוקעוועט פון דריי טיילן; אויף די פאַרצויגענע דראָטן צווישן די מאַסטן האָט זיך דער ווינט אַרויפגעקליבן און געשפּילט אויף אַלערליי פייפלעך.

דער דאָרף גופא איז מיט אַמאָל ווי פון טעפּ אַרויסגעוואַקסן. צווישן עולם האָט מען געקענט הערן:

— דאָס איז שוין איינמאָל אַ דאָרף!

— איצטער זע איך, וואָס פאַר אַ דאָרף מיר האָבן אויסגעבויט.

— און טאַקע אויף אַ שיינעם אָרט.

— איצטער, אַז מען האָט ראַדיאָ — איז מען דאָך ממש ווי אין מאָסקווע.

אַ פאָר עלטערע פויערים אין סורדוטן, די הינט אויף הינטן, שטייען זייט ביי זייט מיט פאַרריסענע קעפּ און האַלטן צו די היטלען, אַז דער ווינט זאָל נישט אַראָפכאַפּן; זיי געפעלט דער ענין:

— אַז מען לעבט, דערלעבט מען, — זאָגט איינער, אַ שמאָלפּליי־ציקער, אַ ביסל געבויגן און מיט אַ שוואַרצלעך גרויער באָרד, אין דער לענג צעשפּאָלטן.

— דאָס מיינט, אַז מאָסקווע האָט אין זינען — זאָגט דער צווייטער, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ קיילעכדיק בערדל אַ געדיכטס, וואָס כאַפּט אַרום די קיילעכדיקע באַקן.

— מע באַדאַרף האָבּן, אַז דאָ וועט מען שוין אַ ביסעלע רו געפינען.

— מע באַדאַרף האָבּן, אַז די מלוכה איז נישט אויסן געווען קיין בייז.

— חלילה־וחס. מען זעט עס איצטער אַרויס באַשיינפערלעך.

— איצטער באַדאַרף מען שוין אַליין צוליינגן די כוחות.

די וואָלקן האָבּן זיך צעריסן און אַן אויסגעשטערנטער הימל האָט זיך אויסגעבויגן איבּערן דאָרף.

---

אויף אַ פרייען פּלאַץ, לעבּן דער ראַדיאָ־סטאַנציע, האָט מען צונויפגעטראָגן שווערע, געזעגטע שטיינער; כען האָט געבּראַכט לאַנגע בּרעטער, אויסגעלייגט אויף די שטיינער — בּענק פאַרן עולם צום זיצן. עס זיינען געקומען דעלעגאַטן פון נישט־יידישע דערפער. און עס איז אויך געקומען דער פאָרזיצער פון דאָרפסראַט, צו וועלכן עס באַלאַנגט דער איינאונזיבּעציק מערב. אַ פוילישער בּלאָנדער בּחור; אַ פאַרטייער, אַליין פון ווילנע. און ער האָט טאַקע דער ערשטער באַגריסט דעם עולם. זיינע רייד האָבּן געקלונגען נאַטירלעך. גערעדט רוסיש מיט אַ לייכטן פּוילישן אַקצענט. גערעדט האָט ער אַלס פאָרזיצער פון דאָרפסראַט און באַגריסט אין נאָמען פון דער רעגירונג. ער האָט אָנגעוואָרפן פאַרן עולם דאָס בּילד פון דער יידישער רעכטלאָזיקייט אין צייט פון דער צאַרישער מאַכט. ער האָט נישט פאַרפעלט צו דערמאָנען די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע, אין וועלכער עס געפינען זיך די יידישע מאַסן אין שטאָט און שטעטל. ער האָט אויך נישט פאַרפעלט צו דערמאָנען די געוועזענע דעקלאַסירטע יידן, געוועזענע קרעמער און ספּעקולאַנטן, וואָס זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דער משפחה פון די, וואָס העלפן איבּערבּויען דאָס לאַנד אויף סאָציאַלע יסודות דורכדעם, וואָס זיי זיינען איבּערגעגאַנגען צו ערד־אַרבּעט. ער בּעט, אַז די יידישע פּויערים זאָלן פון היינט אָן און ווייטער זיך באַטראַכטן פאַר די, וואָס גענִיסן פון אַלע רעכט. דעריבּער זאָלן זיי נישט שטיין בּונדערווייטנס. שטימרעכט האָט מען זיי געגעבּן — דעריבּער זאָלי

זיי זיך אויסנוצן מיט דעם און אַריינקומען אין די ראַטן אַריין; זאָלן צולייגן אַ האַנט צום גאַנצן בוי־פּראָצעס.

— איר יידן זייט דאָך אַ סך קולטורעלער פון דורכשניטלעכן פויער, וואָס דאָס לאַנד פאַרמאָגט איצטער. אמת, ערד־אַרבעט איז פאַר אייך אַ נייע און שווערע אונטערנעמונג, אָבער מיט אייער אינטעליגענץ וועט איר אין גאָר אַ קורצער צייט זיין אַ מוסטער פאַר די אַרומיקע דערפער. די רעגירונג האָט אייך געגעבן ערד און זי העלפט אייך אַרויס מיט וואָס זי קען. גלויבט דער רעגירונג, אַז זי פאַרגעסט אייך נישט אויף איין רגע און זי דאַגהט פאַר אייך ווי ווייט בּיי די איצטיקע אומשטאַנדן איז נאָר מעגלעך. די רעגירונג לייגט אַ סך האָפענונג אויף די יידישע פויערים, אַז זיי וועלן זייער ווירטשאַפט וואָס שנעלער אָנהייבן בויען אויף קאָלעקטיווע און קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אָט זע איך, אַז אינגאַנצן דריי יאָר זייט איר דאָ אויף דעם פּלאַץ — און וואָס פאַר אַ דאָרף איר האָט שוין! אַ שול אַ ליכטיקע ווערט שוין בּאַלד פאַרטיק. אַ באָד האָט איר שוין באַלד פאַרטיק. און איצטער הייבּן זיך אויף די צוויי ראַדיאָ־מאַסטן און איר וועט ווערן דירעקט פאַרבּונדן מיטן גאַנצן לאַנד; מיט מאָסקווע. מאָסקווע וועט צו אייך פון איצטער אָן און ווייטער ריידן דירעקט. זעט, וואָס פאַר אַ קולטורעלע דערגרייכונג איר פאַרמאָגט שוין. דעריבּער ווינטש איך אייער דאָרף, אַז אין גיכן זאָלט איר שוין האָבּן אייער אייגענעם יידישן דאָרפסראַט, וואָס יעמאָלט וועט אייער קולטור נאָך נאָרמאַלער קענען בּליען.

דער עולם האָט אַ צייט געשוויגן נאָך זיינע פּשוטע, אָבער זייער אמתדיקע רייד. דער עלטערער דור, וואָס האָט זיך תּחילת אַ ביסל געשפּירט געדריקט, ניט גאָר קלאָר באַגרייפנדיק, וואָס אַזאַ יום־טוב באַטייט — ער גלייכט אויס די פּלייצע און די אויגן פינקלען. כאָטש גאָר אַ יונגער בחור איז דער, וואָס האָט גערעדט, אָבער דאָס וואָס ער האָט געזאָגט — איז ניי און נאַטירלעך.

דער וואָס איז אַזוי גערודפט געוואָרן בּיי זיך אין שטעטל פאַר האַנדל — אים וואָלטן אַזוינע רייד שלעכט געקלונגען ווען ער הערט זיי בּיי זיך אין שטעטל, וואו מען האָט פון אונטער זיינע פיס אַרויס־געריסן דעם דורותדיקן באָדן און פון מויל — דעם ביסן בּרויט.

דאָ, בּיי זיך אין דאָרף, וואו ער האָט די ערשטע צייט אויפן גאַלן סטעפּ זיך געשפּירט ווי אַ פאַרשיקטער, וואו ער האָט אומבּאַוואוסטזיניק בּיז איצטער זיינע כּוחות אַוועקגעלייגט — מיט אַמאָל ווערט דער דאָזיקער ייד בּאַוואוסטזיניק צו זיין גאַנצער אַרבּעט. מיט אַמאָל קומט עס צו אים, ווי צום ערשטן מאָל אין לעבּן שטייט ער פאַר אַזאַ אמת; פאַר אַזאַ וואונדערלעכער ווירקלעכקייט — אַזש ער פאַרגינט זיך אַליין נישט די הנאה און ער דערמאָנט זיך פון זיין עלטער און ער הייבּט אָן צו ריידן פון זיינע קינדער.

דאָס איז מיר געקומען אויפן זינען, נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעהערט אַלערליי בּאַגריסונגען און דאָס וואָרט האָט געבּעטן אַן עלטערער פויער פון אייגענעם דאָרף. אַ גרויער ייד שוין; אַ בּיסל שוין פאַרדאָרפישט דאָס פּנים, כאָטש ער איז געווען אין אַ שוואַרצן גרויסשטעטישן סורדוט. ער איז דער אָפּטימיסט פון דאָרף. ער איז דער ליבּלינג פון דאָרף, וואָס קען אונטערהאַלטן די שווערע צייט אין שווערן געמיט מיט גלייכווערטלעך, מיט אינטעליגענטע פּסוקים. איצטער האָט ער אויך געבּעטן דאָס וואָרט. מען בּאַגעגנט אים מיט אַפּלאָדיסמענטן. מען וואַרט, וואָס ער וועט זאָגן. אוודאי וועט ער זאָגן עפּעס אַ גלייכוואָרט ווי עס פּאַסט פאַר אים — — —

צום סוף, הייבּט ער אָן גאָר ערנסט. ער רעדט פון דעם גרויסן בּנין, וואָס די ראַטנמאַכט האָט זיך אונטערגענומען בּויען. ער רעדט פון דעם גרויסן אידעאַל, וואָס שטעקט אין דער יידישער איבּערוואַנדערונג צו ערד־אַרבּעט. ער מאָלט די פּיאָנערישע ענערגיע, וואָס דער עולם האָט אַריינגעלייגט אין דעם דאָזיקן דאָרף אַריין. ער האָפט אויך גלייך מיט אַלעמען און מיט דער יוגנט, אַז יידן וועלן זיין בּכּוח צו בּאַווייזן, אַז כאָטש פון ערד־אַרבּעט זיינען זיי געווען אַזוי לאַנג אָפּגעריסן, פונדעסטוועגן, אַז מען האָט זיי שוין געגעבּן די געלעגנהייט — קען מען זיך אויף זיי פאַרלאָזן. און ער רעדט אויך אין שייכות מיט דער ראַדיאָ־סטאַנציע און ווי דאָס האָט מיט אַמאָל אַזוי אויפגעהויבּן דעם דאָזיקן דאָרף פון צווישן די אַלע אַרומיקע דערפער — — — — — — פונדעסטוועגן — הייבּט אָן וואָס

ווייטער אַליין מער צו ציטערן זיין שטימע און ער צעכליפּעט זיך און קען אַ ווײַלע ניט ריידן...

ער קומט צו זיך און רעדט פּלוצלונג אַראָפּ פון האַרצן וואָס אים דריקט:

— זאָגט מיר, חברים, וואָס וועט אָבער נאָך אַלעמען זיין דער תּכלית פון מיינע קינדער? אמת, מען עפנט דאָ אַן אָנפאַנג־שול, אָבער וואָס וועלן זיי זיך דאָ אויסלערנען? פאַסטעכער וועלן זיי ווערן; פאַרגרעבטע וועלן זיי ווערן; רייטערלעך וועלן זיי זיין; מיט די פערדלעך וועלן זיי זיך חברן... וואָס קען שוין זיין דער תּכלית פון מיר, ווען דאָס איז דער תּכלית פון מיינע קינדער? און איך וויל, חברים, איר זאָלט וויסן, אַז איך האָב נישט איין קינד. איך האָב פופצן קינדער און זע פאַר זיי קיין תּכלית נישט, ווי־באַלד זיי קענען נישט שטודירן.

עס איז געווען אי דראַמאַטיש, אי קאָמיש; דעריבער האָבן ווייבער געווישט די טרערן און אַ סך מענער האָבן זיך צעלאַכט.

דער שרייבער דאָברושין, וואָס איז אויך געווען אויף דעם דאָזיקן יום־טוב, האָט אים שאַרף אויסגעמוסרט און געגעבן אים אַ לעקציע, ווי אַ פויער באַדאַרף זיין און ווי אַזוי אַ טאַטע פון פופצן קינדער מעג זיך באַנוגענען מיט איין פּראָפעסאָר און איין אינזשינער און איינעם נאָך עפּעס און עס וועט נישט שאָדן, אַז אַ עטלעכע קינדער זיינע וועלן זיין געזונטע פויערים. די שטימונג איז אָבער געבליבן אַ צייט אַן אָנגעגריפענע צוליב דעם טאַטן, וואָס האָט פופצן קינדער און וואָס האָט זיך אויף אַזאַ שמחה צעוויינט.

אַ יונג מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, אַ שוואַרצחנעוודיקע, מיט אַ שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ, מיט שוואַרצע אויגן ווי שוואַרצע יאַגדעס, האָט גענומען דאָס וואָרט און באַגריסט אין נאָמען פון דער יוגנט אין איר דאָרף: אַ נייער, ניט גאָר נאָנטער דאָרף איז אירער, וואָס בויט זיך דעם ערשטן יאָר. זי אַליין האָט אָנגעפירט שטיינער אויף אַ שטוב און זי אַליין איז די גאַנצע פויערטע. נאָר אַז זי האָט גע־נומען דאָס וואָרט — און כאָטש עס ליגט איר נאָך אַליין די מילך אויף די ליפּן — ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז אויך פּלוצלונג אַריינגע־פאַלן אין אַן עלטער אַריין; זי האָט אויך אָנגעהויבן ריידן פון די שווע־

ריקייטן, וואָס מען באַגעגנט בּיים בּויען דאָס נייע לעבּן אויף אַזאַ אומבּאַקאַנט פעלד און האָט אויסגעדריקט איר האָפענונג:

— ווער ווייסט צי מיר וועלן נאָך דערלעבּן אַ נחת פון אונזער אַרבּעט, אָבּער מיר לייגן אַוועק די כּוחות פאַר אונזערע קינדער; פאַר דעם צוקונפטיקן דור.

אַלע האָבּן אָנגעקוקט דער דאָזיקער זיבּעצניאָריקער פויערטע, וואָס דאגהט שוין פאַר דעם צוקונפטיקן דור. און זי אַליין — — —

עס האָט זיך אָבּער די פּראָגראַם פאַרבּעסערט, ווען דאָס וואָרט האָט געגעבּן אַ וואָוילינגערישער אוקראַינער באָכערעץ, אַ קריסט, מיט שווערע הענט און פאַרבּרוינטן פּנים מיט רירעוודיקע בּלויע אויגן. ער איז דער שטיינשניידער; אינאיינעם מיט אַ קאָלעקטיוו זעגט ער דעם קאַלכשטיין אין דער געגנט, פון וואַנען דער אַגראָדזשאָינט באַקומט שטיינער פאַר די הייזער וואָס מען בּויט. ער האָט געגעבּן דאָס וואָרט אין נאָמען פון זיין קאָלעקטיוו, שטיינהאַקער. ער האָט גערעדט אין נאָמען פון „די הענט“, וואָס זעגן דעם פעלז. גערעדט האָט ער האַלבּ-אוקראַיניש און האַלבּ רוסיש און נאָך אַ יעדע צוויי ווערטער האָט ער אַריינגעוואָרפן דאָס וואָרט „זנאַטשיט“, לאָמיר עס פאַרטייטשן אויף יידיש „הייסט עס“. הייסט עס, האָט ער אומגעפער אַזוי געזאָגט:

— איך, הייסט עס, קריג זיך זייער אָפּט מיט מיינע חבֿרים און גלאַט אַזוי נישט-פאַרגינערס, הייסט עס. זיי זאָגן הייסט עס, אַז די ראַטנמאַכט איז אַ יידישע מאַכט און דעריבּער, הייסט עס, זאָגן זיי, גיט מען אַוועק די בּעסטע ערד יידן. מען נעמט, הייסט עס, צו בּיי ניט-יידן און מען גיט, הייסט עס, אַוועק די יידן. און איך קריג זיך דעריבּער מיט זיי, הייסט עס. איך זאָג מיינס: די ראַטנמאַכט איז ניט קיין יידישע מאַכט. נאָר די יידן בּאַדאַרף מען געבּן ערד, הייסט עס. זיי קומט ערד, הייסט עס. וויל יידן זיינען אַ קולטורנער עולם ווי אונזערע — דעריבּער, הייסט עס, האָבּן זיי אַן אַגראָדזשאָינט, הייסט עס... און דעריבּער האָבּן זיי שוין אַ דאָרף, הייסט עס. און דעריבּער האָבּן זיי שוין אַ ראַדיאָ, הייסט עס. און דעריבּער האָבּן זיי שוין אַ שול און אַ בּאָד, הייסט עס... חבֿרים, הייסט עס, איך קען גוט אַלע דערפער אַרום. וואָס פאַר אַ ניט-יידישער דאָרף, הייסט עס,

האָט שוין אַ באָד, הייסט עס? קיין שום דאַרף האָט ניט. הייסט עס, נאָר דער יידישער דאַרף האָט אַ באָד. הייסטעס, ווייל דער יידישער נאַראָד און אַ קולטורנער נאַראָד, הייסט עס. און ווייל איך בין אויך אַ קולטורנער מענטש, וועל איך אָפּט קומען אַהער אין באָד אַריין... הייסט עס, אַז דער יידישער דאַרף שפּרייט קולטור... און אפשר וועל איך מיין קינד שיקן אַהער אין שול אַריין, הייסט עס. דעריבער אין נאָמען פון מיינע חברים, וואָס העלפן מיר זעגן די שטיינער, הייסט עס, ווינטש איך, אַז אייער דאַרף זאָל באַשיינען קרים, הייסט עס...

---

אַרום און אַרום זיינען געווען מאָמענטן, וואָס האָבן גערירט ביז טרערן. דער סטעפּ איז געווען שווייגעוודיק. ער האָט געלאָזן דעם ווינט ער זאָל שפּילן אויף די דראָטן פון דער נייער ראַדיאָ־אַנטענע. עס זיינען געווען מאָמענטן פון דערהויבונג און מאָמענטן, ווען די מידקייט האָט גובר געווען. די מידקייט איז ניט אַ אויצטיקע, ניט אַ מאָמענטאַלע, וואָס איז געקומען נאָך אַ שווערן זומער, אָדער נאָך אַ שווערער אָנגעשטרענגטער שניט־צייט. עס האָט מיט דעם דאָזיקן זומער גאָר ניט געהאַט צו טאָן. די געפילן זיינען פאַרשיידנאַרטיק און געמישט; ווי געמישט עס איז געווען די קליידונג; ווי עס האָבן זיך געמישט די שטאָטישע שבתדיקע בגדים, וואָס דער עלטערער דור האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן, מיט די שוין פאַרפויערישטע און פאַרפּרימיטיווטע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס זיינען שוין בולט געווען אין אַ סך פּנימער.

עס האָט מיך גערירט דער פּשוטער יום־טוב. איך בין איבערצייגט, אַז דער פולער באַוואוסטזיין וועט נאָך ערשט קומען צו די יידישע איבערוואַנדערער, אַלט און יונג, צו באַגרייפן אויף וואָס פאַר אַ וועג זיי האָבן אַרויסגעפירט זיך און די ווייטערדיקע דורות. דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין האָט מען אין געוויסע מאָמענטן געקענט אויפכאַפּן ביים עולם, בשעת דער רעדנער האָט אָנגערירט דווקא אַלגעמיינע פּעדים, וואָס פאַרבינדן דעם איבערוואַנדערער — דעם פאַרוואָרפענעם אין קרימער סטעפּ — מיט דער ברייטער נעץ קליינע און גרויסע ראַטן, וואָס שטעלן צונויף די ראַטנמאַכט, די מאַכט וואָס

האַלט זיך אויפן אַרבעטער און פּויער. דאָס איז די נייע מדרגה, צו וועלכער עס שטייגט דער יידישער אַרבעטער און פּויער.

און דעריבּער, אַז מען האָט מיך געבּעטן איך זאָל צוקלערן אַ פּאַסיקן נאָמען פאַרן דאָרף — האָב איך דעם דאָרף אַ נאָמען געגעבּן: א ו י פ ג אַ נ ג.

און אַזוי איז איבּערגעגאַנגען דער שיינער דאָרף, נומער 71 מערב — צום נאָמען א ו י פ ג אַ נ ג.

---

דער דאָרף האָט זיך „צונויפגעלייגט“. איעדער באַלעבּאָס האָט געגעבּן צו פופצן פונט געלט. פאַר דעם געלט האָט מען איינגעאָרדנט אַ פאַרבּייסן: אַ פּענעץ בּרויט, אַ געקאָכטע איי און אַ גלאָז טיי. עס האָט אָנגעהויבּן שטאַרק רעגענען און דער עולם האָט זיך ענג צונויפגענומען אין דער שטוב, וואו מען האָט איינגעאָרדנט דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט. דער עולם האָט נייגעריק געוואַרט, אַז מאָסקווע זאָל דורך ראַדיאָ באַגריסן. די אַטמאָספערע דרויסן האָט געשטערט.

---

# קאַרטאָפליעס

(מאָנאָלאָג)

— איר זייט דאָך, דאַכט זיך, דער חבר יידישער שרייבער פון נעוו-יאָרק. זייט-זשע מוחל, שלום-עליכם... נעמט ניט פאַר אומגוט, וואָס די האַנט איז ביי מיר אין בלאָטע. דאָס זייט איר איצטער אין מיין גאָרטן... אַ נאַרישקייט האָב איך זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין און וויל דווקא באַווייזן, אַז אין קרים קענען וואַקסן קאַרטאָפליעס. און איר זעט? בעבעלעך, אַרבעסלעך קומען אַרויס, כע-כע-כע-כע. איר מיינט טאַקע, דאָס זיינען אַרבעסלעך — דאָס האָב איך פון אונטער די קאָרטשעס אַרויסגעגראַבלט אַזעלכע קאַר-טאָפּעלעך. שוין דעם צווייטן זומער אַזעלכעס. אַריינגעלייגט אין דער ערד זיבעצן פוד קאַרטאָפליעס, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון ווייס-רוסלאַנד, און איצטער האָט מיר די קרימער ערד אָפּגעצאָלט מיט אַרבעסלעך.

איר פאַרשטייט, דער אַגראָנאָם האָט פון מיר געמאַכט חוזק.

— קרימער ערד — זאָגט ער — וועט אייך געראָטן פון פייגלמילך, אַחוץ קאַרטאָפּלעס. קאַרטאָפּל האָט זי פיינט צו גע-בערן.

טראַכט איך מיר: ביסט טאַקע אַן אַגראָנאָם, האָסט טאַקע געלערנט חכמת-אַגראָנאָמיע — נאָר וויבאַלד נאָך דיין סברא קומט אויס, אַז פון קרימער ערד קען מען אַרויסקריגן אַפילו פייגלמילך — טאָ הלמאַי זאָלן קאַרטאָפּליעס אין איר פאַרפאַלן ווערן?...

איך בין ניט, ווי די דאָזיקע, וואָס קלאָגן זיך אויף קרים און זאָגן, אַז מער ווי ווייץ קען קרימער סטעפּ ניט אַרויסגעבן. איך האָב אמונה אין קרימער סטעפּ. וואָרעם עס וואָלט דאָך טאַקע, ווי זאָגט מען, אויסגעקומען די צונג אַרויסצושטעקן, ווען מען זאָל

באַדאַרפן אַליין נעמען פון דעם ווייצעלע, מישטיינסגעזאָגט. אַ ווייַן איז מער ניט, ווי אַ ווייך. קיין וועלט קען מען מיט אַ ווייַן ניט איבערקערן. מען האָט געשמועסט, אַז קרים איז באַשאָטן מיט וויינטרויבן. שוין פון יינגלווייז אָן געדענק איך, אַז מען האָט צו אונז אין שטעטל געבראַכט ערב ראש=השנה וויינטרויבן אויף שהחינו, פלעגט מען שמועסן, אַז דאָס קומט פון קרים. פאַרשטייט איר דאָך, אַז ווען מען האָט בײַ אונז געשמועסט, אַז מען גיט יידן קרים, זיינען געקומען אויף דער מחשבה וויינטרויבן. זיך דערמאָנט די הענגלען וויינטרויבן פון חומש, וואָס די מרגלים האָבן געבראַכט.

נאָר ווידער די אייגענע מעשה: וויינטרויבן האָט מען בײַ אונז אָנגעזען נאָר ערב=ראש=השנה. די גבירים אין די שטעט האָבן, אַחוץ שהחינו, אויך אַמאָל פאַרזוכט וויינטרויבן. פאַר אַ ווייסרוסישן יידן, פון אַ קליין שטעטל דערצו, איז דער עיקר'שט די קאַרטאָפליע געלעגן אין קאָפּ. וואָרעם מיט וואָס וואָלט באמת אַ ווייסרוסישער אויסגעקומען אָן קאַרטאָפלעס? איך בין אַליין ניט אינגאַנצן פון ווייסרוסלאַנד; איך בין דווקא פון דער ליטע — נאָר דאָרטן איז אויך געווען די אייגענע מעשה. דעריבער, אַז מען האָט געשמועסט פון קרים און די ווינטיקע קעפּ האָבן זיך צעטאַנצט:

— קרים! וויינטרויבן! ששון=ושמחה...

האָב איך מיר גאַנץ מיושבדיק דעם ענין צעקייט און געזאָגט:

— ברידער, איך בין אַייך מוחל די וויינטרויבן. מיין עלטער=זיידע האָט ניט געפלאַנצט קיין וויינטרויבן, מיין זיידע אויך ניט. נאָר זיי אַלע און מיין טאַטע האָבן געוואוסט פון קאַרטאָפלעס. און איך בכבודי ובעצמי, איך בין שוין אַ ייד קרוב פון חמישים, נאָר יאָר=איין יאָר=אויס האָט מען געדונגען צוויי זאַגענעס בײַ אַ באַקאַנטן בעל=הגוף בײַ אונז אין שטעטל און מען האָט געזעצט קאַרטאָפלעס. געווען די לאַנגע, די אַמעריקאַנקעס. מען שמועסט, אַז זיי שטאַמען טאַקע פון אַמעריקע. געראָטן קיילעכדיקע, געלבלעכע קאַרטאָפלעס. און אַז אַ קאַרטאָפל איז געווען אין שטוב, איז שוין קיין סכנה נישט געווען. איז געווען צום קאַרטאָפל — איז מה=טוב. אלאָ נישט —

נו, האָט מען אויך שוין די ציינער נישט געלייגט אויף דער פּאָליצע.

— איך זאָג מיר מיינס:

אָן קאַרטאָפל וואָלט די וועלט נישט אויסגעקומען. מען זאָגט דאָך, אַז פאַראַן אַזעטיקע מדינות, וואו מען עסט קאַרטאָפלעס און נאָר קאַרטאָפלעס, מער גאָרנישט. מסתמא, עסט מען דאָך אַ סך קאַרטאָפלעס אין אַמעריקע אויך, אויב די אַמעריקאַנקעס קומען אַרויס פון אַמעריקע. אַמעריקע ווייסט טאַקע, וואָס גוט איז. עפּעס אַ קלייניקייט, געראָטענע אַמעריקאַנקעס, אַז מען טרעפט צו דעם יאָר און מען טרעפט טאַקע דאָס פּאַסיקל ערד. מען באַמיסטיקט עס, ווי עס באַדאַרף צו זיין; מען זעצט מיט אַ טאָלק. מע שאַרט אַרום אין צייט. און ווען טאַקע דער רעגן שפּילט צו אין צייט — איז דען דעמאָלט פאַראַן אַ גרעסערער פאַרגעניגן, ווי אַרויסצורייסן אַ קאָרטש און איבקערן פון אונטער אים אַ פּופּצן אַמעריקאַנקעס איינע אין איינע? — — —

איך זיץ און טראַכט און זאָג מיר מיינס, אַז דאָ אין קרייט פעלט צו דער קאַרטאָפלע נאָך דאָס שטיקל האָלץ אויך. ביידע פעלן, ווי איך וועל עס אייך צעקייען. וואָרעם, אַז איך בין דאָ געקומען אַליין פאַראַיאָרן — איז מען אויסגעריסן געוואָרן. נישט געווען וואָס צו עסן. איך האָב מיר געטאָן מיינס. נאָך באַלד פון וועסנע האָב איך געבעטן דעם אַגראָנאָם, ער זאָל מיר אָנווייזן אַ פּאַסיקל ערד, וואו איך זאָל מיר קענען מיינע קאַרטאָפלעס פאַרזעצן. ער האָט געלאַכט פון מיר. נאָר איך האָב פאַרזעצט און געוואַרט. סקאָראָספּעלקעס האָב איך פאַרזעצט. איר ווייסט דאָך מן-הסתם, וואָס דאָס זיינען פאַר אַזעטיקע? דאָס זיינען קאַרטאָפלעס, וואָס געראָטן פריער פון אַלע אַנדערע קאַרטאָפלעס. האָב זיי בכיוון אַהער מיטגענומען; געטראַכט:

— איידער וואָס-ווען — זאָל אַ קאַרטאָפלע זיין.

און געטראַכט:

— קיין שטוב נישטאָ. מען וועט זיך באַדאַרפן וואַלגערן אין סטעפּ; לייגט מען אָן אַ פייער אין טאַקע מיט חברים, מיט גוטע ברידער און מען בראָט קאַרטאָפלעס. מען זיצט אַ נאַכט און מען

שמועסט. מען גיט אַכטונג אויף די אָקסן, זיי זאָלן זיך נישט צעקריכן. עפּעס אַ קלייניקייט, אַזעטיקע נעכט! און ווען צו זיי וואָלט נאָך געווען אַ הייסער געבּראָטענער קאַרטאָפל און טאַקע אַ שיין פּייערל. גוטע בּרידער אַרום... קרימער נעכט! איר וואוינט דאָך אין קרים דעם זומער, ווייסט איר דאָך — נו, איז נישטאָ קיין שטיקל האָלץ אויף אַ רפואה און נישטאָ קיין קאַרטאָפליעס.

איר פאַרשטייט, איך טראַכט: עס איז דאָך אפשר אַן עוולה צו ריידן אַזוי פאַר אַ גאַסט. איר קענט מיינען, אַז איך רייד דאָ פאַר אַייך, ווי אַ שטיק זולל-וסובא, וואָס נאָר די אַכילה ליגט אים אין זינען... ניין, חבר. קאַרטאָפליעס זיינען אַ תוך-זאַך. איך וואָלט זאָגן, אַז אַ קאַרטאָפעלע איז מער עיקר ווי ווייץ, וואָרעם, אַז איך וואָלט מיר פאַרגרייט אַ פּאָר גריבּער מיט קאַרטאָפליעס אויפן ווינ-טער — וואָלט איך איצטער שוין נישט געדאַגהט. אַ קאַרטאָפליע איז אַ קאַרטאָפליע. קאָכט מען זי מיט די שאָלעכצער און עס מאַכט זיך אַ שטיקל הערינג. דערצו, איז מה-טוב. אַניט טונקט מען די קאַרטאָפליע אין אייל — קען מען זיך אויך ניט סמען. און אַז ס'איז פאַראַן צייט אָפּצושיילן די לופּענע און מען קאָכט טאַקע אָפּ אַ טאָפּ קאַרטאָפל; מען זייט אים אָפּ; מען שיט אין שיסל: מען שטעלט אַוועק אויפן טיש און די פּאַרע שלאָגט... ווער זאָגט נאָך, אַז מען קען זי איבּערבּראָקן מיט אַ ציבּעלע. און ווער זאָגט נאָך, אַז מען קען אַריינוואַרפן אין טאָפּ אַ שטיקל פּוטער — איך וויל שוין ניט ריידן, אַז מען קען שוין דערווייזן צו דער קאַרטאָפליע אַ גלאָז זייער-מילך....

דער ווייץ קען עס נישט בּאַווייזן. און איך מוז אַייך זאָגן, אַז איר וועט מיך פרעגן, צי איך האָבּ גאָר אַזוי ליבּ אַ ווייצן שטיקל בּרויט — וועל איך אַייך זאָגן, אַז דאָס דווקא נישט. אַ קאָרן, שוואַרץ שטיקל בּרויט איז טאַקע געשמאַקער. מיט אַ געשיילטער קאַרטאָפליע איז נאָר אַ קאָרענע שטיקל בּרויט גוט. ווייצענע בּרויט, ווי מען עסט אים דאָ, אַזוי ראָזאָווקע, מיט די קלייען — איז פּשוט מען נעמט און מען קוילעט אַוועק ווייץ. בּיי אונז ווייצענע מעל — איז געווען געבּייטלטע. שבּתדיקע מעל. און דאָ איז דער ווייץ אי שבּת, אי אינדערוואָכן: דאָס אַליין טויג שוין אויף צען שאָק כּפּרות.

נאָר איך רייד איצטער שוין ניט פון דעם. אין גרונט גענומען,
האָב איך צו ווייט גאָרנישט. זאָל נאָר ווייט געראָטן, נאָר אָן קאַר=
טאָפּליעס וועט דאָס לעבן איז קרים זיין געמיין. דאָס טענה איך
און דאָס טענהט מיין ווייב. און דאָס טענהן מיינע קינדער.

און איצטער, אַז איך האָב זיך שוין צערעדט פון ווייב און
קינד, איז מיר שוין גאָר אַ ווייטאָג צו דערציילן, וואָס איך האָב
פון זיי, זינט איך האָב זיי אַראָפּגעבראַכט אַהער. און ווען קאַר=
טאָפּליעס וואָלטן געראָטן, וואָלט ביי מיר געווען אין שטוב שלום=
ישלווה.

אָט וועל איך עס אייך באַלד צעקייען:

איר ווייסט דאָך, ווי סע גייט תחילת צו מיט די איבערוואַנדערער.
נישט אַלע באַרנעמען מיט זיך ווייב און קינד. וואָרעם נאָכמאָל
זאָל מען עס טאָן? אַז מען ווייסט דאָך נישט, וואוהין מען פאָרט
און וואָס מען וועט געפינען. קיין גליקן וואָרטן אַוודאי ניט. אַ
נאַקעטער בטעפּ, מישטיינסגעזאָגט. דערנאָכדעם, אַז אונזער כאַדאַק האָט
זיך אומגעקערט פון קרים און האָט אָפּגעמאָלן, וואָס אַזעטיקעס
קרים איז — ער האָט אָפּגעמאָלן, אַז קרים איז אָדם=נאַקעט, אַלץ ווי
משׂשת=ימי=בראשית. נאָר געזאָגט האָט ער, אַז דאָס לאַנד איז
חשוב און אַז העלפן העלפט מען. און אַז פאָרן זאָל מען אַליין, אָן
ווייב און קינד. תחילת נאָר זאָל מען אויסבויען אַ שטיקל דאַך
איבערן קאָפּ. נו, איז מיר דעמאָלט גאָרנישט איינגעפאַלן צו פרעגן
אים, צי ער האָט, ווי געהעריק איז, אַרומגעקוקט קרים און אויס=
געפרעגט, וואָס דאַרטן וואַקסט. ער האָט אַ סך גערעדט פון ווייץ.
ממש פון ווייצענע גליקן האָט ער דערציילט. מיר איז דעמאָלט גאָרנישט
איינגעפאַלן אים אָנצוזאָגן, אַז זייענדיק אין קרים, זאָל ער דער
עיקר אויסגעפינען, צי דאָרטן, אין קרים מיין איך, צי דאָרטן וואַקסן
קאַרטאָפּלעס. און דער עיקר — וואָס פאַר אַ סאָרט סע וואַקסן
דאָרטן. ער אַליין האָט אויף דעם קיין שׂכל ניט געהאַט. געגליבן,
ווי דער שׂכל איז מחייב, אַז איך זאָל אַליין פאָרן.

יאָ, איך האָב אייך פאַרגעסן צו דערציילן, אַז פון דער היים
בין איך אַ שוסטער. עס רעדט זיך אַזוי אַ שוסטער. וואָלט איך
טאַקע געווען אַ שוסטער כדבעי, מעלד איך אייך, אַז איך וואָלט שוין

אין שטעטל געפונען וואָס צו טאָן. קיין בחור איז מען ניט געווען, אַ לאַפּוטניק. האָט זיך געוואָלט אויפהייבן פון שוסטערשן בענקל. דאָס איז געווען מיין ווייבס געדאַנק אויך דערביי. די קינדער מיינע, צוויי מידלעך און צוויי יינגלעך, קיין עין־הרע, דערוואַקסענע קינדער, צו זיי האָב איך שוין נישט צוגעלייגט אינערגעץ, און אַן זיי וואָלט איך איצטער דאָ קיין שום ווערט ניט געהאַט.

יאָ, האָב איך אייך אָנגעהויבן צו דערציילן, אַז תחילת, פאַראַיאָרן הייסט עס, בין איך געפאָרן אַליין אַהער. דאָס איז נישט געווען מיין שכל, נאָר זי, די ווייב מיינע, זאָגט צו מיר:

— וואָלסט מיטגענומען אַ טשלעכע זעקלעך קאַרטאָפליעס אַהין, פאַרסט דאָך פונקט אין צייט. ווערסט פאַרזעצן. און איידער וואָס, איידער ווען, איידער ווייך וועט זיין — ווערסטו האָבן קאַרטאָפליעס. אָדער די ווערסט זיי דאָרט פאַרקויפן. אלא עס וועט נישט לוינען — ווערסטו אַהער אַריבערברענגען אויפן ווינטער אַ פּאָר הונדערט פוד קאַרטאָפליעס. די ווייך זאָלסטו פאַרקויפן דאָרטן און די קאַרטאָפליעס ברענג אַהער. וועט זיין אויפן ווינטער.

זאָג איך צו איר:

— דאָס איז, מיין ווייב, אַ חכמה גדולה, נאָר איך קלער אַן אַנדער זאַך: די קאַרטאָפליעס, זאָלן זיי נאָר געראָטן, וועל איך באַגראָבן אין גריבער און איבערלאָזן אין קרים. און אי"הש צו דער אַנדערער וועסנע צו, אַז מען וועט זיך שוין צונויפנעמען בכול־מכול־כּול, אַלע אינאיינעם און מע וועט דאָס אַראָפּקומען קיין קרים מיט ווייב, מיט קינדער — וועט מען אַוועקגיין צו מיר אויפן פעלד און דערקענען דעם צייכן, וואו די גריבער קאַרטאָפליעס זיינען און זאָל מען טאַקע אויסגראָבן. זאָלן טאַקע די זין אַליין גראָבן. די טעכטער און די מאַמע וועלן שיטן אין זעקלעך....

אַזוי זאָג איך צו איר. און זי האָט מסכּים געווען. וואָרעם טאַקע, וואָס האָט עס פאַר אַ זינען, פאָרן אַזש קיין קרים, דאָרטן פאַרזעצן אַ גאָרטן קאַרטאָפליעס און די גערעטעניש שלעפּן אַזש קיין ווייסרוסלאַנד?... אַ קאַרטאָפליע באַקומט מען שוין אין ווייסרוסלאַנד אויך. קיין ביסל ווייץ טאַקע נישט. הבדלה מאַכט מען טאַקע אויף אַ גלעזל מילך. אָבער אַ טעפּל קאַרטאָפליעס, וואָס די

פּאַרע זאָל אַ שלאָג טאָן אַזש ביז אין די זיבעטע הימלען, דאָס ב"ה ווייסט מען נאָר אין ווייסרוסלאַנד.

נו, מאָלט אײַך איצטער אויס, חבר יידישער שרייבער, אַז איך בין אַוועק קיין קרים און מיט זיך מיטגעפירט פינף זעק קאַרטאָפליעס. צו פינף פוד אין יעדן זאַק. געקליבן איינע אין איינע. די ווייב און די קינדער אַ גאַנצן שבת־צונאַכט געקליבן, אַז סע זאָל זיך נישט אַרײַנכאַפּן קיין פאַרפוילטע, נישט קיין אויסגעוואַקסענע. סאַמאָראָדנע אַמעריקאַנקעס. איך האָב זיי בשלום געבראַכט קיין קרים.

אַז איך האָב באַוויזן די קאַרטאָפל אַ פּאָר מענטשן, האָבן זיי צו מיר געמאַכט:

— משוגענער, וואָס גייסטו טאָן? ווער‎סטו אַזאַ גוטס אַרײַנלייגן אין דער ערד אַרײַן? שוטה, נעם און פאַרקויף די פינף זעקלעך קאַרטאָפליעס, וועסטו האָבן אויף דער הוצאה. דאָ אין קרים איז קאַרטאָפליעס מיט רענדלעך צוגלייך.

מאַך איך צו זיי:

איר מיינט, חברים, אַז איר האָט געכאַפּט אַ יאָלד און ווילט אים אָפּפּריצעווען? קרים איז קרים — זאָג איך — דאָרטן וואו סע וואַקסן ווײַנטרויבן און קאַווענעס, דאָרטן וועלן וואַקסן קאַרטאָפליעס אויך. דאָ זיינען מענטשן צעלאָזן — זאָג איך צו זיי — דאָ באַדאַרפן זיי נישט קיין קאַרטאָפליעס. יידן — זאָג איך — וועלן פון קרים ערשט מאַכן קרים — זאָג איך — און לאַך זיך אויס פון זיי.

לאַכן זיי זיך אויס פון מיר און מאַכן:

— קרים איז טאַקע קרים. אין קרים וואַקסן טאַקע ווײַנטרויבן און קאַווענעס. נאָר דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן אין דער גוישער קרים. דאָרטן וואו ניקאָלאַי האָט געהאַט אַ דאַטשע. די יידישע קרים איז אַזאַ, וואָס נישט נאָר קיין קאַרטאָפליעס וואַקסן נישט — קיין ווײַנטרויבן און קאַווענעס וואַקסן אויך נישט.

דאָס איז געווען אין יעווּפּאַטאָריע, אין געזוערד־הויז. געזעסן דאָרט איינער אַ ליק צווישן זיי. נעמט ער און טוט אַ לאָז אָפּ דעם פּאַסיק פון די הויזן און, איך בעט אײַך איבער אייער כבוד, די תחתונים זיינען אים אַראָפּגעפאַלן.

פרעג איך:

— וואָס איז דאָס? איר מאַכט חוזק פון אַ יידן?

— מאַכט ער:

— איך לאַך מיט יאַשטשערקעס... אָט דאָס האָב איך פון קרים. אין איין חודש בין איך דאָ אויסגעדאַרט געוואָרן. אויף זעקס לעכלעך איבערגעשפּילעט די שפּראָנטשקע. דעם גאַנצן בויך אָנגעוואָרן. און דאַכט מיר, אַז איך בין שוין אָן אַ מאָגן אויך... דעריבער פאָר איך טאַקע צוריק אַהיים. און אַייך ראַט איך — פאַרקויפט די קאַרטאָפליעס און השיבנו נאַזאַד!

פאַרשטייט איר דאָך, ווי מיר איז געוואָרן אויפן האַרצן. דאָס איז נאָך געווען אין יעווּפּאַטאָריע, אין איבערוואַנדערער־הויז. קרים גופא האָב איך טאַקע נאָך נישט געזען. געווען צווישן פורים און פּסח. פון ים האָט געבלאָזן אַזאַ לינד ווינטעלע, אָבער אויף דער נשמה איז געוואָרן פאַסקודנע. איך מוז אַייך זאָגן, חבר, אַז איך האָב יענע נאַכט מיט אַן אויג נישט צוגעמאַכט. אַגב, האָט מען דאָרט נישט געקענט שלאָפן צוליב אַן אַנדער זאַך. נישט צו פאַרזינדיקן. יידעלעך האָבן זיך דאָרטן אין איבערוואַנדערער־הויז פאַרוואָס צו קראַצן. נאָר איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט:

— ניין, פּייוול, עס מעג זיך זיין, וואָס עס וויל. זאָל ער זיך פאָרן געזונטערהייט צו זיך אין שטעטל און דו גיי זוכן אַן אָרט, וואו צו פאַרזעצן די קאַרטאָפליעס.

איך מוז מיר מודה זיין, אַז די עלטסטע אין געזערד, די אַגראָנאָמען האָבן אויך געמאַכט חוזק פון מיר און געזאָגט:

— חבר, לאָזט זיך דינען. דאָ, אין קרים, וועלן מיר אַייך זאָגן, וואָס צו זייען. אויף דעם זיינען מיר אַגראָנאָמען. אויף דעם זיינען מיר געזערד־מענטשן.

דאָס יאָ. זיי האָבן מיר נישט געהייסן פאַרקויפן די פינף זעקלעך קאַרטאָפליעס, ווי יענער ליץ, וואָס האָט פאַר אַלעמען אין די אויגן אַראָפּגעלאָזן די הויזן... פע, יענער מענטש איז מיר גלאַט נישט געפעלן געווען. אַזעטיקע מענטשן באַדאַרף מען גאָר קיין קרים נישט אַריינלאָזן. נאָר זיי, די געזערד־עלטסטע, האָבן געזאָגט:

— די קאַרטאָפּליעס, חבר, נעמט מיט צו נאַייך אויפן ערד-חלק, זיי וועלן אייך צוניץ קומען די ערשטע צייט.

נו, דאָס איז עפּעס אַנדערש. פונדעסטוועגן האָב איך זיי נישט געפאָלגט. ווי נאָר איך בין געקומען אויף מיין ערד-חלק, האָב איך געבעטן דעם אַגראָנאָם, ער זאָל מיר באַווייזן אַ פּאַסיק ערד. דער האָט עס טאַקע געטאָן. ער האָט אויסגעקליבן אַ חשוב שטיקל ערד. אַ צעאַקערטס. אמת, ער האָט געזאָגט:

— איך ראָט אייך, חבר, אַז איר זאָלט פאַרזעצן נאָר צוויי זעקלעך קאַרטאָפליעס און דריי לאָזט איבער פאַר זיך.

— ניין, — האָב איך געזאָגט — איך וועל באַווייזן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אין קרים קענען וואַקסן קאַרטאָפּליעס אויך. מה-דאָך — זאָג איך — אין זאַמד וואַקסן זיי, אַ פּשיטא שוין אין אַזאַ פעטער ערד.

און איך האָב גענומען מיט מיינע אייגענע הענט און אַריינגע-שמעקט אין דער ערד אַריין איינע ביי איינע אַלע פינף זעקלעך קאַרטאָפּליעס. און וואָס מיינט איר, זיי זיינען נישט אַרויס פון דער ערד? אַרויס! נאָך ווי אַרויס. אַרויס ווי עס באַדאַרף צו זיין.

איך האָב געשריבן מיין ווייב:

— זיי וויסן, אַז איך בין אין קרים. מיין ערד האָב איך געפונען שוין צעאַקערט און פאַרזייט, מיט ווייץ און מיט גערשטן און מיט האָבער; מיט אַלדאָסגוטס. און דער געזערד איז געווען אַזוי גוט צו מיר, אַז ער האָט מיר נאָך געגעבן אַ שטיק צעאַקערטע ערד פאַר די קאַרטאָפּליעס. דאָ גייט עס נישט, ווי ביי אונז, אין זאַגענעס און בראָזנעס — נאָר איין גלייכע שטיק ערד. פיין צעאַקערט און פיין פאַרבראָנעוועט. מיט מיינע הענט האָב איך פאַרזעצט די קאַר-טאָפּליעס. אין אַ וואָך אַרום הייב איך אָן צו סטראָיען אַ שטוב מיט אַ שטאַל פאַר אונז אַלעמען.

נו, ווי ווייט איך האָב געקענט, האָב איך באַשריבן, וואָס פאַר אַ מדינה קרים איז. איך האָב איר דערמאָנט, אַז דאָס איז די אייגענע קרים, וואו ניקאָלאַי האָט געהאַט זיין דאַטשע. איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך האָב באַדאַרפט האָבן אויף כפּרות ניקאָלאַיס דאַטשעס. איך בין נאָך ביז איצטער אַהין נישט געפאָרן, כאָטש מען זאָגט,

אַז סע איז ערגעץ ביים ים, גאָרנישט ווייט פֿונדאַנען. איבערוואַנדערער האָבן זיך באַקלאָגט, אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט. און איך באַדאַרף אויף כּפּרות ניקאָלאַיס דאַטשעס. אַבי איך האָב מיר אַן אייגן גאָרטן און אַ פֿעלד דערצו אויך. און אַ שטוב וועל איך מיר אויסבויען און ווייב און קינדער וועל איך אַהערברענגען.

וואָס זאָל איך אייך דערציילן, חבר, די קאַרטאָפֿליעס זיינען שוין אויפֿגעגאַנגען, מען קען זאָגן — פֿיין אויפֿגעגאַנגען. און איך האָב שוין אויסגערעכנט, וויפֿיל דער גאָרטן וועט מיר אַריינטראָגן. אויסער וואָס איך וועל פֿאַרקויפֿן, וועל איך נאָך אָנשיטן אַ עטלעכע גריבער קאַרטאָפֿליעס, זאָלן זיי וואַרטן, ביז מען וועט בשלום אַראָפּקומען פֿון ווייסרוסלאַנד. טאַקע בכּול-מכּול-כּול. און איך וועל טאַקע אַ הונדערט פּודלעך קאַרטאָפֿל איבערלאָזן אויף צו פֿאַרזעצן אויף איבעראַיאָר.

— ווייל דאָס איז אַ בילבול אויף קרים — האָב איך געזאָגט — און איך גיי באַווייזן, אַז קרים איז פּאָרט קרים. אַז אין קרים, וואו סע וואַקסן ווייַנטרויבן מיט קאַווענעס, וואַקסן קאַרטאָפֿליעס אויך.

איר פֿאַרשטייט, די מעשה, וואָס איך דערצייל אייך, איז געווען פֿאַראַיאָרן. אָט, זעט איר די דאָזיקע ניסעלעך; וואָס זאָג איך ניסעלעך — אַרבעסלעך!... פּונקט אַזעטיקע האָב איך געפֿינען אין דער ערד פֿאַראַיאָרן אויך. מיט מיינע אייגענע הענט באַגראָבן אין דער ערד פֿינף זעק קאַרטאָפֿליעס, צו פֿינף פּוד איעדער זאַק און באַקומען בחזרה, אָט דאָס, וואָס איר זעט... איבערוואַנדערער האָבן געמאַכט פֿון מיר חוזק:

— שלאָג זיך אַרויס פֿון קאָפּ דיינע קאַרטאָפֿליעס. זאָל נאָר ווייץ געראָטן, וועט אַלצדינג זיין.

ענטפֿער איך:

— אַלץ אמת, אָבער אויף אָט-דעם ווייצעלע טאָר מען זיך אויך נישט אָנלייגן; קאַרטאָפֿליעס — זאָג איך — איז אַ תּוך-זאַך. אַ ווייסרוסישער ייד ווייסט, וואָס פֿאַר אַ תּוך דאָס איז — אַזוי האָב איך צו זיי געזאָגט. ווייל מיר איז געווען גאָר פֿאַסקודנע אויפֿן האַרצן. איך האָב געוואוסט, אַז ווען איך קום אַהיים און דערצייל מיין ווייב, אַז קרים איז טאַקי קרים, אַז ניקאָלאַי האָט טאַקע אין

קרים געהאַט זיין דאַטשע און אַז ווײַנטרויבן מיט קאַווענעס, וואָס מען פֿלעגט אַמאָל ברענגען צו אונז אין שטעטל אַריין אויף שהחינו, איז טאַקע פֿון דער אייגענער קרים — בקיצור, ווען איך דערצייל דאָס איר אַליין, נאָר איך דערצייל איר אויך בשעת־מעשה, וואָס פֿאַר אַ סוף ס׳איז אויסגעגאַנגען צו די פֿינף זעקלעך קאַרטאָפֿליעס, וואָס איך האָב מיטגענומען — איר ווייסט, חבר? זי וואָלט זיך נישט גערירט פֿון אָרט! נישט נאָר מײַן ייִדענע — גייט פֿרעגט דאָ די ווייבער אויפֿן ערד־חלק, די ווייבער וועלן אײַך אַלע זאָגן, אַז זיי וואָלטן זיך נישט גערירט פֿון אָרט, ווען זיי ווייסן, אַז אין קרים געראָט נישט קיין קאַרטאָפֿל. זיי וועלן אײַך זאָגן, אַז זיי האָבן נישט, וואָס צו קאָכן. און אַז כאָטש קרים האָט ווײַנטרויבן מיט קאַווענעס און מיט ווייץ און מיט גערשטן און מיט האָבער — נאָר אָן קאַרטאָפֿל — וועלן זיי אײַך זאָגן — קומט אים פּשוט צו הונגערן.

וואָס זאָל איך אײַך דערציילן? עס איז מיר געקומען אויפֿן זינען דער לץ אין איבערוואַנדערער־הויז, אין יעווּפּאַטאָריע, וואָס האָט לויז געמאַכט דעם פּסוק און די תחתונים זיינען אים, איך בעט אײַך איבער אײַער כבוד, אַראָפּגעפֿאַלן. וואָס זאָל מען מאַכן? מען האָט נישט געטאָרט זאָגן דעם אמת. עס קומט אָן געזועדר שווער און ביטער ביז מען שלעפּט צונויף ייִדעלעך קיין קרים; ביז מען טעכעמורעט זיי אײַן; ביז מען נעמט זיין אײַן. פֿון מײַן שטעטל האָבן זיך געקליבן אַ עדה ייִדן פֿאָרן. הייגט נעם און קום פֿון קרים און דערצייל פֿאַר דער גאַנצער וועלט, וואָס פֿאַר אַ וויסטן סוף איך האָב געהאַט מיט מײַנע פֿינף זעק קאַרטאָפֿליעס...

אַז איך בין געקומען אַהיים ווינטער־צו און מען איז מיר אַרומגעפֿאַלן, אייגענע און פֿרעמדע און גענומען זיך אויספֿרעגן אויף קרים — פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געזאָגט, וואָס מען האָט באַדאַרפֿט זאָגן. אַז קרים — איז טאַקע קרים, האָב איך געזאָגט. אַז אַליין, וואָס מען זאָגט אויף קרים, איז אמת. נאָר מען באַדאַרף האָבן געדולד. ס׳איז נישט אַ שוך פֿאַרלאַטען. אַ גרויסן ערד־חלק האָט מען מיר געגעבן, אַז איך האָב אים פֿאָרן זומער נישט

אויסגעמאָסטן. וואָס זאָל איך מיך נאַרן; איך בּין מאַקע נאָך נישט בּקי, ווי גרויס מיין ערד־חלק איז.

— און די קאַרטאָפּליעס? — טוט מיר מיין יידענע אַ פרעג.

— די קאַרטאָפּליעס — מאַך איך צו איר — פּופּציק זעק קאַרטאָפּליעס האָבּ איך געקראָגן בּהזרה. קאַרטאָפּליעס — פרעג שוין גאָרנישט! צעשיטן זיך ממש אין מויל. איך האָבּ זיי געגעסן מיט די שאָלעכץ און אָן די שאָלעכץ; געבּראָטן און געקאָכט; מיט נישט און צוגעפּרעגלט און ממש, זיי צעשיטן זיך אין מויל.

— וואו־זשע זיינען די קאַרטאָפּליעס? פאַרוואָס האָסטו נישט געבּראַכט כאָטש אַ צען זעקלעך אויפן ווינטער? — אַזוי פרעגט זי בּיי מיר.

ענטפער איך:

— יידענע, וואָס דו בּיסט, ווער פירט עס פון קרים קיין ווייס־רוסלאַנד קאַרטאָפּליעס? געלט — זאָג — פירט מען. וויינטרויבּן, קאַווענעס — פירט מען, אָבּער קאַרטאָפּליעס — דאָס האָט שוין ווייסרוסלאַנד אַליין.

— נו, וואו איז דאָס געלט? וואו זיינען די וויינטרויבּן און די קאַווענעס?

אַזוי וויל זי פון אַלצדינג וויסן.

בּקיצור, עס איז מיר געווען אַ חרפּה און אַ שאַנד... איך האָבּ איר שפּעטער, ווינטער־צו, אַז זי האָט מיר שוין אָנגעהויבּן צו יאַדען, הלמאַי איך האָבּ נישט געבּראַכט אַהיים כאָטש אַ עטלעכע זעק־לעך קאַרטאָפּליעס, וואָלט מען אַזוי נישט אויסגעטריקנט געוואָרן — האָבּ איך איר מודה געווען, אַז איך האָבּ די קאַרטאָפּליעס שלעכט פאַרזעצט און זיי זיינען דעריבּער פאַרפאַלן געוואָרן אין דער ערד.

היינטיקע וועסנע, אַז איך האָבּ זיך שוין אַהער אַריבּערגעקליבּן בּכול־מכול־כול.... האָבּ איך שוין געשוויגן מכוח קאַרטאָפּליעס. נאָר זי, די יידענע אַליין, האָט זיך שוין דערמאָנט, און זאָגט צו מיר:

— פּיוול, נישט אַנדערש מען זאָל פֿאַרנעמען פֿינף זעקלעך קאַרטאָפֿליעס און איך װעל אַלײן זעצן. הלװאי — זאָגט זי — װאָלט איך מיט דיר פֿאַראיאָרן מיטגעפֿאָרן, װאָלט אַזאַ גוטס נישט אײנגעזונקען געװאָרן אין דער ערד.

װאָס האָב איך געקענט טאָן און מאַכן? זאָגן איר, אַז גאַנץ קרים האָט פֿון מיר געלאַכט אין די פֿויסטן, װען איך האָב דערצײלט, אַז איך גײ באַגראָבן אין דער ערד פֿינף זעק קאַרטאָפֿל? זי װאָלט זיך נישט גערירט פֿון אָרט און װאָלט די קינדער אױך נישט געלאָזן פֿאָרן..

װאָרעם איצטער, אַז מען איז שױן דאָ, און ב״ה אַ שטוב איז אױך פֿאַראַן און מײן פֿעלד האָט דװקא מיך נישט אָפּגענאַרט: קײן ענגערע עטלעכע פּוד װײץ און אַ פֿײן הורבעטשקע גערשטן. אַ בהמה האָב איך, זאָל איר נאָר קײן גוט אױג נישט שאַטן. מען באָדט זיך אין מילך: דעם געזוערד געגעבן — נאָר צו די הײ־יאָריקע קאַרטאָפֿליעס איז אױסגעגאַנגען דער אײגענער װיסטער סוף, װי צו די פֿאַראַיאָריקע. געזעצט אין דער ערד סאַמאַראָדנע אַמעריקאַנקעס און דאָס האָט איר, װאָס איר זעט. איך מאַך זיך נאַריש און קלײב זײ נאָך איבער, טאָמער װעט זײן כאָטש אױף אַ פּאָר מאָל אָפּצוקאָכן... איך — װי איך. איך האָב זיך שױן אונטערגעגעבן.. געזערד לײגט אַײן די װעלט. דזשװיגעט ממש ײדעלעך אױף די פּלײצעס קײן קרים און דו גאָר נעם און בונטעװע.

נאָר מײן ײדענע זאָגט, אַז װען אַפֿילו דאָ זאָל געראָטן װײץ און האָבער און װײנטרױבן און קאַװענעס — נאָר אָן אַן אײגענער קאַרטאָפֿליע — זאָגט זי — װעט דאָ זײן װיסט און פֿינסטער. און זינט עס האָבן זיך באַװיזן אָט־די דאָזיקע אַרבעסלעך, הערט זי נישט אױף צו װײנען און צו קלאָגן.

איך בין מיט איר מסכּים. װאָרעם אָן אַ קאַרטאָפֿליע איז קײן כּוח נישטאָ. װאָס פֿאַר אַ װערט װאָלט דער װײסרוסישער פּויער געהאַט אָן זײנע קאַרטאָפֿליעס?

אָט, אַדרבא, איר פֿאָרט דאָך מסתּמא צוריק קײן נעװ־יאָרק, נעמט מיט אַ עטלעכע קאַרטאָפֿליעלעך און באַװײזט זײ דאָרטן, װאָס פֿון סאַמאָראָדנע אַמעריקאַנקעס קומט דאָ אַרױס.

אין פונדעסטוועגן זאָלט איר צוליב די קאַרטאָפליעס נישט מאַכן קיין בייזן נאָמען אונזער קרים. איר קענט זיי דאָרטן זאָגן, אַז מיר פאַרהאָפן, אַז אייער קאַרטאָפליעס וועט מיט דער צייט אין קרים זיין פון אַלדאָס גוטס...

---

# דער בעל־הגוף

(מאָנאָלאָג)

— איר מעגט וויסן, חבר אַמעריקאַנער, אַז איר זיצט איצטער בײַם בעל־הגוף אין שטוב. איך האָב ניט געוואָלט ריידן דער ווײַב און קינדער אין די אויגן. וואָרעם זי וואָלט פֿאַרנאָסן טרערן און די קינדער, כאָטש אייגענע קינדער, פֿאַרשטייען סײַ־ווי ניט, אַז מען באַגראָבט דעם טאַטן — ליגן די קינדער אויך אין דער ערד.

איר פֿאַרשטייט, חבר אַמעריקאַנער, אַז ס׳איז ניט גוט, זאָגט די וועלט, שטעקט מען אַרײַן אַ פֿינגער אין האַלדז און מען ברעכט אויס... ניט שטענדיק קען מען דאָס טאָן. אַז אַלע זיינען קעגן דיר, אַז דײַנע קינדער ווערן דיר שונאים — הלמאי בײַ דיר איז געראָטן; הלמאי בײַ דיר איז פֿאַראַן אַ שטיקל ברויט אין שטוב. איר האָט דאָך באַטראַכט דעם דאָרף; ניטאָ קיין סך דערפֿער אַזעלכע. די לענג — זיבעציק הויפֿן! די ביימער בײַ די הײַזער פֿון בײדע זײַטן גאַס האָבן זיך קיין עין־הרע צוגענומען. בײַ אַלעמען גלײַך. פֿרעג איך:

— מיינט עס טאַקע די מלוכה, אַז מען זאָל אַפֿריער אויסטראַכטן אין דאָרף אַ בעל־הגוף און שפּעטער אים שטיקן, כּדי מקיים צו זײַן די מצווה פֿון אָפּריכטן רעוואָלוציע?

ניט אַנדערש. וואָרעם וואָס טו איך דען? איך באַגנבֿע דאָ עמעצן? איך באַגזל דאָ עמעצן? אַז מען קומט צו מיר, צי מען קומט צו מײַן ווײַב און מען בעט אַ טובֿה — איז מען ניט גרייט? נייט מען ניט אַנטקעגן?

הייבט זיך אָן אַ מעשׂה „הלמאי...“: הלמאי האָב איך צוגעדונגען אַ ליידיק שטיקל ערד און דאָס צעאַקערט און דאָס פֿאַרזייט און פֿון דעם אַראָפּגענומען אַ פּאָר הונדערט פּוד ווייץ? הלמאי איך האָב דרײַ קי און די קי גיבן קיין עין־הרע מילך? הלמאי מײַן ווײַב

האָט געזעצט פינף הינער אויף אַכציק אייער און עס האָבּן זיך אַרויסגעשאָטן זיבּעציק קליינוואַרג? הלמאי מיין ווייבּ האָט געזעצט דריי קאַטשקעס און איין הון אויף זעכציק קאַטשענע אייער און ס'האָבּן זיך אַרויסגעשאָטן ניין-און-פערציק קאַטשקעלעך? הלמאי מיין ווייבּ האָט געזעצט פינף גענז אויף זעכציק אייער און עס האָבּן זיך אויסגעפּיקט דרייאונפערציק גענזעלעך? הלמאי מיין ווייבּ האָט גע-זעצט דריי אינדיטשקעס אויף זעקסאונדרייסיק אייער און עס האָבּן זיך אויסגעפּיקט ניינאונצוואַנציק קליינע אינדיקעס? הלמאי מיינע דריי קי האָבּן זיך געקעלבּט און אַלע מיט יאַלעשקעס? הלמאי מיין קליאַטשע האָט געהאַט אַ קיזשיק? הלמאי מיין ציג האָט געהאַט פיר הינטעלעך? הלמאי מיין קאַץ האָט געהאַט דריי קעצלעך?... איר פאַרשטייט, חבר אַמעריקאַנער... וואָס מיינט אַזעלכעס אַ פויער? וואָס מיינט אַזעלכעס, עס וואַקסט ביים פויער? האַ?

אַמאָל האָט די צאַרישע מאַכט געוואָלט, אַז דער פויער זאָל ליגן אין דער ערד; אַז ערד זאָל טריקענען; ער זאָל פרעסן די ערד און צאָלן צינזן. איצטער וויל דאָס די מאַכט פון נעפּמאַן. איך האָבּ דאָס פאַרזוכט אויף מיין פעל. אַזאַ מענטש בּין איך שטענדיק געווען. איך האָבּ אַ גרינגע האַנט. צו וואָס איך ריר זיך צו — וואַקסט. נאָך קינדוויז האָט מיר די מאַמע געגעבּן, אַז איך זאָל אַריינשטעקן אַ וואַזאָניקל אין דער ערד, ווייל זי האָט געזאָגט, אַז איך האָבּ אַ גרינגע האַנט: אַז איך שטעק אַריין אין דער ערד, נעמט זיך צו... מיינט איר, אַז דעם פינאַנספּעקטאָר איז אַזוי גרינג געווען מיך אַיינצוברעכן? ווי אַ גוטע מערינאָסע-שאָף: מען שערט די וואָל און עס וואַקסט ווידער אָן. ער וואָלט מיך ניט איינגעמאַטערט. נאָר איך האָבּ פאַרשטאַנען, אַז ער איז ניט אַליין. הינטער אים איז די מאַכט. מיט דער מאַכט האָבּ איך געוואָלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן שלום. כאָטש אויף בּאַריקאַדן בּין איך ניט געגאַנגען, נאָר, אַז די מלוכה זאָגט: — „האַנדלען קען מען ניט“ — טאָ, זאָל דיר גאָט העלפן! בּפרט די מלוכה האָט געזאָגט:

— „לאָמיר זיך בּייטן. איך וועל האַנדלען און דו ווער פויער“ — האָבּ איך מסכּים געווען. איך בּין מיר אַ מענטש, וואָס מיט געוואַלד

קען מען מיר ניט אַריינשטעקן אַ פֿינגער אין האַלז אַריין. איך וועל בּרעכן דעם קאָפּ. און בּרעכן וועל איך ווען איכל וועלן.

איך בּין געגאַנגען אַהער קיין קרים ווי עס האָט געפּאַסט פֿאַר אַ מענטשן, וואָס האָט געוואוסט וואו זיין מזל כאַפּט אַ דרעמל. ווי איר קוקט מיך אָן, דאָס בּין איך דאָ פֿאַר דעם לעצטן יאָר אַ בּיסל גרוי געוואָרן. צו מיינע פֿופֿציק יאָר האָבּ איך ניט געהאַט קיין איין גרויען האָר אין מיין בּאָרד. אָט, שוואַרץ ווי געווען. קיין בּרילן האָבּ איך אויך ניט בּאַדאַרפֿט. איך האָבּ געוואוסט, אַז דער פֿינ־אינספּעקטאָר קוקט מיר אַריין אין די הענט אַריין. אָפּגעבּן אים אינגאַנצן איז קיין תּכלית ניט געווען. פֿאַרשטאַנען, אַז די מלוכה אַליין מיינט עס אויך ניט. וואָרעם וואָס האָט זי איצטער פֿון דעם עולם לאָבּעדראַנצעס, וואָס רק גיבּ זיי, רק גיבּ זיי? די מלוכה ווייסט שוין, אַז פֿאַר זייערטוועגן וועט מען נאָך געגוג בּאַדאַרפֿן דרייען דעם מוח בּיז מען וועט זיי אָנקאָרמענען... יאָ, איך פֿאַרשטיי, אַז די מלוכה אַליין איז שוין פֿון זיי פֿאַרמאַטערט... וויפֿל איז דער שיעור? קריכן זיי אויף די ווענט.

איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, וואָס מען קען די הצלחה ניט אַרויסטרייבּן דורכן טיר ווען זי געפֿינט אַ וועג דורכן פֿענסטער. מען קען ניט. און לאָמיר זיך ניט נאַרן. אַז מען זיצט די הענט פֿאַרלייגט — העלפֿט קיין הצלחה אויך ניט. איך שלאָף ניט, חבר אַמעריקאַנער. איך זאָג מיר מיינס, אין אַמעריקע שלאָפֿט מען אויך ניט. נו, פֿאַרגינט מען ניט. זיי טענהן:

— „סאָציאַליזם, קאָמוניזם; מע האָט אויסגעגלייכט. ניטאָ אָרעם און ניטאָ רייך".

טאָ וואָס־זשע דען איז פֿאַראַן? איך פֿרעג זיי, וואָס דען איז פֿאַראַן? געהערט — „ניט אָרעם און ניט רייך". עסן בּאַדאַרף מען? חבר לענין האָט געהייסן פֿאַסטן? איך האָבּ פֿון אַזוינס ניט געהערט. נו, אַ פּאָר שיך בּאַדאַרף אַ מענטש? איך זאָג ניט צען פּאָר שיך, חבר אַמעריקאַנער, נאָר איין פּאָר שיך? ווי־דען, איין פּאָר שיך אויף אַ גאַנצן דאָרף? אוודאי, דערבּיי האַלט עס שוין. מען קען נאַסטאַרטשען מיט שיך? מען איז אַראָפּגעקומען מעשׂה פּריצים: קליינע הענט, קליינע פֿיס. האָט מען זיך אויסגעטאָן בּאָרוועס, די

פֿיס האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם; צעפּאָרן זיך. און די שיך קריכן ניט אויף די פֿיס מער. קריכן ניט — כאָטש שריי חי־וקיים. אַזוי בײַ מיר, אַזוי בײַ אַלעמען. נו, איז וואָס? זומער גייט מען באָרוועס און ווינטער — איין פּאָר שטיוול און מען בײַט זיך. דער גייט אַרויס דרויסן און דער בלײַבט זיצן אין שטוב... נו, איז דאָס אַ תּכלית? דאָס מיינט סאָציאַליזם? דאָס מיינט קאָמוניזם — אַז די גאַנצע כאַפּטע אין שטוב זאָל האָבן איין פּאָר שטיוול? אָדער איין פּאָר שטיוול זאָל באַדינען צען פּאָר פֿיס?

איך זאָג מיר מײַנס: די קבצנים וועלן מיך ניט לערנען, וואָס קאָמוניזם איז. לענין האָט זיך אויך ניט געלערנט בײַ די קבצנים. אָט וועל איך אײַך פֿרעגן: מיט וואָס וואָלט איך געווען אַ בעל־הגוף אין זייערע אויגן, ווען יעדער פֿון זיי זעצט דרײַ קוואָקעס אויף אייער, הינערשע און קאַטשענע. בײַ יעדן צוויי קי און אפֿשר דרײַ. גע־וואַלד־געשריען — ווי איז דאָס גאָר אַ פּויער אָן דרײַ קי? און באַלד דרײַ קי, ווערן שוין דורכן יאָר דרײַ קעלבלעך. די קעלבלעך וואַקסן. זיי מוזן וואַקסן. אַלץ וואַקסט. צוליב וואָס זײַט מען ווייך — אַז סע זאָל אײַנגעזונקען ווערן אין דער ערד? וואָס זאָל מען טאָן? זייען בײַנער און שנײַדן שטיינער? איך פֿרעג דאָס בײַ זיי, זאָלן זיי מיר זאָגן אין וואָס באַשטייט מײַן פֿאַרברעכן? פֿאַרוואָס האָט מען מיך געמאַכט פֿאַרן בעל־הגוף?

איר קוקט מיך אָן. אוודאי חידושט אײַך:

— „און וואָס איז, אַז מען האַלט אײַך פֿאַר אַ בעל־הגוף? עס איז געשריבן: — טי מווו, אַ יאַ זדרווו:“

אָט דאָס מיינט איר, ווי בײַ אײַך אין אַמעריקע פֿירט זיך? מאַכט איר אַ טעות, חבר אַמעריקאַנער... דאָ באַדאַרף איך זיך אומקערן צוריק צום פֿינאַנספּעקטאָר. אין אמתן האָב איך פֿאַר אים קיין מורא ניט געהאַט. פֿיש — נעמט ער בײַ מיר צינזן... איך האָב גע־קענט באַווײַזן. איך האָב מיר געקענט טיילן מיט דער מלוכה. וויל איך, זאָג איך: — „דו נעם און איך גיב. אפֿשר וועסטו זיך פֿאַרמאַטערן נעמענדיק“. נאָר, איר פֿאַרשטייט, מען האָט מיר אָנגעקוועטשט אויף מײַן האָנער. ממש אָנגעטראָטן אויפֿן דעליקאַטן אָרט. מען האָט בײַ מיר צוגענומען ש ט י מ ר ע כ ט. אָדער טאַקע, בעסער גאָרניט גע־

געבן קיין שטימרעכט. געמאַכט פאַר „אויס מענטש“, פע, דאָס האָט ניט געטויגט. מיט דעם האָט די מלוכה גענומען און אויף מיר אַרויפגעשטעלט אַ שטעמפּל:

— „ח ז י ר!“

איר פאַרשטייט, וואָס דאָס מיינט? — „דאָס חזיר־פּיכל איז גוט, נאָר קיין מחותן מיט מיר ביסטו ניט. דיין געלט איז גוט, נאָר קיין גוטער־ברודער ביסטו מיר ניט. קיין דעה זאָגן וועסטו מיר ניט. קיין שטימרעכט האָסטו ניט“. מילא, ביי ניקאָלאַיען איז מען דאָך געווען שטום. ניט געווען קיין שטימרעכט. דעם יידן האָט מען דאָך געהאַט אין דער אדמה—האָב איך אים געהאַט נאָך צען איילן טיפער אין דער אַדמה. אָבער איצטער — ווער ס'איז אַ פּראָדוקטיווער מענטש? ווער ס'איז ניט קיין שורקע, הייסט עס; ווער עס זויגט ניט יענעם; ווער ס'איז ניט קיין פּיאַווקע — ער האָט שטימרעכט. ער האָט די שטימע. ער האָט די דעה. אַ נעפּמאַן האָט ניט קיין שטימע. אַ נעפּמאַן איז אַ פּאַראַזיט.

מסכים! האָב איך מסכים געווען. וואָס מיינט איר, חבר אַמעריקאַנער, מען נעמט און מען לאָזט איבער אַ שטאָט מיט גוטע פריינד, מיט אַ שטוב, מיט אַזאַ עולם־הזה און מען פאָרט אַוועק אַהער און מען בייט אַ סטעליע איבערן קאָפּ, מיט אַ ליימענעם דאַך, פונוואַנען ס'האָט אַריינגערונען. יאָ, חבר אַמעריקאַנער, אַזוי האָט געוואָלט דער געזערד, דער דאַך זאָל ניט רייסן דער וועלט די אויגן. הלמאי די טאָטערן האָבן ליימענע דעכער, דעריבער זאָלן יידן אויך האָבן ליימענע דעכער. איך, שוטה, האָב זיך געלאָזט איינריידן. אַוודאי: אויב אַ טובה פאַרן כלל־ישראל, — טאָ זאָל מיר רינען אונטערן קאָלנער. האָב איך מיך געווייקט און געזשאַווערט אַ ווינטער לאַנג און געזען אַז דעם כלל־ישראל קומט דערפון קיין טובה ניט אַרויס. און מיר, מיט מיין ווייב און מיינע קינדער — אוודאי ניט. האָב איך גענומען היי־יאָר און געדעקט אַליין אויף מיין חשבון מיט קאַכלעס... ווי ביי אייערע אַמעריקאַנער, איך מיין ביים דזשאָינט.

נאָר מיט דעם איצטיקן דאַך מעלד איך אייך און מיט דער הילצערנער פּאָדלאָגע מעלד איך אייך — זיך איך נאָך איצטער אויך ניט אין קיין פּאַלאַץ. פאַראַיאָרן ווינטער האָב איך אַריינגענומען אין

שטוב אַריין אַ קעלבּיקע קו אין שכנות, ווייל איר איז געווען קאַלט אין שטאַל... יאָ, חבר אַמעריקאַנער, צום מזל און צו דער הצלחה באַדאַרף מען נאָך אַ באַלעבאָס אויך זיין. באַדאַרף מען וויסן, ווען אַ קו באַדאַרף זיך קעלבּן אויך... מען ליידט, מען ליידט... אַלע ליידן. נאָר גאָרניט. ווערט געווען. וויבאַלד נאָר איך בין געקומען אַהער; זיך פאַרשריבּן פאַר אַ איבּערוואַנדערער — האָט מען מיר געגעבּן מיין שטימע. איך בּין געוואָרן אַ מענטש...

וויל אייך דערציילן, אַז כאָטש איך בּין אַ מאַנסבּיל; אַ שטיקל גבר, נאָר אַז מען האָט מיר געזאָגט: — „איצטער בּיסטו אַ מענטש מיט אַלעמען צוגלייך" — האָט עס אַ צופּ געטאָן. מען האָט גענומען אין מויל אַריין און איך האָב זיך צעפלאַנכעט. מען האָט געפרעגט: „סטייטש? היתכן, דו זאָלסט לאָזן אַ טרער?"...פאַרפאַלן. ס'האָט דורכגענומען . ווייל דעם תוך, וואָס דאָ טוט זיך אין לאַנד, פאַרשטיי איך אַ בּיסל. איך פאַרשטיי אויף מיין אופן. זיי פאַרשטייען עס ווידער אויף זייער אופן. ווייט פון אמת בּין איך ניט. מאַרקסן ניט געלערנט. לענינען אויך ניט. נאָר אין תוך אַריין קוק איך אַריין און איך ווייס, אַז איך בּין גערעכט. ווי דער דאָרף איז גרויס, איז ער פול מיט ניט־פאַרגינער. און פון ניט־פאַרגינער קען מען קיין תכלית ניט מאַכן. פון זיי וועט מען קיין קאָמוניסטן ניט מאַכן.

איר פאַרשטייט — איצטער קום איך צום עיקר, וועגן וואָס איך האָב אָנגעצויגן דעם גאַנצן שמועס. האָט מען אָפּגעפּסקנט, אַז איך בּין אַ בּעל־הגוף. זאָג איך: — הלוואי אויף אַלעמען געזאָגט געוואָרן! וואָס וואָלט עס מיר אַרן, אַז פון דאָרף זאָל אַרויסגיין איעדן אינדערפרי אויף דער פאַשע אַ טשערעדע בּהמות — אַזוי אַ שטיק דריי הונדערט? און טאַקע איינע אין איינע ווי בּיי מיר? וואָס וואָלט עס מיר געאַרט? אַוודאי וואָלט איך אַלעמען פאַרגונען. און וואָס וואָלט מיר געאַרט, אַז בּיי איעדן באַלעבּאָס זאָל אַרומגיין אַרום שטוב אַ הונדערט עופות? וועמען אַרט עס? עס פעלט מיט וואָס זיי אויסצוקאָרמענען? דאַגהט ניט. די לעבּעדיקע בּאַשעפעניש באַצאָלן ניט מיט געלט; צאָלן מיט וואָס זיי קענען. אַפילו דאָס בּיסל מיסט איז מזומן. בּאַדאַרף מען עס ניט פאַר דער ערד, בּאשר די ערד איז פעט — קומט עס צוניץ צום הייצן. אַלץ צאָלט צוריק מיט מזומן,

ווען מען ווייס נאָר וואו-אַיין-און-וואו-אויס. נו, קומט מען צו מיר. בײַ מיר רינט ניט אַרײַן. בײַ מיר איז טרוקן. בײַ מיר איז פֿאַראַן אַ גלאָז מילך. בײַ מיר איז פֿאַראַן אַ הינערשע איי. בעל-הגוף...

נו, גוט. בין איך אַ בעל-הגוף. גריזשעט מיך. אויב איר האָט הערנער — נאַט שטעכט! בײַ אײַך וואַקסן ציינער — נאַט, בײַסט!... אָבער אויף וואָס פֿאַר אַ סמך האָט מען זיך צוגעפֿערדט און צוגענומען בײַ מיר שטימרעכט? אויף וואָס פֿאַר אַ סמך, פֿרעג איך? ווײַל מען ווייסט, אַז דאָס איז בײַ מיר דער דעליקאַטער אָרט? ווײַל מען וויל מיר טאַקע אַרײַנשטעכן אין דער זיבעטער ריפּ אַרײַן?...

פֿאַרפֿאַלן, איך קלער נאָר, פֿונוואַנען האָט זיך צו יידן גענומען אַזאַ רשעות? אַ גאָלער דאָרף יידן. האָט מען זיך צוגעפֿענומען און מען האָט דערלאַנגט וואו מען באַדאַרף... „דער גרעסטער בעל-הגוף אין דאָרף. אַ פּאַראַזיט. אַ שורקע. לאָמיר אים שטיקן“.

איר פֿאַרשטייט, דאָס וואָלט שוין אויך ניט געווען קיין בייז. ווי זאָגט מען: „מען קען יענעם ניט נייטן, ער זאָל אַרײַנשטעקן אַ פֿינגער אין האַלז אַרײַן און אויסברעכן“. איך זע, אַז זיי וועלן מיך אויך ניט אויסברעכן. איך וועל די קוואָקעס ניט טונקען אין קאַלט וואַסער, זיי זאָלן אויפֿהערן מאָנען, אַז מען זאָל זיי זעצן אויף אייער. איך מעלד אײַך, אַז איך וועל די קי ניט אַרויסטרייבן. און ווי איך האָב פֿאַראַיאָרן געזייט וויפֿל איך האָב געקענט באַווייזן, וועל איך עס הייִנטיקס יאָר אויך טאָן. וואָרעם איך זאָג מיר מיינס: — זאָלן זיי זיך לערנען בײַ מיר און איך וועל שוין קריגן בײַ וועמען זיך צו לערנען. פֿון פּױלאַקעס, לײַדיקגייער און ניט-פֿאַרגינערס וועל איך זיך ניט גיין לערנען קיין קאָמוניזם און אַפֿילו ווי אַזוי מען שפּאַנט אײַן אַ פּאָר פֿערד אויך נישט... יאָ, איך האָב פֿאַרגעסן צורעכענען, אַז אַ פּאָר פֿערד מיט אַ קיזשיק האָב איך אויך. פֿערד איז אויך אַ באַווײַז, אַז מען איז אַ בעל-הגוף.

מילא... זאָג איך, דאָס וואָלט איך שוין פֿאַרבויגן אין אַ זײַט... האָט מען גענומען און מען האָט אַנטקעגן מיר אָנגערייצט מײַנע אייגענע קינדער. איר וועט דאָך אוודאי פֿרעגן: „וואָס הייסט עס אָנרייצן אייגענע קינדער?“ האָט זשע געדולד, איך קום צו באַלד צום ענין, צוליב וואָס איך האָב אײַך מטריח געווען און פֿאַרשלאָגן אײַך

דעם קאָפּ און דערצו, זאָל מען אויף אײַך זאָגן, אַז איר זייט געווען נאָר אין איין שטוב; בּיים בּעל־הגוף, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַן אַמעריקאַנער..

אַז מען האָט בּיי מיר צוגענומען מיין שטימע, איז בּיי מיר געוואָרן חורבן אין שטוב. — מיין יידענע האָט אַוואָך צייט ניט אויפגעהערט צו גיסן מיט טרערן... האָב איך פֿינף קינדער. צוויי זיינען אין מאָסקווע. לערנען זיך אין אוניווערסיטעט. אַזון און אַטאָכטער. די דריי יינגערע, צוויי מיידלעך, איינע פֿון דרייצן און איינע פֿון עלף און אַ יינגל פֿון צען יאָר, זיי האָב איך דאָ מיט מיר. איז זיך מיישב מיין יינגל, טאַקע דאָס צעניאָריקע זונעלע מיינס, און קומט צו מיר און טוט מיר אַ פֿרעג אַ קלאָץ־קשיא; ממש ווי אַן אמתער בּאָלשעוויק:

— פֿאַרוואָס, טאַטע, בּיסטו אַ קולאַק און טוסט אונז אָן אַ חרפּה?

איך פֿאַרשטיים, אַ בּעל־הגוף רופֿט מען דאָ קולאַק.

זאָג איך צו אים:

— וואָס פֿאַר אַ חרפּות, זונעלע, טוט עס דיר דער טאַטע אָן?

מאַכט ער:

— דו בּיסט אַ קולאַק.

זאָג איך:

— וואָס איז עס אַזעלכעס אַ קולאַק? קענסט מיר אפֿשר דער־קלערן?

ענטפֿערט ער:

— אַלע דאָ זאָגן, אַז דו בּיסט אַ קולאַק, דעריבּער האָט מען בּיי דיר צוגענומען שטימרעכט.

זאָג איך צו אים:

— אפֿשר בּין איך אַ קולאַק, דערפֿאַר וואָס איך האָב דיר געמאַכט שטיוועלעך אויף ווינטער? אפֿשר בּין איך אַ קולאַק דערפֿאַר, וואָס איך האָב דיינע שוועסטער געמאַכט שיך, זיי זאָלן נישט בּאַדאַרפֿן פֿרירן די פֿיס ווינטער? האַ? און אפֿשר דערפֿאַר, וואָס די מאַמע גיט דיר יעדן אינדערפֿרי אַ שטיקל בּרויט מיט פּוטער און זי גיט דיר נאָך עפּעס אָפּצועסן?

זאָגט ער:

— מען וועט ליזען און סיאָמען אַרויסטרייבן איצטער פון אוניווערסיטעט.

זאָג איך:

— אַזויפיל ווייסטו שוין... זייער קלוג פון דיר, מיין זון. איך האָב ביז איצטער גאָר ניט געוואוסט, אַז איך האָב אַזאַ געראָטענעם זון. איז דעריבער, זאָג־זשע דו מיר, וואָס זאָל איך טאָן, כּדי איך זאָל ניט זיין קיין קלאָק און כּדי מען זאָל ליזען און סיאָמען נישט אַרויסטרייבן פון אוניווערסיטעט און כּדי דיר זאָל נישט זיין קיין חרפּה? האַ, קענסט עס מיר אפשר זאָגן? אדרבה, איך בין גרייט ביי דיר עפּעס צו לערנען.

זאָגט ער מיר:

— אַן אָרנטלעכער מענטש האָט ניט אַזויפיל קי און אַזויפיל הינער און קאַטשקעס און אינדיקעס.

פרעג איך אים:

— און ברויט באַדאַרף האָבן אַן אָרנטלעכער מענטש?

ענטפערט ער:

— לענין זאָגט, אַז איינער באַדאַרף ניט האָבן מער פאַר אַנדערן. און דו האָסט מער פון אַלע אַנדערע אין דאָרף.

זאָג איך צו אים:

— ביסט גערעכט, מיין קינד. איך בין אַן עם־הארץ. נישט געלערנט לענינען. דו ביסט אַ פיאָנער, ווייסטו טאַקע. גיב־זשע מיר אַן עצה, וואָס זאָל איך איצטער טאָן? היות, ווי איך האָב דריי קי און אין דאָרף זיינען פאַראַנען זיבעציק באַלעבאַטים וואָס האָבן נאָר צו צוויי, אָדער צו איין קו; און היות ווי איך האָב צוויי פערד מיט אַ לאָשיקל און צוויי אָקסן און אין דאָרף זיינען פאַראַנען אַ סך באַלעבאַטים, וואָס האָבן נאָר אָקסן און האָבן נישט קיין פערד; און היות ווי די מאַמע האָט געזעצט קוואָקעס אויף הינערשע אייער און אויף קאַטשענע אייער און סע זיינען אַרויסגעקומען הינדערלעך און קאַטשקעלעך און ביי אַ סך באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס זיינען קיין עופות נישטאָ — יאָ, מיין זון, דו לערנסט דאָך חשבון, דערקלער מיר. נאַ דיר אַ בלייער מיט אַ שטיקל פּאַפּיר און באַחשבון מיר,

ווי איך זאָל עס צעטיילן, כּדי איינער זאָל נישט האָבּן מערער און דער אַנדערער ווינציקער, כּדי איך זאָל נישט זיין מער קיין קולאַק און איך זאָל בּאַקומען צוריק מיין שטימע און כּדי מען זאָל ליזען מיט סיאָמען נישט אַרויסטרייבּן פון אוניווערסיטעט... און ווייסטו וואָס נאָך — זאָג איך צו אים — אפשר געפעלט דיר נישט דער טאַטע דיינער — איז גוט: קענסטו דיר זוכן אַן אַנדער טאַטן; אַ קבּצן אַ טאַטע. קבּצנים זיינען פאַראַן גענוג. גיי, אדרבּה, טו אַ פּרוּוו אין דאָרף און זאָג: „בּיי מיין טאַטן וויל איך מער נישט עסן, ווייל ער איז אַ קולאַק, בּעט איך אייך, גיט מיר אַ שטיקל בּרויט". ווערסטו זען, ווער עס וועט דיר געבּן אַ שטיקל ברויט מיט אַ גלאָז מילך, אים ווערסטו שוין בּעטן, אַז ער זאָל פאַר איינוועגס זיין דיין טאַטע אויך. פּרוּוו דיר געפינען אַ מאַמע אויך. וואָרעם, אויבּ דיין טאַטע איז אַ קולאַק — איז דיין מאַמע אַ קולאַקיכע.

אַז איך האָבּ עס אים אָפּגעזאָגט, מיינט איר דאָך אַוודאי, אַז ער האָט זיך דערשראָקן, אָדער זיך פונאַנדערגעוויינט? חלילה! עס האָט אים גאָרנישט גענומען. אָבּער מיך האָט עס יאָ צענומען. אוי, האָט עס מיך צענומען! אוי, ווען איך וואָלט געקענט בּשעת־מעשה לויפן קיין מאָסקווע און טאַקע אָנקלאַפּן אין די ריכטיקע טירן און דאָרטן זיך אויסטענהן און דאָרטן אַ פרעג טאָן די זעלבּיקע קלאָץ־קשיא—איך בּין זיכער, אַז דאָרטן ווייסט מען גאָרניט פון אַזעלכע זאַקאָנעס, אַז דריי קי, צוויי אָקסן און צוויי פערד מיט אַ לאָשיקל—מאַכן שוין אַ פויער פאַר אויס פויער און אַ מענטשן—פאַר אויס מענטשן און שטימרעכט נעמט מען בּיי דיר צו און קינדער טרייבּט מען דעריבּער פון אוניווערסיטעט... נו, האָבּ איך מיר אויסגעטענהט מיט מיין צעניאָריקן תּכשיט... ער איז גאָרנישט נתפּעל געוואָרן. אַזוי קאַלט ווי מיין אַמאָליקער פינ־אינספּעטקאָר, מאַכט ער צו מיר:

— אַז דער גאַנצער דאָרף זאָגט, אַז דו בּיסט אַ קולאַק, מסתּמא זיינען זיי גערעכט; אַוודאי זיינען זיי גערעכט.

וואָס מיר האָט זיך אָנגעקליבּן אויפן האַרצן און איך האָבּ נישט געהאַט צו וועמען אויסצולאָזן — האָבּ איך אויסגעלאָזן צו מיין תּכשיט. איך האָבּ אים געמאַכט ווי אַ בּיטערן עפּל. איך האָבּ פון אים אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול און אַרויסגעטריבּן דרויסן...

דאָס האָב איך שוין ניט געקענט אויסהאַלטן. דאָס איז שוין געווען איבערגעכאַפּט די מאָס.

און ווייסט איר, חבר אַמעריקאַנער, — איך האָב מיר געזאָגט: אויב קינדער קענען נישט פאַרטראָגן די גוטס וואָס טאַטע־מאַמע טוען זיי — איז רעכט. זאָל זיין ווי זיי ווילן. איך האָב געהאַלטן אַ פּאָר מענטשן, פרעמדע מענטשן, זאָלן מיר צוהעלפן. דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, דער בלאָטער. דאָס איז דער עיקר חטא. דאָס הייסט באַנוצן זיך מיט פרעמדן טרוד. איר פאַרשטייט — מיט פרעמדער פּראַצע, כאָטש איך באַצאָל און באַצאָל גוט. נו, איז נישט. האָב איך די פרעמדע מענטשן אָפּגעזאָגט. האָב איך אַרויסגעפּאָדערט דעם זון מיט דער טאָכטער פון מאָסקווע. אַז זיי וועלן קומען, וועל איך זאָגן:

— קינדערלעך, אַ צייט אַזאַ, וואָס מען טאָר זיך נישט באַנוצן מיט פרעמדער טירחה. נו, איז גוט; זיינען מיר קוויט. זייט זשע מוחל, דער טאַטע קען מער פאַר אייך נישט האָרעווען; דער טאַטע קען פאַר אייך מער נישט ציען די אָדערן, כדי איר זאָלט שטודירן און איך זאָל זיין אַ קולאַק. האָרעוועט פאַר זיך און זעט, סע זאָל אויסקומען, אַז איינער זאָל נישט האָבן מער און דער אַנדערער ווינציקער.

— „קומט אַהיים, קינדערלעך — האָב איך זיי געשריבן — קומט אַהיים און העלפט דעם טאַטן צו ווערן אויס בעל־הגוף“.

יאָ, חבר אַמעריקאַנער, ביי אייך קען מען זיך אַוודאי חידושן, ווי אַזוי אַ מענטש, אַ בר־דעת, זאָל נעמען און אַליין זיך מאַכן פאַר אַ קבצן. ס׳איז אָבער אַזוי. כדי אָנצוטאָן אַ נחת־רוח מיין דאָרף, גיי איך ווערן אַ קבצן. מער נישט, וואָס איך וועל בלייבן ביי מיין קאַכלנעם דאַך און ביים הילצערנעם דיל. וואָרעם, אַז קיין ברויט איז נישטאָ און עס רינט נאָך אַריין אונטערן קאָלנער און עס ציען די פיס — איז אַפילו אין קרים אויך פאַסקודנע.

און איצטער קומט, חבר אַמעריקאַנער, וועל איך אייך פונדעסטוועגן באַווייזן וואָס פאַר אַ דאָרף יידן האָבן פאַר דריי יאָר אויסגעבויט. און זאָל מען נישט זאָגן, אַז איך האָב אייך פאַרכאַפּט גאָר אינגאַנצן פאַר זיך... יידן פאַרגינען נישט...

---

# VOJO NOVA

אין עמק יזרעאל, צופוסנס ביי די גלבוע-בערג, דאָרטן האָט זיך אָפּגעזעצט און בליט דער חלוצים-גייסט, וואָס האָט זיך פאַרקניפּט מיטן פאַרזומפּיקטן, קראַנקן גרונט און פאָלקס-האָפענונגען.

די שורה קאָמונעס אין יענעם טאָל, צווישן וועלכע עס האָט איבערגעלעבט אַ קריזיס די גרויסע קאָמונע תּל-יוסף, האָט מיך יעמאָלט אַרויסגעבראַכט אויף אַ גאַנצע שורה געדאַנקען. מיר איז די דערשיינונג געווען ליב אָן אַ סוף, ווייל איך האָב ביז יעמאָלט ניט געזען אַזאַ פאַרברידערונג ביי דער ערד און אַזאַ ריינעם פּיאָנערן-מוט, וואָס האָט מענטשן געטריבן מפקיר צו זיין פּערזענלעכע פאַרלאַנגען — אַבי צו פאַרפילפאַכן דעם פּראָצעס פון בויען. דאָרטן האָב איך געזען, אַז אויב מען וויל — קען מען אָפּווישן די גרענעצן צווישן מיינס און דיינס. איך האָב באַוואונדערט די קינדער-היימען ביי די קאָמונעס, וואו די קינדערלעך ווערן דערצויגן צו קענען אָטעמען פריי נאָר אין אַ קאָלעקטיווער אַטמאָספערע; איך האָב באַוואונדערט מאַן און פרוי, ווי זיי גייען ביידע אַרויס צו דער אַרבעט און וואו די פרוי איז פריי און באַרעכטיקט סיי צו דער אַרבעט און סיי צו אַ מיינונג גלייך מיטן מאַן.

אין די פּאָליטישע קרייזן האָט מען שוין געקוקט קרום אויף די קאָמונעס בכלל. ווען ניט די אָרעמקייט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָלט מען ביסלעכווייז אונטערגעגראָבן דעם קאָמוניזם און באַשאַפן פון איעדער פאָר-פאָלק אַ באַזונדערע פּויערישע ווירטשאַפט. אין די ראַמען פון ענגלישן אימפּעריאַליזם פּאַסן זיך קאָמונעס גאַנץ שלעכט אַריין. ווען עס האָבן פון ראַטנפאַרבאַנד דערגרייכט די ערשטע גרוסן, אַז די מאַכט שטיצט איעדע קאָמוניסטישע, אָדער קאָלעקטיווע דערשיינונג, איז ביי אַ סך חלוצים אויפגעקומען

אַ בענקשאַפט צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל. צום שטאַרקסטן האָט די דאָזיקע בענקשאַפט אויפגעבליט אין דער קאָמונע תל יוסף, אין שכנות מיט דער גרויסער קאָמונע עין־חרוד.

---

איך האָב צוויי מאָל באַזוכט די דאָזיקע קבוצה און אַיעדעס מאָל האָב איך אָנגעטראָפן די אומרויִקע, וואָס האָבן ביי מיר געפּאָרשט, אפשר וויים איך עפּעס צו דערציילן פון דעם רעוואָלוציאָנערן לאַנד. די מחלוקות האָט שוין יעמאָלט געהאַלטן גאַנץ ווייט. דער רעכטער נאַציאָנאַלער פליגל אין דער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט שוין יעמאָלט געשטורעמט די תל־יוספער פּאָזיציע.

אויף דער אַרבעטער־קאָנפערענץ אין תל־אביב, זומער, זיבן־און־צוואַנציקסטן יאָר, האָט בן־גוריון אָנגעצייכנט די ציוניסטישע ליניע:

— „מעלקן אַ קו פון אַייטער און ניט פון די הערנער — דאָס איז ווינציק. מען באַדאַרף ציוניסטיש מעלקן די קו“.

דער עולם האָט עס אויפגענומען מיט אַ צופרידענעם געלעכטער. דאָס איז געווען אַ פאַרוואורף די תל־יוספער, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן מעלקן די קי אינטערנאַציאָנאַליסטיש. דערפון איז די מילך גערונען געוואָרן...

אין דער אייגענער צייט האָבן אויך אין דעם רעוואָלוציאָנערן לאַנד איבערגעלעבט זייער קריזיס די חלוצישע־קאָמונעס, צוליב אַ פאַרקערטן ענין: דאָרטן האָט אַ טייל פון די חלוצים געמאָלקן די קי דווקא ציוניסטיש — מיטן פּנים געווענדט צו עמק יזרעאל.

באַדאַרפט האָט פאַרקומען דער בייט אויף אַ פּשוטן אופן: די אומשולדיקע קי האָט מען באַדאַרפט לאָזן אויף אַן אָרט. די פּאַלעס־טינער — אין פּאַלעסטינע און די פון ראַטנפאַרבאַנד — אין קרים. נאָר די מעלקערס האָט מען באַדאַרפט אומבייטן. די, וואָס ווילן דווקא מעלקן „ציוניסטיש“ — זאָלן פאָרן קיין ארץ־ישראל, און די דאָזיקע, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט צו מעלקן די קו אויף אַ „אינטער־נאַציאָנאַלן“ אופן — אַריבערשיקן קיין קרים. אָבער ניט אַזוי גרינג קומט אָן דער בייט. פּרינציפּן זיינען אין היינטיקער צייט ניט קיין קלאָטשעס, וואָס מען קען מיט זיי פאַרשטאָפּן לעכער.

אַזוי האָב איך געטראַכט אין ארץ־ישראל זייענדיק. איצטער זע איך, אַז די תל־יוספער האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט. דער לינקער פליגל האָט זיך אָפּגעריסן און האָט דערגרייכט קרים:

— „Vojo Nova“ (נייער וועג אין עספּעראַנטאָ).

דאָס איז דער נאָמען פון דער קאָמונע אין יעווּפּאַטאָרייער ראַיאָן, אויפן דרייצנטן ערד־חלק, וואו עס באַפעסטיקן זיך די תל־יוספער מיטגלידער, וואָס האָבן זיך געריסן צום לאַנד, וואו קאָמוניזם האָט געפונען אַ טרייע היים.

אינגאַנצן דאַרפן אַריבערקומען אַכציק דערוואַקסענע מיטגלידער און דרייסיק קינדער. ווען איך האָב די קאָמונע באַזוכט סוף זומער, זיינען נאָך פאָרלויפיק געווען אַריבער אַ צענדליק דערוואַקסענע, מענער און פרויען און פיר קליינע קינדער. און וואָלט איך ניט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ גרופּע חלוצים אויף קרימער ערד, וואָלט איך געמיינט, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט צו אַ פּאַלעסטינער קבוצה, וואָס טרעט איצטער צו אויפבויען אַ קאָמונע.

דאָ האָט מען זיי אָפּגעגעבן טויזנט און דריי הונדערט העקטאַר לאַנד, צוואַנציק קילאָמעטער ווייט פון יעווּפּאַטאָריע. אויף זייער לאַנד האָבן זיי געפונען אַלטע בנינים פון אַ חרובער עקאָנאָמיע און זיי האָבן געבראַכט אין אָרדענונג די חרובעווירטשאַפט. אין איינעם פון די באַנייטע צימערן, אין פיר קינדער־בעטעלעך, האָבן געוואָרקעט זויבערע און געזונטע קינדערלעך. לעבן זיי אַ פּרעבעליסטן. די אומגאַנגס־שפּראַך צווישן זיך און מיט די קינדער — איז העברעיש.

---

איך האָב זיך נישט נאָכגעפרעגט ווי גרינג, צי ווי שווער זיי איז אָנגעקומען פון דאָרטן אַוועקצופאָרן. איך האָב זיך נאָר דערוואוסט, אַז אַ עטלעכע חברים אַרבעטן אין סעוואַסטאָפּאָל, פאַרדינען צוביסלעך און שיקן צו דאָס אָפּגעשפּאָרטע אין דער קאָמונע אַריין, און שפּעטער־צו דערוואַרטן זיי די איבעריקע חברים מיט די קינדער פון פּאַלעסטינע. אַ טראַקטאָר האָט מען זיי אַרויסגעגעבן, און זיי האָבן באַוויזן אויפצואַקערן אַ פּאָר־הונדערט העקטאַר לאַנד; זיי קלייבן זיך צו פאַרזייען אַ פּאָר הונדערט העקטאַר ווייץ. פינף הונדערט

שאָף גיט מען זײ דערװײַלע און אַז אַלע חברים װעלן זיך צונױפֿנעמען, יעמאָלט װעט מען צוטרעטן בױען אַ גרױס הױז פֿאַר דער גאַנצער קאָמוניסטישער משפּחה.

די ליבע צו דער אַרבעט, װאָס מען זעט עס ניט אין ערגעץ אַזױ אַרױס װי צװישן די חלוצים אין ארץ־ישׂראל — דאָס האָבן זײ מיט זיך אַראָפּגעבראַכט. זײ האָבן אַראָפּגעבראַכט די נײטיקע דיסציפּלין. געװיס װעלן זײ דאָ זײן אַ מוסטער פֿאַר אַ סך, װאָס װעלן נעמען פֿון זײ אַ גוטן בײַשפּיל. דערװײַלע גײט עס ניט אַזױ גוט מיט די קאָלעקטיװן בײַ אונזערע איבערװאַנדערער. אין די אײנציקע קאָמונע װאָס איך האָב באַזוכט — יונגװאַלד הײסט זי — אין דזשאַנקאָיער ראַיאָן, קרים — פֿון איר בין איך אַװעק מיט אַ שװער געמיט. די עטלעכע און צװאַנציק יונגעלײַט מיט די פֿאָר יונגע פֿרױען האָבן געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון פֿאַרשיקטע. זײערע צימערן אומרײן; געלעגערס האָבן דערצײלט פֿון אַ סך לאַנגװײַליקע נעכט. די װירטשאַפֿט דרױסן האָט ניט געשמײכלט.

די ראַטנמאַכט גיט די פֿאַרשײדענע קאָמונעס די בעסטע פּריװילעגיעס. אױף אַלערלײ אופֿנים אונטערשטיצט די מאַכט אַיעדן קאָלעקטיװיסטישן פּרוּװ אין פֿעלד און אין שטאָט. די סאָװעטישע מאַכט בױט איצטער אַלײן גרױסע לאַנדװירטשאַפֿטן; און װי װאָלט די מאַכט דאַנקבאַר געװען, װען אונזערע איבערװאַנדערער, דער ייִנגערער דור, װאָלט געבױט דעם נײעם דאָרף אױף קאָלעקטיװיסטישע יסודות, גלײַך פֿון אָנהײב אָן. די יידישע איבערװאַנדערער עקשנען זיך און פֿאָרלױפֿיק הערשט בײַ זײ דער גרױסער אומצוטרױ צו קעגנזײטיקער הילף. די דערקענונג קומט אָן שװער. עס איז זײ אַפֿילו פֿאָרלױפֿיק שװער אײַנצורײדן, אַז דער דאָרף קען מיט אַ גרעסערן דערפֿאָלג באַאַרבעטן די פֿעלדער אױף אַ קאָלעקטיװן אופֿן מיט דער הילף פֿון טראַקטאָר. די נײטיקע מאָס קאָמוניסטישע קולטור דערגרײכט פֿאַמעלעך צום אַלטן דאָרף און איז נאָך װײַט פֿון נײעם יידישן דאָרף.

די תּל־יוספֿער האָבן דאָ אין לאַנד אװדאי געפֿונען די הײם פֿון קאָמוניזם; אװדאי װעט מען צו זײער װינקל קוקן מיט דער פֿולער מאָס נײַגעריקײט אױך פֿון די יידישע דערפֿער. עס איז קײן ספֿק ניט, אַז

אין אַ קורצער צייט וועלן זיי אַנטוויקלען אַ גרויסע אינטענסיווע ווירט־שאַפֿט, ביים זייט פֿון דער עקסטענסיווער תּבֿואה־ווירטשאַפֿט אויף דעם גרויסן שטח לאַנד, וואָס זיי האָבֿן געקראָגן. אַוודאי וואָלט גוט געווען, ווען אין ראַטנפֿאַרבאַנד וואָלטן זייער אָרט געפֿינען די טויזנ־טער חלוצים, וואָס האָבֿן מיט אַזאַ פֿאַרביטערטן געמיט פֿאַרלאָזן פּאַ־לעסטינע, ווייל דאָרטן איז קיין לאַנד נישטאָ פֿאַר זיי. דאָ וואָלטן זיי געפֿונען סיי לאַנד און סיי מעגלעכקייטן. גרענעצן שטייען זיי אין וועג. חלוצים פֿעלן דאָ צווישן די יידישע איבערוואַנדערער; חלוצים, וואָס אין זייער בלוט איז די בענקשאַפֿט צו דער ערד און וואָס זייערע הענט ווערן ניט מיד פֿון שווערער אַרבעט. איך האָב אַ סך פֿון זייערע געטראָפֿן אין די קוילנגריבער אין בעלגיע, אין די מעטאַל־זאַוואָדן אין פֿראַנקרייך — ווען זייער פֿאַרלאַנג איז געווען צו בויען אַ יידישע היים ביי דער ערד.

---

עס האָט זיך געעקנט אויסדאַכטן, אַז די רעוואָלוציאָנערן פֿון תּל־יוסף, וואָס האָבֿן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד אַלס פּראָטעסט צו דער גאַנצער ארץ־ישׂראלדיקער פּאָליטישער רעאַקציע, און קומענדיק אין ראַטנפֿאַרבאַנד, וואו יידיש איז אָפֿיציעל די שפּראַך פֿון די מאַסן; אַז דאָ, וואו זיי האָבֿן זיך ניט באַדאַרפֿט אַרומצאַמען מיט שטעכיקן דראָט טאָמער וועלן זיי אַראַבער באַפֿאַלן — דאָ האָט יידיש באַדאַרפֿט קו־מען צו זיי נאַטירלעך ווי די וואַרעמע קרימער לופֿט, וואו זיי האָבֿן איצטער זייערע טויזנט דריי הונדערט העקטאַר לאַנד און וואו זיי בויען זייער היים.

צום סוף, אַז מען האָט באַדאַרפֿט דער מוסטער־קאָמונע געבֿן אַ נאָמען, האָט מען זיך ניט געקענט אַן עצה געבֿן:

אויף העבֿרעיש, די שפּראַך וואָס מען רעדט צווישן זיך — איז דאָס ווידער ענגער שאָוויניזם... געבֿן אַ נאָמען די קאָמונע אויף רוסיש, כּדי צו זיין קאָנסעקווענט: עבֿרית און רוסית — איז אפֿשר ווידער געווען פֿריקרע... אָנגעבֿן אַ יידישן נאָמען די ערשטע יידישע מוסטער־קאָמונע — — — — — — — — נו, זיינען מיר דאָך יידן;
איבֿ אינטערנאַציאָנאַל — זאָל עס זיין ווי אין פּסוק שטייט:

— וואָיאָ נאָווא — עספּעראַנטאָ.

דאָס איז אויך די שפּראַך,. וואָס אַייד, ד"ר זאַמענהאָף, האָט דערפונדן און האָט דורך איר געוואָלט אָפּשאַפן מלחמות און פאַר־ברידערן פעלקער צווישן זיך... יאָ, מען האָט געקאָנט צוטראַכטן אַ יידישן נאָמען, וואָס זאָל ריידן וואַרעם און האַרציק צו די אַרומיקע יידישע דערפער.

— וואָיאָ נאָוואַ — נייער וועג.

## פּרץ־פּעלד

פון געזעררישן ערד־חלק 21 זיינען צו מיר אין דאָרף געקומען צוויי יידישע פויערים: היות ווי דאָס לעבן ביי זיי אין נייעם דאָרף קריגט שוין אַ נאָרמאַלן פּנים; מען עפנט אויף אַ לייענשטיבל, אַ שול פאַר קינדער; אַגב, קלייבט מען זיך געבן דעם נייעם דאָרף אַ נאָמען — פאַרבעט מען מיך דעריבער אויף דער שמחה און מען בעט, איך זאָל צוטראַכטן פאַר דעם נומער 21 אַ שיינעם נאָמען.

האַרבסט. די קרימער נעכט זיינען געוואָרן טריבע. אָפּטע טומאַנען. גיסט אַ רעגעלע — ווערט דער גרונט קלעפּעדיק. דער דרויסן אַ קילבלעכער. אָבער אַ שמחה איז אַ שמחה. אַ דאָרפישע שמחה איז דאָך מלא חן. און דאָ, די דערפער ווערן געבוירן און וואַקסן אויס, ממש אויף חידושים. שטאָטישע מענטשן האָבן אַ דאָרף אויסגעבויט און הייבן אָן אַליין פאַרדאָרפישט צו ווערן. באַפאַלט אַמאָל אַ טראָפּעלע מרה־שחורה. בפרט, אַז דער קרימער זומער, וואָס מען האָט געמיינט, אַז קיינמאָל, קיינמאָל וועט ער ניט אַוועק — האָט מיטאַמאָל אַזוי זיך פאַרנייגט צום טיפן האַרבסט. מען מוז דעם סוף זומער דערהאַלטן מיט אָפּטע שמחות. אַוודאי האָב איך געענטפערט, אַז איך קום און אַז איך האָב פאַרן נייעם דאָרף אַ גאָר שיינעם נאָמען. די איבערוואַנדערער, וואָס האָבן געבראַכט די איינלאַדונג, האָבן אפילו געוואָלט ביי מיר דערגיין דעם סוד פאַר דער צייט, נאָר איך האָב פאַרזיכערט, אַז דער נאָמען וועט באַשיינען דעם דאָרף, ווי דער דאָרף וועט אַוודאי באַשיינען דעם נאָמען.

שפּעטלעך אינאָוונט זיינען מיר אַ גאַנצע קאָמפּאַניע, אינאיינעם מיטן הויפּט־אַגראָנאָם ליובאַרסקי, אָנגעקומען פון אונזער דאָרף. מען האָט געצויגן פון אַרומיקע דערפער, ווי אויף אַ רייכער חתונה. אַזאַ יום־טוב איז אַוודאי נאָך מער ווי אַ חתונה;

אַן עדה דערוואַקסענע יידן און אַ פיינער עולם יונגוואַרג. און קליינע קינדער זיינען געקומען פון שטאָט און זיך פאַרקנסט מיט מאַמע־ערד...

אַוודאי מוז מען פראַווען אַ שמחה, ממש אַ בדחן זאָל נאָך דערבּיי זיין און אין דער ריכטיקער שעה אַ באַמקע טאָן: „וויין, כּלהלע, וויין, וואָרעם איצטער ביסטו דאָך שוין ניט מער אַליין...“

---

אַיעדער נייער דאָרף קריגט פון ערשטן טאָג אָן זיין אייגנאַרטיקן פּנים, עס איז נאָר געווענדט, ווער עס זיינען די אַיינוואוינער פון דאָרף. איך בין ניט אויסן דאָס פּנים פון די הייזער. מיט דער אויסערלעכקייט צייכענען זיך די דערפער ניט אויס. איין שאַבּלאָן. דער געזעררישער דאָרף, מיט ליימענע דעכער. דער אַגראָדזשאָינטי־שער — שיינט מיט זיינע רויטע קאַכעלנע דעכער. די הייזער — איינס אין אַנדערן געראָטן ווי צוויי טראָפּן וואַסער. צום מיינסטן באַשטייט דער דאָרף פון איין לאַנגער גאַס און אָפטמאָל — פון צוויי קירצערע גאַסן, וואָס מאַכט אים אויסזעען, ווי אַ צווילינג־דאָרף. אומעטום דער קרימער ברונעם, אַרום אים פיר געמויערטע זיילן און צווישן די זיילן אַ וואַל ווערטיקאַל, מיט אַ צילינדער אַרום און מיט מיט אַ גרויסן דישל פון וואַל אַרויס און מיט אַ שטאָלענער שטריק אַרום צילינדער, מיט אַ גרויסן פינף־עמערדיקן שעפ ביים עק שטריק און אַ פערד, וואָס דרייט זיך אין קרייז, אַ צוגעשפּאַנטער צום דישל און שלעפּט דאָס וואַסער מיט דעם גרויסן קובל פון טיפן ברונעם אַרויס, אָנדרייענדיק די שטריק אַרום צילינדער — — — אַזוי קען מען גאָר גרינג דאָרף אויף דאָרף פאַרבּייטן.

נאָר דאָס פּנים פון די אַיינוואוינער — איז ניט צו פאַרבּייטן. די אַיינוואוינער גיבן דעם דאָרף זיינע כאַראַקטער־שטריכן. איין דאָרף שיקט אַייך אַרויס אַנטקעגן זיינע מוטיקע, ענערגישע אָפּטי־מיסטן. אַ צווייטער דאָרף — זיינע קרעכצערס, זיינע זיפצערס, זיי־נע מרה־שחורהניקעס. איין דאָרף שיקט אַייך אַנטקעגן זיינע מאַנס־לייט; אין אַ צווייטן דאָרף קומען אַייך אַנטקעגן די מאַמעס מיט די קינדער. וואו עס שטייען מיידלעך און קוקן אַרויס צו דער ברייטער גאַס און קריסטלעכע פרויען, געדוננענע, שמירן אַרום די יידישע

הייזער, און וואו די מיידלעך פון דאָרף קענעטן אַליין די ליים מיט די פיס און שמירן אַליין, קאַלכן אַליין די הייזער אַפילו פון דרויסן אויך.

די איבערוואַנדערער פון נומער 21 זיינען באַקאַנט. ערשטנס, האָבן זיי אַ צייט געפירט אַ מחלוקת מיט געזערד און האָבן ניט געוואָלט ביי־ערטן בויען דעם דאָרף אויף דעם אָרט, וואו מען האָט זיי אָנגעוויזן. אַז זייער דאָרף וועט זיך איינגאַנצן פאַרבויען, וועט ער האָבן קרוב פון הונדערט הויפן. דער ערד־חלק איז אַ גרויסער. און זיי האָבן געוואָלט האָבן דעם דאָרף דווקא אויף אַן ערד־שטח, וואָס איז אַרויס פון זייער גרענעץ. אַ דאָרף אין קרים איז מיט זיין פלאַץ שטאַרק אָפּהענגיק פון ברונעם, און אַ ברונעם גראָבן איז אין קרים אַ פּראָבלעמע. ערטערווייז האָט מען דעם ברונעם אַריבער צוויי הונדערט פוס טיף. מען האָט אים דורך שטיין־שיכטן. מען איז אין אַ טאָל זיכערער מיט וואַסער. און דעריבער זיינען דאָס רוב דערפער אין קרים כסדר אין טאָל, וואו דער ברונעם געפינט זיך.

די „איין־און־צוואַנציקער“ האָבן זיך אַזאַ פּרינציפּ ניט געוואָלט אונטערגעבן און האָבן זיך אַ צייט געוואַלגערט אין די אַלטע בנינים פון גוטסבאַזיצער, צו וועמען די ערד אַרום האָט אַמאָל געהערט. די פעלדער האָבן זיי באַאַרבעט. און אַרויסגעוויזן זיך פאַר גוטע פויערים. געראַטעניש האָט זיך באַוויזן און קיין היים איז ניטאָ. נאָר סוף־כל־סוף האָט מען זיך אונטערגעגעבן און צוגעטראָטן בויען דעם דאָרף. און ווען עס האָבן זיך באַוויזן אַריבער פערציק הייזער, איז שוין דער אָרט ליב געוואָרן.

אָבער דער עיקר צייכנט זיך אויס דער 21 מיט זיין מאַשינען־געזעלשאַפט, וואָס האָט באַוויזן, אַז מען קען אָנהייבן פון סאַמע אָנהייב באַאַרבעטן די ערד מיט טראַקטאָרס און מיט בעסערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מעטאָדן און אַז אָקסן זיינען ניט אַ מוז ביים פויער. די איבערוואַנדערער האָבן זיך פאַראייניקט; מען האָט זיי אַרויסגעגעבן טראַקטאָרס און דער ענין איז נאָרמאַל אָרגאַניזירט. מען האָט אין פרילינג אין צייט אויפגעריסן געגנט שוואַרצבּרוך פאַר דער ווינטער־זריעה. מען האָט סוף־זומער אַ פּאָר מאָל דעם צוגעגרייטן גרונט אי־

בערגעאַקערט. מען האָט אין צייט פאַרזייט די פעלדער. און טאַקע פאַרזייט אַ סך מער פעלד, ווי די שכנישע דערפער, און האָבן נאָך מיט די אייגענע טראַקטאָרס פאַרדינט אין די אַרומיקע דערפער.

דאָ האָט מען געזען, אַז גוטער ווילן און פאַראייניקטע ענערגיע איז אַ ברכה פאַרן נייעם דאָרף. האָט מען דעריבער געוואָלט מאַכן די שמחה וואָס גרעסער און זאָלן זיך טאַקע די געמיטער אַ ביסל צעוואַרעמען; זאָל מען אַראָפּריידן פון האַרצן פאַרדרוס; אַראָפּריידן פון האַרצן דאָס, וואָס עס פאַסט זיך ביי אַזאַ געלעגנהייט; בשעת מען פאַרבינדט די קומענדיקע טעג מיט מאַמע-ערד.

---

מיט דער דאָזיקער שמחה האָט מען באַנייט דאָס גרעסטע הויז אין דאָרף, וואָס אַ עלטערער איבערוואַנדערער האָט געבויט אַ ביסל גרעסער אויף דעם אייגענעם חשבון און אויף דעם חשבון פון זיין גרויס געזינד. די חדרים זיינען נאָך ניט געווען פונאַנדערגעטיילט, מחמת דאָס הויז איז נאָך ניט געווען פאַרענדיקט — האָט עס דעריבער געגעבן אַ מעגלעכקייט אַריינצולאָזן אַ גרעסערן עולם און מען זאָל זיין אינאיינעם. דאָס, וואָס דאָס הויז האָט, קיין דיל ניט געהאַט און אויך ניט קיין סטעליע, ווי דער שטייגער אין די געזערד-הייזער — דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז די שמחה איז אין אַן אויפגעראָמטער שטאַל. דער גרויסער עולם, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס הויז ביז צום אויפן-אויוון און די יום-טובדיקע פנימער — האָבן אויף אַלץ מכפר געווען. דער איין-און-איינציקער בליך-לאָמפּ האָט מער געוואַרעמט, ווי געלייכטן, אָבער ליכטיק איז פאָרט גע-ווען...

דאָ האָט דער גרויסשטעטישער עולם, סמאָלענסקער און מאָסקווער — נאָך אָפּגעהיט אַ שבתדיקן בגד אין מען האָט אויף אַ ווילע געקענט פאַרגעסן, אַז מען איז אין אַ דאָרף. אימפּראָוויזירטע טישן פון לאַנגע ברעטער האָבן זיך געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון ניט פאַרענדיקטן הויז — מיט אַן אויבנאָן; מיט זייטיקע טישן; מיט הויפּט-מחותנים און זייטיקע געסט. פיר טאָטערשע קלעזמאָרים (צוויי פידלען, אַ קלאַרנעט און אַ קאָרנעט) — זיי האָבן געקנאַקט דעם אינטערנאַציאָנאַל נאָך אַיעדנס רעדע און ביים אָנ-

קומען פון אַ וויכטיקן גאַסט. מאַכלים האָט מען געגרייט, גאָרניט ווי בײַ ישובניקעס. מאַכלים, מיט אַ גילדערנער יויך, ווי עס פּאַסט זיך אויף אַ חתונה, וואו מען גיט אויס די מעזשינקע. אַ גרויסער טייל פון עולם האָט טאַקע אויסגעזען, ווי בײַ דער מעזשינקעלע אויף דער חתונה. — ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפיציעלער טייל פון דער שמחה.

ווי דער שטייגער, האָט די פּאַרטיי געשיקט אַ פּאָרשטייער צו באַגריסן. בײַ אַזאַ געלעגנהייט מאָלט מען די יידישע רעכטלאָזיקייט אין צייט פון צאַריזם. מען מאָלט דאָס בילד פון די אונטערדריקטע יידישע מאַסן. מען גייט איבער צו דער באַפרייונג פון די אונטערדריקטע נאַציעס, בתוכם די יידישע מאַסן, און מען מאָלט די לויטערע צוקונפט פון אַלע פאַראייניקטע נאַציעס אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד. דערנאָכדעם רעדט מען פון יידנס איבערגיין צו ערד-אַרבעט און מען שטרייכט אונטער דעם גרויסן פאָרשריט, וואָס די רעגירונג האָט שוין געמאַכט אויף דעם וועג צו דער פּראָלעטאַריזירונג פון די יידישע מאַסן. און כאָטש די דאָזיקע פראַזן זיינען שוין גאַנץ באַנאַל, פונדעסטוועגן קען מען זיי הערן אַ סך מאָל און מען ווערט ניט מיד, בעת זיי קומען אַרויס נאַטירלעך און בעת זיי ווערן אַרויסגעזאָגט פון אַ ניט-יידן, פון אַ געבוירענעם אין דעם אייגענעם קרים, וואו מען האָט אַיעדן מעגלעכן פרייען שטח לאַנד אָפּגעשניטן פאַר יידן.

אייגענע מענטשן האָבן געמאָלן דאָס בילד פון די ערשטע ווייען אין סטעפּ, און פון חברשע און ניט חברשע סיכסוכים. אייגענע מענטשן האָבן גערעדט און געקרעכצט, וואָס די נייגנוואַרט פון יידישן פויער איז פאַרלייפיק ניט קיין העלע. מען האָט בײַ דער געלעגנהייט געשטראָפט דעם געזערד און עס האָבן גוט געהערט די אַגראָדזשאָינטישע געסט, אַז די פויערשע ווירטשאַפט, ווי זי איז אָפּגעשטאַנען אין איצטיקן מאָמענט, איז ניט בכוח צו שפּייזן דעם פויער און איז ניט בכוח אַרויסצורופן ביים פויער קיין באַגייסטערונג, ער זאָל זיינע יאָרן אַוועקגעבן מאַמע-ערד — — —

עס האָבן פאָרט די אָפּטימיסטן גענומען די אייבערהאַנט. די רעדנער האָבן פונאַנדערגעוויקלט דאָס בילד פון יידישן עלנט אין

שטעטל, וואו די דעקלאַסירטע מאַסן וואָלטן זיך געוואונטשן צו זיין אין מצב פון איין־און־צוואַנציקסטן ערד־חלק, וואָס קען פאַר אַ קורצער צייט שוין אָנווייזן אויף אַ גאַנצער שורה דערגרייכונגען.

דער עלטסטער אַגראָנאָם, ד״ר ליובאַרסקי, וואָס פירט אָן מיט דער גאַנצער אָפּעראַטיווער אַרבעט ביים אַגראָדזשאָינט, האָט גע־רעדט פון זיין אייגענער דערפאַרונג און האָט דערציילט, ווי ווייט עס איז געווען אוממעגלעך צו חלומען, אַפילו דעמאָלט, בשעת ער האָט אָנגעהויבן אַלס אַגראָנאָם, וועגן אַזאַ גרויסער יידישער אי־בערוואַנדערונג צו ערד־אַרבעט:

— דעמאָלט זיינען געווען אַ עטלעכע יידישע אַגראָנאָמען, וואָס האָבן אַרויסגעזען אַ יידיש פעלד נאָר אין פּאַלעסטינע. איצטער פאַרמאָגן מיר שוין אַ גרויסע צאָל יידישע אַגראָנאָמען, וואָס גיבן אַוועק זייער ענערגיע און זייער וויסן פאַר די יידישע איבערוואַנדע־רער אויף די יידישע פעלדער אין אוקראַינע און קרים.

עס קומט אָן דאָס וואָרט צו מיר.

ליב צו ריידן פאַר די יידישע איבערוואַנדערער. הלוואַי וואָלט איך נאָר אָנגעקומען אין אַ גוט יאָר; הלוואי וואָלט איך נאָר או־מעטום געפונען אַ גרינגן געמיט — ווי ליב און ווי גרינג מיר וואָלט געווען צו מאָלן פאַר די איבערוואַנדערער דעם וואונדער פון דער צייט, וואָס האָט געקענט מעגלעך מאַכן דווקא אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד, וואו אַ ייד האָט ניט געטאָרט פאַרמאָגן קיין שטיקל ערד אויסערן שטאָט, אַז דווקא אין דעם לאַנד פון סאַמע פאַרסמטע גע־פילן צו יידן — זאָלן איצטער יידן זיין בירגער פון לאַנד, בירגער מיט אַלעמען צוגלייך, און וואו די היסטאָרישע קרומקייטן ווערן איצ־טער מיט אַזאַ פשטות אויסגעגלייכט. מען באַדאַרף דאָ נאָך ריידן אַ סך מאָל צו אונזערע; צעקייען עס און אַריינלייגן זיי אין מויל אַריין, זיי זאָלן עס באַגרייפן; זיי זאָלן שפּירן דעם טעם אין די פרייע, נאַ־זיי אָפּגעצייכנטע צוואַנציק העקטאַר לאַנד, מיט שטיצע, מצד דער רעגירונג און מצד געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. מען איז פאַר־ביטערט און די נויטבאַדערפענישן פון יעדן טאָג, פון יעדער שעה פאַרשלאָגט דעם קאָפּ. נאָר אַז מען דערמאָנט עס דעם עולם אויף אַ שמחה, האָט עס די נייטיקע ווירקונג: אויגן צינדן זיך אָן, פנימער

פלאַמען, אַלטע וואונדן באַהאַלטן זיך און עס ווילט זיך אַרויסגיין אין אַ ריקודל.

יאָ, מען האָט אויסגעקוקט, וואָס פאַר אַ נאָמען דער יידישער שרייבער וועט געבן זייער דאָרף — זייער קינד.

---

פון די דריי קלאַסיקער: מענדעלע, שלום-עליכם און פּרץ, איז אין ראַטנפאַרבאַנד שלום-עליכם דער פּאָפּולערסטער. ס׳איז נאַטיר-לעך. שלום-עליכמס „מנחם-מענדל" איז דער פּראָטאָטיפּ און ער האָט גורם געווען, אַז איצטער זאָל זיך דער יידישער קרעמער, אָדער שטרייעלע-קייער, שעמען מיט דעם מנחם-מענדלשן געשטאַלט און זאָל וועלן, וואָס שנעלער ווערן אַ נוצלעכער מיטגליד פון דער גע-זעלשאַפט. אויף זיין נאָמען איז פאַראַן אַ צענטראַלער דאָרף אין כערסאָנער ראַיאָן. דאָס איז דער „שלום-עליכם-דאָרף" מיט דעם יידישן דאָרפסראַט, וואָס איך האָב באַשריבן אין אַ פריערדיקן קאַ-פּיטל.

מענדעלע מוכר-ספרים שטייט אידעאָלאָגיש פיל נעענטער צו די אַרבעטער-מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד; נאָר זיינע בילדער, זיינע שילדערונגען זיינען שוין איצטער אויסער דער צייט. שלום-עליכמס מנחם-מענדל" דרייט זיך נאָך איצטער אויך אַרום דאָ און דאָרטן אין יעהופּעץ, צי אין אַן אַנדער שטאָט. מענדעלעס „פישקע דער קרומער" איז אַ עבר-בילד. דאָך הענגט מענדעלעס בילד דאָ פון אויבנאָן ביים זייט מיט קאַרל מאַרקסן, לענינען. אויף זיין נאָמען זיי-נען פאַראַן אַ פּאָר דערפער.

ווינציקער פּאָפּולער איז י. ל. פּרץ. זיין רעוואָלוציאָנערישקייט באַדאַרף מען גיכער זוכן אין זיין פאָרמע, ווי אין אינהאַלט. זיין רעוואָלוציאָנערישקייט איז אָפטמאָל אין די עקספּרעסיאָניסטישע מע-טאָדן זיינע. די סאָציאַלע מאָטיוון זיינע האָט מען דאָ אַרויסגע-שיילט. אים דערלאַנגט מען צום לעזער מיט געוויסע רעזערוואַציעס; זיינע ווערק קלייבט מען איבער. אויף זיין נאָמען זיינען פאַראַן ביבליאָטעקן און „ליטעראַרישע ווינקלען". קיין דערפער האָבן ביז איצטער זיין נאָמען ניט געטראָגן.

און דאָ, אויף דער שמחה פון נייעם, גרויסן יידישן דאָרף נומער 21, בשעת עס איז אויסגעפאַלן אויף מיין כבוד אים אַ נאָמען צו געבן, האָב איך בכיוון לאַנג געדעדט און געמאָלן די באַדיי־טונג פון גרויסן יידישן קלאַסיקער און אַז די יידישע וועלט וועט האָבן אַ נחת־רוח דערווייסנדיק זיך, אַז מיט זיין נאָמען האָבן יידי־שע איבערוואַנדערער אָנגערופן זייער דאָרף. איך האָב אַ נאָמען געגעבן דעם ערד־חלק 21:

— „פ ר ץ־פ ע ל ד".

דער עולם האָט עס אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג און עס האָט זיך אָנגעהויבן די שמחה.

---

גרויסשטעטיקע יידן האָבן באַוויזן, אַז מען באַדאַרף, קען מען פאַרגעסן אַלטע האַגות; אַז מען וויל — קען מען באַווייזן, אַז מען שטייט אויף דער ערד, כאָטש אַ פּאָר איבערוואַנדערער האָבן זיך דווקא געריסן אויף די טישן טאַנצן. די ענגשאַפט איז אָנגעקוואָלן. אַלט און יונג האָט זיך איבערגעמישט. מען האָט גענומען צו בים־לעך משקה. די געמיטער האָבן זיך ביי די פּרץ־פעלדער־לייט צע־וואַרעמט און די אויגן האָבן אָנגעהויבן זוכן די שולדיקע אין זייער איצטיקער שמחה; די שולדיקע אין זייער דערפאָלג מיט דעם אי־בערגאַנג צו מעכאַניזירטער פעלד־ווירטשאַפט — האָט מען דער־טאַפט דעם הויפּט־געזערדישן אַגראָנאָם, דעם פאָלקסטיפ ט., אויף וועלכן מען האָט געמסרט אין די צייטונגען, אַז ער באַהאַנדלט צו־האַרב די איבערוואַנדערער.

— לאָמיר אים הייבן; לאָמיר אים טרייסלען!

גיי הייב אַ ריז, אַ דעמב אַ גאַנצער, וואָס האָט זיך אין דער ענגשאַפט אַזוי איינגעוואָרצלט צווישן די געסט, אַהינטערן טיש. מען האָט אים אַרויסגעריסן און אַוועקגעטראָגן אויף די הענט. יידן זיינען קיין גזלנים ניט. און מען האָט געהאַלטן לכבוד אים רע־דעס, אַז ווען ניט ער, וואָלט איצטער קיין שמחה ניט געווען. מען האָט זיך איצטער דערמאָנט אין אַלע אַגראָנאָמען און מען האָט זיי געשליידערט ווי פעדערלעך פון האַנט צו האַנט איבער די קעפּ פון דער יום־טובדיקער ענגשאַפט.

מען האָט אויפגעזונגען, מיטן ניגון פון „אַקדמות“, די ליד, וואָס איז שוין אויפגעוואַקסן אין נייעם יידישן דאָרף:

ווען פון אַלע געזערדן
וואָלט געוואָרן איין געזערד,
אוי, —
וואָס פאַר אַ געזערד דאָס וואָלט געווען!

און ווען פון אַלע ערד־חלקים
וואָלט געוואָרן איין ערד־חלק,
אוי, —
וואָס פאַר אַ ערד־חלק דאָס וואָלט געווען!

און ווען פון אַלע אַגראָנאָמען
וואָלט געוואָרן איין אַגראָנאָם —
אוי, —
וואָס פאַר אַן אַגראָנאָם דאָס וואָלט געווען!

און ווען פון אַלע איבערוואַנדערער
וואָלט געוואָרן איין איבערוואַנדערער —
אוי, —
וואָס פאַר איבערוואַנדערער דאָס וואָלט געווען!

וואָלט געקומען דער גרויסער געזערד
מיט דעם גרויסן אַגראָנאָם
און גענומען דעם גרויסן איבערוואַנדערער,
און באַזעצט אויפן גרויסן ערד־חלק —
אוי, אוי, אוי —
וואָס פאַר אַ אַחדות דעמאָלט וואָלט דאָס געווען!

---

אין פּרץ=פעלד זיינען סימנים פון אַזאַ אַחדות שוין פאַראַן און דעריבער האָט דער דאָרף די מעגלעכקייט, אין אַ פּאָר גוטע יאָרן, אַרויס אויף דעם גלייכן וועג.

און געווים וועט פּרץ=פעלד ווערן מיט דער צייט אַ מוסטער=דאָרף אין יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן.

---

# אַ שול געעפנט

עס איז אונזער שטאַרקייט: אַ ייד קען ניט זען, אַז די קינ־דער זאָלן אַרומגיין פוסט־און־פאַס.

און פוסט־און־פאַס מיינט נאָך עד־היום:

— מיין קינד איז שוין זעקס יאָר אַלט און כ׳האָב פאַר אים קיין שול ניט.

יאָ, מאַמעס האָבן פאַר מיר געקלאָגט, אַז זייערע זעקס־יאָריקע קינדער האָבן ניט, וואו צו לערנען. עס איז צום באַדויערן, וואָס אויף איעדן ערד־חלק, אין יעדן דאָרף איז די ערשטע צייט פאַראַן אַ געוויסע צאָל קינדער פון אַריבער צען־צוועלף יאָר, וואָס האָבן ניט וואו צו לערנען. די זאָרג הייבט זיך אָן פאַר די קליינע קינדערס וועגן. און ווי נאָר די איבערוואַנדערער קומען אָן; ווי נאָר מען האָט די ערשטע פאָר הייזער אויפגעשטעלט; אַבי נאָר עס באַווייזן זיך די עטלעכע קינדער — וואַקסט שוין אויס די זאָרג:

— וואָס וועט זיין דער תכלית?
— די קינדער ווערן פאַרגרעבט.
— די קינדער ווערן פוסט־און־פאַסניקעס.
— די קינדער ווערן פאַסטעכער.
— די קינדער וועלן אויסוואַקסן ווילדע.

דעריבער, אַז מען דערקלייבט זיך ביז צו אַ שול עפענען; ווער זאָגט נאָך, אַז מען עפנט די שול גלייך אין ערשטן יאָר — איז דאָס געוויס דער ערשטער ערנסטער יום־טוב אויפן ערד־חלק. דער דאָרף איז נאָך דערווייליע אין וויקעלעך — אָבער דער ערד־חלק איז אַ ממשות. און אויב עס באַווייזן זיך אויפן ערד־חלק אַ סך קליינע קינדער, איז אַ גוטער סימן. באַווייזט עס, אַז טאַטע־מאַמע זיינען אָנגעקומען. באַווייזט עס, אַז מען האָט מיטן שטעטל אָפגעשניטן און דאָ מיינט מען מיט אַן ערנסט. אַז טאַטע־מאַמע אינ־איינעם מיט קינד־און־קייט קומען אָן — יערט עס גאָר אַנדערש

אויפן ערד-חלק. אַלץ וואָלט מען וועלן מיטאַמאָל. כאָטש אין חלום זען, ווי די גרויסע שטאָט קומט אויף אין סטעפּ.

אַ גרויסער חלק ערד איז נומער 12, אין יעװפּאַטאָריער ראַיאָן, וואָס וועט אויף זיך טראָגן אַ דאָרף פון הונדערט און צען הויפן. דערווייל איז דער ישוב נאָך קיין יאָר ניט אַלט. דערווײלע, אין ערשטן יאָר, האָט מען באַוויזן אויפצושטעלן עטלעכע-און-צוואַנציק הייזער. נאָר אין דמיון ביים איבערוואַנדערער איז דאָס ניט אַ דאָרף — מאָסקווע! אין דמיון איז דער נומער 12 אַ וועלט מיט וועלטעלעך. היציקע מוחות האָבן שוין אויפן ערד-חלק בדמיון אויפגעבויט זאַוואָדן, קוסטאַר-אַרטעל׳, מילך-ווירטשאַפטן, וואָס מילך פון דעם ערד-חלק וועט שטראָמען, ווי אַ טייך און צעפּלייצן זיך אַזש ביז צו דער וואָלגע. דער דמיון איז אַ גוטער. שיין, אַז מען הויבט אָן מיט אַ ביסל פאַנטאַזיע. שאַדט ניט, אַז קינדערלעך ווערן געבוירן אויף דעם חשבון פון אַזאַ העלער צוקונפט. שאַדט ניט, וואָס אויף דעם חשבון פון דער העלער צוקונפט באַדאַרף מען דערווייל ניט לאָזן, אַז די אונטערגעוואַקסענע קינדער זאָלן אַרומגיין פוסט-און-פּאַס (אַי ווילן עס די קינדער אַרומגיין פוסט-און פּאַס, ווי נאָר זיי דערשמעקן דעם סטעפּ!).

דעם שול-בנין בויט אויף דער אַגראָדזשאָינט. אַ לערער און ביכער — דאָס געהער צו דער רעגירונג. פאַר ווינציקער פון צוואַנציק קינדער איז דערווייל שווער צו מאַכן גרויסע הוצאות. פאַר ווינציקער פון צוואַנציק קינדער קען מען אויף גיך קיין בנין ניט אויפשטעלן און מען קען ניט אָפּרייסן קיין לערער פון אַ בילכערן אָרט. אָבער דער ערד-חלק נומ. 12 האָט אין ערשטן יאָר באַוויזן, אַז אַ יידישער ישוב וועט שוין אויף אים זיין. גלייך אין ערשטן זומער זיינען אָנגעקומען קליינוואַרג, וואָס האָבן זיך, ווי יונגע סאַרנעס אַרומגעטראָגן איבערן סטעפּ. תחילת האָט עס הנאה געטאָן. תחילת האָט מען די קינדער געלאָזט אַ הוליע טאָן. אַגב, האָבן די עלטערע קינדער אונטערגעהאָלפן די טאַטעס ביי די אָקסן און ביים שטיינער שלעפּן; אונטערגעהאָלפן אַ ביסל אין פעלד. דער זומער איז אַוועק. די זאָרגן זיינען אַלע אָנגעקומען און זיך אויסגעשטעלט פאַר די איבערוואַנדערער אין איין שורה:

— ווינטער־זריעה און — אַ שול פֿאַר די קינדער.
— ברויט אויפֿן ווינטער און — אַ שול פֿאַר די קינדער.
— פֿאַשע פֿאַר די בהמות און — אַ שול פֿאַר די קינדער.
— באַהייצונג אויפֿן ווינטער און — אַ שול פֿאַר די קינדער.
— שיך און שטיוול אויפֿן ווינטער און — אַ שול פֿאַר די קינדער.

די אָפּטימיסטן האָבן זייערס אויסגעפֿירט. מען האָט דערווייל געקראָגן אַ צייטווייליקע הויז. דער בילדונגס־קאָמיסאַריאַט האָט צוגעשיקט אַ לערערין. מיט קינדער האָבן באַזאָרגט די איבערוואַנדערער. דער יום־טוב איז אויפֿגעקומען ערנסט און טרויעריקלעך, ווי עס איז אויפֿגעקומען די ערשטע שפּע היי־יאָר אין סטעפּ.

---

אַז מען לעבט אַ געוויסע צייט אין דאָרף, באַמערקט מען, ווי פּאַמעלעך, אָבער גאָר זיכער טוט די נאַטור אירס: זי לייגט אָן איר ערנסט און שווייגעוודיקייט אויף מענטשן. איך האָב מיר אַ סך מאָל געחידושט, ווי פֿאַר אַ גאָר קורצער צייט זיינען אונזערע היציקע קעפּ אָפּגעקילט געוואָרן ביי דער ערד. פֿאַרשטייט זיך, עס זיינען נאָך געבליבן, וואָס דער קוועקזילבער לאָזט זיי ניט צו באַרויקן זיך אַפֿילו אויפֿן דריטן יאָר אין דאָרף. דעם אַלגעמיינעם איינדרוק קען מען נאָר האָבן ביי אַ געלעגנהייט, בעת מען באַדאַרף זיך ניט באַקלאָגן, בעת מען רודערט זיך ביי די וואָרצלען פֿון נייעם לעבן; בעת מען טאַפּט אַרום נאָך אַמאָל, צי דער פֿונדאַמענט איז גוט אַוועקגעלייגט געוואָרן. דער דאָרף איז נאָך בכלל אין די וויקעלעך. זיין לעבנשטייגער ניט אויסגעקריסטאַליזירט, מען קען ניט זאָגן, אַז עס זיינען שוין אָנגעצייכנט זיינע ספּעציעלע כאַראַקטער־שטריכן. גיכער פֿון אַלץ, פֿאַלט מען דערווייל אַרונטער אונטער דעם דרוק פֿון אַלטע דאָרפֿישע טראַדיציעס. די דאָרפֿישע שווערקייט, וואָס מען קען פֿאַרבייטן מיט ערנסט; די דאָרפֿישע ווערטער־קאַרגשאַפֿט, וואָס מען וואָלט אָפֿט־מאָל געקענט אָננעמען פֿאַר איינגעבוירענער וויזהייט. דאָס באַמערקט

מען שוין ביי אונזערע איבערוואַנדערער. עס באַדאַרף נאָר זיין די פּאַסיקע געלעגנהייט פאַר דעם.

דער עילם, וואָס האָט זיך געקליבן פון אייגענעם ערד־חלק און די פון די אַרומיקע דערפער — זיי אַלע האָבן געבראַכט מיט זיך אַ רײדעוודיקן שטילשווייגן, אָדער אַ פאַרבונדענע באַריידעוודי־קייט: די קינדערלעך, וואָס האָבן זיך אַ זומער־לאַנג אומגעיאָגט מיטן ווינט אין סטעפּ, האָבן איצטער אַרויסגעשטעלט זייערע מעלות. נאָכדעם, ווי די מאַמע האָט אויסגעפּוצט איר קינד מיט וואָס זי האָט געקענט, די מיידעלעך אויסגעצוואָגן און פאַרפלאָכטן אַ צע־פּעלע, אַפילו מיט אַ בענדל אין צעפּל; ווען יינגלש געשוירן — אַרויסגעטיילט דעם שטערן און אויסגעוואַשן די אויגן, מען זאָל זען, אַז „ניט פון אַבי וועמען קומט מען אַרויס און ניט אַבי־ווי האָט מען אַמאָל געלעבט". מיידעלעך האָבן זיך געלאָזן אַרומוואַשן שטאַרקער און דאָס שטאָטישע האָט זיך דעם אָוונט געפּלייסט. שיכעלעך האָט מען אויך צום גרעסטן טייל אָנגעטאָן. יינגלעך האָבן די סטאַטעטשנעקייט לאַנג, לאַנג דעם קרימער ווינט אַוועקגעגעבן. יינגלשער טראָט, טאָמער האָט ער איינמאָל זיך צעשטאָכן אין קרי־מער קוראַי — האָט ער עס ליב געקראָגן. עס האָבן אַפילו די טאַ־טעס ליב געקראָגן צו זען, ווי די זונעלעך שפּרינגען ווי ציגן באַר־וועס איבער דעם שטעכעדיקן קוראַי, וואָס באַוואַקסט די נאָך ניט שטאַרק באַוואוינטע גאַס. די יינגלעך זיינען געקומען צום גרעסטן טייל באָרוועס (פאַרשטייט זיך, אַז ניט ביי אַלעמען זיינען שיך פאַראַן).

צום יום־טוב זיינען אַראָפּגעקומען געסט פון שכנישן דאָרף ניי־בריאַנסק. אַ עלטערער דאָרף, וואָס האָט קיין מזל ניט ניט צו דער ערד און ניט — ווי זיי זאָגן — צו דער פירערשאַפט. זיי פאַרלאָזט מען. אַ עלטערער דאָרף, שוין דריי יאָר אַלט, געוועזענע באַלעבאַטים פון דער היים אין בריאַנסק וואָס אין „טיף האָסיי" און דאָ איז מען פאַראַרעמט געוואָרן. אויף דער שמחה זיינען דווקא יענע אַלטע איבערוואַנדערער נאָך מס׳גל געווען צו באַווייזן, אַז „שטאָט" איז ניט „דאָרף" און אַז דאָס, וואָס מען האָט אַמאָל אין שטאָט געגייט — באַשיינט דעם מענטשן... אין יענעם דאָרף

שטען די מיידלעך מיט דער גרויסשטעטישער חשיבות און גרויסשטע־טישער קענטעניש: גימנאַזיעס געענדיקט. נאָר די קליינע קינדער פֿון ניי־בּריאַנסק האָבּן נאָך בּיז איצטער ניט געהאַט, וואו צו לערנען. דאָרטן איז דער עולם ניט קיין אײַנגעזעסענער. קינדער בּצימצום. קוים אַ־ריבּער אַ צענדליק און עס העלפֿט ניט, וואָס מען בּעט זיך בּיי דער מאַכט—קיין שול האָט מען זיי די גאַנצע צייט ניט געגעבּן. דערפֿאַר געדענקען אָבּער די קינדער פֿון ניי־בּריאַנסק אויף אויסנווייניק, וואָס זיי האָבּן נאָך געלערנט אין דער היים. מיט די קינדער גרויסט זיך ניי־בּריאַנסק. און איצטער, אויף דער שמחה פֿון ערד־חלק נומער 12, וואָס האָט אַ גרויסע צוקונפֿט, טאַקע צוליבּ זיין גרויס און צוליבּ דעם, וואָס דאָרט וועט מיט דער צייט זיין אַ יידישער דאָרפֿסראַט — אויף דער שמחה זיינען ניי־בּריאַנסקער געקומען און האָבּן בּאַוויזן, אַז איבּ קיין מזל איז ניטאָ, העלפֿט ניט קיין חכמה און עס העלפֿט ניט קיין גרויסשטעטישער פּאַרנעם. עס זיינען געקומען די מע־נער טאַקע נאָך אין היימישע, אמתע שבּתדיקע בּגדים. אַ סור־דוט — איז נאָך אַ סורדוט. אַ גביריש פּוטערל — איז נאָך ניט מיטן האַנט אַוועקצומאַכן. די שיינע מיידלעך פֿון ניי־בּריאַנסק האָבּן אויף קיין פֿאַל ניט אויסגעזען, אַז דער איצטיקער דאָרף גייט ווערן זייער היים; זיי האָבּן שוין אויסגעזען, ווי קינדער פֿון דעם צוקונפֿטיקן דאָרף, וואָס וועט אפשר זיין די שיינע דאַטשע פֿון דער פֿאַרהאָרע־ווּעטער שטאָט. די מאַמעס האָבּן אויסגעפּוצט די קינדער און גע־קומען בּאַוויזן:

— זעט, אַזעלכע קינדערלעך ליכטיקע זאָלן קיין שול ניט האָבּן שוין דעם דריטן יאָר.

ניי־בּריאַנסק האָט געבּראַכט איינענע קלעזמאָרים: צווי היימישע פֿידלען, וואָס קענען דעם יידישן חנדעלע אויספּיעשטשען און קע־נען אויך אַ קאָזאַצקע אויסשפּילן. ניט מער, וואָס פֿאַר די דריי יאָר, זינט מען איז בּיי דער ערד, זיינען די הענט שווער געוואָרן, די פֿינגער וואָרצלדיקע, ניט קיין בּויגעוודיקע און די פֿידעלעך האָבּן זיך אויך אײַנגעשרומפּן, ווי דער יידישער איבּערוואַנדערער אין אַז אומגערעטעניש. די פֿידעלעך זיינען געווען ענלעך אויף די יידישע פֿערד און וועגעלעך בּיי די שלימזלניקעס, וואו עס רייבּט, וואו עס

צעשרויפּט זיך, וואו עס בּרעכט זיך. דאָס בּריקעלע אונטער די סטרונעס איז שוין בּיי בּיידע פידלען געווען אויסגעשניצט פון אַן איינן שטיקל האָלץ. טאַקע דאָ, אויף דער שמחה, האָט מען געמוזט אויסשניצן פון אַ בּרעטעלע אַ בּריקעלע, וואָס זאָל אונטערהאַלטן די סטרונעס. די פּלעקלעך, וואָס דרייען אויף די סטרונעס, זיינען שוין אויך געווען אייגענע אַרבּעט, פון שטיקלעך קיניקע האָלץ אויסגעשניצט. פונדעסטוועגן האָבּן די צוויי בּריאַנסקער קלעזמאָרים אויפגעשפּילט דעם אינטערנאַציאָנאַל. די פינגער האָבּן געקלאַפּט אויף די סטרונעס, דאָס סמיטשיקל האָט גערימפּלט אויף די סטרונעס און עס איז טאַקע רעכט אומעטיק געוואָרן. אפשר האָבּן די ניי=בּריאַנסקער מיט זיך געבּראַכט זייער אייגענעם טרויער, וואָס זיי לעבּן איבּער נאָך דער אומגערעטעניש און צוליבּ דעם, וואָס זיי דאַכט זיך אויס, אַז קיינמאָל וועט זייער דאָרף קיין תקומה ניט האָבּן, ווייל די ערד איז אַ שלעכטע. הורך די פידעלעך האָט ניי=בּריאַנסק, משמעות, געוואָלט איבּערגעבּן די אייגענע לאַגע.

---

דער אָפיציעלער טייל פון דער פּראָגראַמע האָט דווקא געשלאָגן אין דער טיף. דער קולטור=טוער פון דאָרף, וואָס האָט די ערד איינגעריסן, אַז אַ שול זאָלן די צוועלפער קינדער האָבּן פון ערשטן יאָר אָן — ער איז געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און פון רויטן פּאַפּיר אויסגעשניטן אותיות און געקלעפּט אַ בּאַגריסונג אויף אַ רויטן שטיקל אויסגעריבּענעם צייג. די דאָזיקע פאָן מיט דער בּאַגריסונג האָט מען אויפגעהאַנגען אויבּנאָן. ער האָט דער ערשטער גערעדט מיט היץ און איז בּאַלד אַריינגעפאַלן אין בּאַגייסטערונג און אין אַ הייזעריקייט, בּשעת ער האָט געמאָלן פאַרן עולם דאָס, וואָס מען האָט פאַר איין זומער דערגרייכט; בּשעת ער האָט געמאָלן פאַרן עולם די צוקונפט פון דער גאַנצער יידישער איבּערוואַנדערונג צו ערד=אַרבּעט. ער אַליין, אַ מינסקער בּעקער און אַ שטיקעלע בּעלמנגן, וואָס איך האָבּ אים נאָך געזען מיט אַ פּאָר חדשים פריער אין זיינע גאַנצע בּגדים — איז שוין איצטער געשטאַנען פאַרן עולם אַן אָפּגעריסענער און האָט זיך אַליין בּאַגייסטערט פון זיינע רייד. די עטלעכע=און=צוואַנציק קינדערלעך האָבּן אויסגעצויגן די העלזע=

לעך און מיט חידוש געהערט, וואָס מען זאָגט וועגן זיי; מיט חידוש זיך צוגעהערט צום יידן, וואָס טייט אויף זיי מיט די פינגער און שרייט אַזוי הויך מיט אַ הייזעריקער שטימע, אַז זיי, די קינדער, זיינען די צוקונפט פון די איבערוואַנדערער און אַז זיי, די קינדער, וועלן באַדאַרפן באַווייזן פאַר דער וועלט, וואָס די ראַטנמאַכט האָט געטאָן פאַר די יידישע מאַסן און זיי וועלן באַדאַרפן באַווייזן פאַר די ניט-יידישע פויערים, וואָס אַ קולטורעלער פויער באַטייט.

אַ מיידעלע, אַ זיבן-אַכט-יאָריקס, מיט אַ בּלייך פּנימל, פונוואַנען עס האָבּן אַרויסגעפינקלט צוויי שוואַרצע אויגן, זי האָט אָנגעקוקט דעם רעדנער און עס האָט איר, אַפּנים, אויסגעזען צו גרויס און צו-שווער, וואָס דער רעדנער וויל אויף אירע שמאָלע פּלייצעס אַרויפלייגן די צוקונפט, די לויטערע — האָט זי זיך איבערגעשראָקן און צעוויינט.

אַ פאָרשטייער פון ניט-יידישן דאָרפסראַט, צו וועלכן דער נומער 12 געהער, איז געקומען באַגריסן אָפיציעל אין נאָמען פון דאָרפסראַט און האָט אונטערגעשטראָכן די באַדייטונג פון די יידישע שולן אין די יידישע דערפער. ער האָט אָנגעוויזן, אַז שוין אין ערשטן יאָר, אויב נאָר אויף אַן ערד-חלק קלייבט זיך אָן אַ גענוגנדיקע צאָל קינדער, גיט די רעגירונג אַ שול. און דאָס וויכטיקסטע, וואָס די רעגירונג פאַרלאַנגט, אַז יעדע נאַציע זאָל אַנטוויקלען איר קולטור און די קינדער זאָלן לערנען אויף זייער אייגענער שפּראַך. און ער האָט פאַרענדיקט:

— לעבּן זאָל די ראַטנמאַכט און לעבּן זאָל די יידישע-קולטור און יידישע שפּראַך!

דער אייציקער קעראָסין-לאָמפּ, וואָס האָט באַלויכטן די ענגשאַפט, האָט פאַר מיר אויפגעדעקט אַ שטיק יידיש-סאָוועטישעווירקלעכקייט. דאָ אין דער ענגשאַפט: מענער, פרויען און קינדער פון ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע און ווייטע צפונדיקע גובערניעס; מענטשן, וואָס האָבּן פון קיין שום שפּראַך אַליין ניט געטראַכט; מענטשן, וואָס האָבּן פון אַלצדינג געדאַגהט, נאָר ניט פון אַן אייגענער שפּראַך; טאָמער האָבּן זיי געטראַכט פון אַן אייגענער שפּראַך, איז דאָס געווען — לשון-קודש אין

פּאַלעסטינע; יידיש איז אַ ממזרת... — אָט די דאָזיקע ממזרת, וואָס הייסט יידיש בײַ אונז און וואָס בײַ אַ סך פון די פּאַרזאַמלטע אויף דער שמחה הייסט זי נאָך זשאַרגאָן — די דאָזיקע חצופה האָט זיך אויף אירס דערוואַרט. ניט ווילנדיק איז מען מצדיק דעם פּסק=דין, וואָס די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט אַרויסגעגעבן; ניט ווילנדיק מוז מען אויסהערן אַ ייִגענע רייד וואָס קומען אָן אַרויסגעשריפּט פון אַהינטער דעם אייגענעם באַוואוסטזיין און די מענטשן הערן זיך אַליין אײַן צו די אייגענע ווערטער: „יידישע שפּראַך“... „יידישע קולטור“... „יידישע ער=אַרבעט“... „יידישע דערפער“... צום ערשטן מאָל הערן די דאָזיקע מענטשן אויף זייער אייגענער שמחה אַזעלכע אויסטערלישע ווערטער.

און פּונקט ווי דער פאַקט, וואָס דאָ האָט מען פאַר זיי אָפּגעשניטן אַ בכבודיקן שטח ערד און געזאָגט, אַז ידאָס איז זייערס — וואָס אַ סך פון די פאַרזאַמלטע גלויבט זיך עס נאָך ניט — אַזוי איז אויך מיט דער יידישער שפּראַך, וואָס פון אויבן האָט מען גוזר געווען, אַז זי זאָל זיין די שפּראַך פון די יידישע מאַסן. דאָס מיינט די שפּראַך פון יידישן פאָלק. און כאָטש דאָס איז ניט קיין אומגאַטירלעכע פלאַנצונג, פונדעסטוועגן האָט די דערפאַרונג מיר באַוויזן, אַז פאָרלויפיק גערעט די „יידיש=זריעה“ אין יידישן דאָרף, ווי די תבואה=גערעטעניש אין די איצטיקע אומגעראָטענע יאָרן...

---

די קינדער האָבן באַקומען מתנות; אָרעמע מתנות: אין פּאַפּירענע זעקעלעך, אויסגעקלעפּט פון צייטונגס=פּאַפּיר, האָט איעדעס קינד באַקומען צוויי לאַנדרין=צוקערקעלעך און צוויי ווייסע, טרוקענע בייגעלעך. די קינדערלעך האָבן עס אָנגענומען מיט ליבשאַפט. איין קינד האָט באַטראַכט בײַם אַנדערן, וואָס אין פּאַפּירן זעקעלע טוט זיך. עס איז געווען אַ צייט, וואָס מען איז זשעדנע געווען דאָס שטיקל ברויט אויף דעם אייגענעם ערד=חלק. פון ערד ביז ב ר ו י ט איז אַ ווייטער מהלך. די קינדערלעך האָבן די ווייסע בייגעלעך באַטראַכט פאַר אַן אָנהייב פון גוטע צייטן.

אַ קינד, וואָס איך האָב געהאַט לעבן זיך, אַ בלאָנד יינגעלע, האָט מיר פאָרגעלייגט איך זאָל בײַ אים נעמען איין בייגעלע:

— נעם, חבר, — האָט דער זיבּן־יאָריקער, בּלייכער חברל מיר געבּעטן — נעם אַ בּייגעלע, דיר האָט מען מסתּמא פאַרגעסן צו געבּן...

אַז דער עולם האָט גענומען צו בּיסלעך זויערן, קרימער ווין און מען האָט זיך דערוואַרעמט, איז מיט אַמאָל ענג געוואָרן אין שטוּבּ. די צוויי פידעלעך האָבּן ניט אויפגעהערט צו בּאַדינען דעם עולם. אַלע מאָל האָט אַ סטרונע געפּלאַצט און די קלעזמאָרים האָבּן געהאַלטן אין איין שטוקעווען. מען האָט די קינדער פאַרטריבּן אויף די בּענק, בּיי די ווענט און דער עלטערער עולם האָט זיך אַוועקגעלאָזן אויסצוהאָפּען אַלע זאָרגן און אַלע נעכטיקע טעג. מען האָט אַרויסגעלאָזן פון אונטער די פאָלעס ימים־נוראימדיקע ניגונים ווי געבּונדענע טויבּן. די ניגונים האָבּן אָנגעוואָרן זייער אַלטן ריח און מתיקות און געקראָגן אַ זויערקייט, אַ פאַרדומפּנקייט אין קרימער סטעפּ. עס איז אַ חידוש, וואָס די נייע צייט האָט ניט בּאַשאַפן קיין נייע פאָלקס־לידער; לידער, וואָס זאָלן אַריינדרינגען אין די מאַסן אַריין. אַלע ניגונים וואָס מען האָט אָנגעצויגן זיינען געווען אַלטע, טרויעריקע; זיינען געווען אָפּגעריסענע, ענלעך אויף די שטעטלדיקע שבּתדיקע בּגדים, וואָס מען האָט צו פיל שוין געטראָגן אין דער וואָכן און וואָס צום יום־טוב טויגן זיי ניט.

מען האָט לאַנג געטאַנצט און לאַנג געריסן פון זיך די פרייד, זי זאָל אַריבּערשרייען די זאָרגן, וואָס האָבּן אָנגעפילט דעם מהות פון עולם, אַלט און יונג. עס איז געווען אַ קאַלטע נאַכט. שפּעטער האַרבּסט. און איך בּין אַן עדות פון דעם עגמת־נפש וואָס איז אויסגעפאַלן אויף די נייע יידישע דערפער און אויף די דערפער וואָס האָבּן נאָר וואָס זייער גרונטשטיין פאַרלייגט, די ערשטע ניט געראָטענע שפע אַראָפּגענומען און ס'איז ניט געווען אַפילו געגוג אויף ווינטער־זריעה. עס האָט אַרויסגעקוקט אַ שווערער ווינטער און ס'איז נאָך ניט קלאָר געווען אין וואָס וועלן די שוועריקייטן בּאַשטיין.

אַ איבּערוואַנדערער, אַ שטאַרקער ייד, אַ בּרונעט מיט פייערדיקע אויגן און שוואַרץ, קורץ בּערדל, איז מיט מיר אַרויס אין דער קאַלטער, פינסטערער נאַכט אַריין. ער איז געווען אַ בּיסעלע צעוואַרעמט פון טאַנצן און פון זינגען און פון דער גאַנצער אויסטערלישער שמחה.

ער האָט געוואָלט פאַר מיר אַפּנים עפּעס אַראָפּרײדן פון האַרצן, נאָר עס איז אים פון צונג ניט אַראָפּגעקראָכן דאָס וואָס אים האָט זיך געוואָלט זאָגן. ער האָט צונויפגענומען די כוחות און מיר געגעבן צו פאַרשטיין:

— איר פאַרשטייט, חבר, ווי בײ מיר ליגט זיך די גאַנצע זאַך אויף... איך בין דאָך שוין באַלד אַן אַלטער מאַן. נו, וואָס, פערציק יאָר בײ הײנטיקע צײטן איז דאָך אַן אַלטער מאַן. הײסט עס, פאַר זיך האָב איך שוין פאַרדאַגהט. איצטער דאגה איך פאַר די קינדער. איך ווײס ניט, צי איך וועל שוין זײן אַ גוטער פויער. מײנע קינדער וועלן עס געוויס זײן... אוודאי, אַ שול פאַר די קינדער איז די ערשטע זאַך. אוודאי, אויף יידיש, איז איצטער פאַר מיר אָנגעלײגט. מען האָט זיך אַפריער ניט אַרײנגעטראַכט. מען האָט געמײנט אַמאָל אַנדערש... נו, אַז די מלוכה וויל אַזוי — פאַרוואָס ניט? אַז דער מלוכה שטײט אָן — שטײט עס מיר אויך אָן... וואָס־זשע זאָגט איר חבר, מען וועט אונז אַרויסהעלפן אין דער שווערער צײט? אַ שווערער ווינטער רוקט זיך אָן. מיט די לעצטע כוחות האָב איך די שטײנער צונויפגעשלעפּט און אַ שטוב אויפגעשטעלט. איצטער איז קײן כוח ניטאָ ווײטער צו זאָרגן...

און באַלד האָט ער זיך געכאַפּט:

— מען שמועסט דאָך, אַז מיר וועלן האָבן אַריבער הונדערט הויפן. דער גרעסטער יידישער דאָרף אין קרים. שמועסט מען, אַז מען וועט אויסבויען אַ שײנעם בנין פאַר אַ שול. עס וועלן דאָך זײן אַ עטלעכע הונדערט קינדער — וועט איר לאַנג בלײבן בײ אונז, חבר?...

אין די פענסטער האָבן זיך באַוועגט די סילועטן פון די טענצער און די צוויי ניי־בריאַנסקער פידלעך האָבן זיך פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן. דרויסן האָט זיך געלײגט אַ ווײס פרעסטל.

---

# יידן רייניקן דעם אַפּאַראַט

(מאָנאָלאָג)

— גוטמאָרגן, חבר הירשביין! היינט זייט איר אויך אַ ביסל פריילעכער. האַ, איצטער וועט איר ניט חוזק מאַכן פון אײַער אָפּטימיסט. איר האָט דאָך עפּעס נעכטן געזען אין אײַער דאָרף אַגאַי. אַז די צייט קומט, זעט מען, אַז אַ ראַטנמאַכט איז אַ ראַטנמאַכט; אַז אַ ראַטנמאַכט איז ניט אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס מען לאָזט אים זשאַווערן. נו, האָט איר נעכטן, חבר, געזען ווי מען רייניקט בײַ אונז דעם אַפּאַראַט?...

מיר האָט עס הנאה געטאָן דווקא, וואָס איר האָט זוכה געווען צו זען, אַז אונזערע יידן זיינען דערהויבן געוואָרן. מאַקע מי ירום ומי ישפל: ווער עס ווערט דערהויבן און ווער עס ליגט אין דער ערד. אַיי, ליגן זיי, די שונאי ישראל, אין דער אדמה; אַיי, וועלן זיי נאָך ליגן אין דער אדמה...

האָט איר עס, חבר, רעכט צעקייט וואָס דאָ איז נעכטן געווען?

טאַקע בײַ אײַך אין אײַער דאָרף, אין אײַער אַגאַי? איך האָב אײַך געזען ווי איר זייט געזעסן צווישן די באַטראַקעס. אוודאי, אין אײַער אַמעריקע וועט איר אַזעטיקעס ניט זען. דאָרט, אַז דער אַפּאַראַט זשאַווערט — זשאַווערט ער. אָט אין דעם שטעקט דער אומגליק. אַז אַ רעגירונגס־אַפּאַראַט ווערט פאַרזשאַווערט, ברענגט עס צרות. ברענגט עס פּלאָגן. פאַרשטייט זיך, אַז די פּלאָגן קומען אויפן קבצן. אין דער צאַרישער רוסלאַנד איז דאָס אויסגעגאַנגען צום יידישן קאָפּ: דער אַפּאַראַט פאַרזשאַווערט, עס דרייט זיך נישט; אַלץ גייט כאָדראָ־ראָם; מען ברעכט, מען שטעכט; מען גנבעט, מען גזלט, מען רייסט בײַם אַנדערן אַרויס די געדערים — ווער איז שולדיק אין דעם?

אוודאי פלעגט מען זאָגן, אַז יידעלעך זיינען אין דעם שולדיק. אַלע בילבולים, אַלע שקרים; אַלע אָנשיקעניישן האָט מען אַרויפגע־

וואָרפֿן אויפֿן יידישן קאָפּ, ווייל דער אַפּאַראַט איז געווען אַ פֿאַרוואָר-
ווערטער. קיין יידן, ווי עס איז ידוע, האָט מען אין אַפּאַראַט נישט
אַריינגעלאָזן. כאָטש, ווי מיר ווייסן, האָט מען זיך יאָ אַביסל אַן עצה
געהאַלטן מיט אַ משומד. איז טאַקע נאָר אַן עצה געהאַלטן — פֿאָלגן
האָט מען אים נישט. אוי, האָט עס יעמאָלט געזשאַווערט; אוי, האָט
עס געזשאַווערט! יעמאָלט האָט עס דער עיקר געזשאַווערט אין
איבערשטן אַפּאַראַט. טאַקע ביי די מיניסטאָרן; ביי די רעדלפֿירער. נו,
אַז סע האָט שוין געזשאַווערט אויבן, איז שוין געווען געניג. האָט עס
שוין פֿאַרשפּאַרט אַלע רעדלעך אונטן. איז מען געשלאָפֿן אויבן —
האָט מען געכראָפּעט אונטן.

ביי אונז, ווי איר ווייסט, איז דאָך אַ ראַטנמאַכט. און אַזאַ
דאָרפֿסראַט ווי אין אייער דאָרף, איז דאָך אַ רעדעלע פֿון גרויסן
זייגער. איר פֿאַרשטייט, אַז דאָס קליינע רעדעלע ווערט פֿאַרזשאַווערט,
שטעלט זיך אָפּ דער גאַנצער זייגער. אַז ביי אייך אין אַגאַי, לאָמיר
זאָגן, זיצט אין דאָרפֿסראַט אַ ימח שמוניק, אַ לײַדאַק, וואָס פֿירט נישט
אויס די דירעקטיוון פֿון צ. ק. צי פֿון צ. ק. ק. צי פֿון קרימציק; איך
מיין, אַז אויב ער פֿאָלגט נישט די גרויסע רעדער און וויל דרייען נאָר
אין זיין זייט — יעמאָלט סקריפּעט עס פֿון אונטן ביז אויבן. און
אַז סע זשאַווערט אונטן אין אַפּאַראַט — פֿילט מען אויבן. וואָרעם
אַפֿילו אויב דאָס האָט האָט צו טאָן מיט נגישות אויף יידן —
איז אויך אַ באַווייז, אַז אין אַפּאַראַט זשאַווערט שוין; אַז לעבנס
געבאָט איז צו שאַנד און צו שפּאָט. און אַז מען דערשפּירט אויבן,
אַז אונטן זשאַווערט דער אַפּאַראַט, קומט פֿון אויבן אַ סיגנאַל, טאַקע
פֿון מאָסקווע גופֿא קומט דער סיגנאַל:

— זייט ווּיסן, אַז ביי אייך אין קרים, אין דאָרף אַגאַי, וואו עס
איז דער דאָרפֿסראַט און וואו יידישע איבערוואַנדערער, געוועזענע
ווינט-מענטשן זיינען געוואָרן נוצלעכע בירגער אין לאַנד — איז טאַקע
ביי אייך אין קרים, אין אַגאַי, זשאַווערט דער אַפּאַראַט. חברים,
רייניקט דעם אַפּאַראַט!

אוודאי, חבר, נישט אַזוי טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. צוליב
דעם איז געווען אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע. צוליב דעם האָט מען פֿאַר-
שיקט אין כּף-הקלע ניקאָלאַיען מיט דער גאַנצער כאָפּטע זיינער.

דערומעך האָט מען בײַ די פּריצים צוגענומען די ערד; דערומעך האָט מען געזאָגט, אַז די אַלע וואָס זײַנען געזעסן אויבן, מיט אַ וואַסער אין קאָפּ — זאָלן גיין פּאַשען חזירים. און די אַלע וואָס האָבן גע־פינסטערט אין דלות און געשוואָלן געוואָרן פון הונגער — זיי זאָלן זיצן אויפן בענקל. נאָר דעריבער, זאָג איך אײַך, האָט מען געזאָגט צו ייִדן:

— איר, וואָס זײַט געווען צו שאַנד און צו שפּאָט; איר, וואָס זײַט אַלע יאָרן געווען די דאָזיקע, אויף וועמען מען האָט אויסגעקלערט אַלערלײַ בילבולים, נישט געשטויגן און נישט געפלויגן — אײַך איז מען מודיע, אַז פון הײַנט אָן און ווײַטער איז דאָס גאַנצע לאַנד פאַר אײַך. ווענדט אײַך און קערט אײַך וואו אײַער האַרץ גלוסט. ווילט איר, טיף ראָסיי — איז טיף ראָסיי; ווילט איר די וואַרע־מע קרים — האָט מען פאַר אײַך אָפּגעשניטן ערד־חלקים, קומט באַ־זעצט אײַך מיט אײַערע ווײַב און קינדער, אַקערט און זײט און לעבט און לאָזט אַלעמען אַרום זיך אויך לעבן.

אַזוי האָט מען צו ייִדן געזאָגט. און געזאָגט בקול רמה, טאַקע אויפן הויכן קול, אַז אַלע זאָלן הערן; אַז אַלע זאָלן וויסן, אַז פון הײַנט אָן און ווײַטער איז שוין מער נישטאָ קיין צוויי ברידער, וואָס ליגן אין איין בויך און בוכטשען זיך: יעקב און עשו. נישטאָ מער אַזאַ זאַך! אַ מענטש איז פאַראַן... איר פאַרשטייט, חבר, אַ פּראָלעטאַריער איז פאַראַן: אַן אַרבעטער, אָדער אַ פּויער... אין דעם ליגט דער סוד פון דער רעוואָלוציע. און וואָס איך, אַ ייִד פון אַלע טאָג, אַ ייִד וואָס האָט ניט געקענט אָנרירן אַ פליג אויפן וואַנט און וואָס פאַר אַ הונט האָט ער מורא געהאַט און פון אַ גוי איז ער געשטאַנען ווײַט, כּמטחווי קשת — איך, אַזאַ גאָרנישט וואָס איך בין געווען — בין איך איצטער פול מיט כּוח און מיט קוראַזש און בין שטענדיק גרייט, זאָל חלילה וחס אויסקומען צו באַשיצן די ראַטנמאַכט — גיי איך! און נישט אַליין — איך פאַרנעם ווײַב און קינד און גיי אויף באַריקאַדן!

פאַרשטייט איר דאָך, חבר, אַז איך האָב אַזוי־פיל רעכט ווי יענער און יענער — ווי איך. און אַז קלײַבן, קלײַבט מען. קיינער קען זיך נישט אַליין נישט אַנידערזעצן אויף אַ בענקל, וואָס ער

האָט זיך אונטערגעשטעלט. אַז מען קלײַבט אַ מענטשן אויס און מען זאָגט אים: — „חבר, היינט ביסטו. אין דאָרפסראַט, צי אין שטאָטראַט; היינט ביסטו מײַן נאַטשאַלניק — יעמאָלט זאָלסטו וויסן זײַן, אַז דו ביסט אַ חבר. פאַרגעס נישט, אַז דו ביסט נישט מער ווי אַ טאָוואַרישטש".

לעניז איז געווען נישט מער ווי אַ טאָוואַרישטש. אונזער קאַלינין איז נישט מער ווי אַ טאָוואַרישטש. מען קלײַבט זײ אויס. זײ דאַרפן וויסן עס. זײ געדענקען עס גוט. זײ דאַרפן רײדן כסדר צו די מאַסן. זײ פאַרגעסן נישט, אַז די מאַסן האָבן זײ פאַרבעטן אויפן בענקל.

און די־אָ גאַרנישטן; די האָלאָדריגעס, די־אָ לײטלעך, וואָס מען קלײַבט זײ אויס אין אונזערע ראַטן, איך מײן אין אונזערע דאָרפס־ראַטן, זײ זאָלן האָבן אַן אויג אויפן דאָרפסמענטשן, אויפן פויער— פאַרדרײסט מען די נאָז און מען פאַרגעסט גאָר, אַז מען איז נישט מער אין אַ צאַרישער רוסלאַנד; מען פאַרגעסט גאָר, אַז מען איז שוין אין אַ ראַטנלאַנד און — נאַ דיר ווידער אַ מעשה:

— זשידי, ווער האָט אײַך געשיקט אַהער?!

אַ פינסטערער יאָר אויף מײנע שונאימס קעפּ... אַזאַ פּאַסקוד־ניאַק; אַזאַ גאָרנישט — טאַקע אַ האָלאָדריגע, מען האָט דיך אויס־געקליבן פאַר דעם פאָרזיצער פון דאָרפסראַט, וואו אין דײַן ראַיאָן זײנען די יידישע האָרעפּאַשניקעס אַראָפּגעקומען... זעסט, ווי מען ווערט פאַרשוואַרצט און ווערט אויסגעריסן; מען רײסט מיט דער נשמה די ערד. זעסט דאָך עס! צי דען זעט ער נישט אונזערע לאַבעדראַנצעס, די הונגעריקע, וואָס קומען דאָ מיט די אָקסן, טאָג אײַן, טאָג אויס צום דזשאַנט אין קאָנטאָר? און צי איז ער חולה געווען אַלײן זיך מטריח זײַן און אַריבערכאַפּן זיך אויף די יידישע ערד־חלקים און זען ווי אונזערע איבערוואַנדערער רײסן מיט דער נאָז די ערד? אַזאַ אַנטיסעמיט! נאָך אַ פאַרטײַישער דערצו און עס פּאַסט אים נישט, וואָס יידן פאַרנעמען קרים. איזדעקעוועט זיך גאָר איבער יידן...

פאַרשטײט איר דאָך, חבר, אַז דער אַפּאַראַט האָט אָנגעהויבן צו זשאַווערן און מען האָט דערשפּירט אויבן; און אַז די קאָמיסיע

איז אַראָפּגעקומען — די צענטראַלע קרימער ראַטן האָבּן דערשפּירט, אַז סע סקריפּעט; סע זשאַווערט און מען האָט צוגעשיקט די קאָמיסיע:

— פאָרט קיין אַגאַי און זוכט אויף וואו סע זשאַווערט...

נו, האָבּן שוין די יידישע איבּערוואַנדערער אויפגעהויבּן דעם קאָפּ.

איך וויל עס אייך, חבר, קלאָר מאַכן, אַז איר זאָלט וויסן וואָס דאָ טוט זיך אָפּ; איר זאָלט חלילה נישט חושד זיין אונזערע איבּערוואַנדערער, אַז זיי האָבּן שוין פאַרגעסן וואו זיי זיינען אין דער וועלט. דאָס וואָס מען האָט נעכטן אַ שיט געטאָן אויף זיין נאַרישן קאָפּ, אַז די קאָמיסיע זאָל הערן — דאָס איז חלילה נישט געווען אַ טראָפּעלע איבּערגעכאַפּט די מאָס. פאַרשטייט איר דאָך, חבר, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ: פון וואַנען האָט די מלוכה דאָ גענומען ערד פאַר יידן? איז דאָך עס ידוע, אַז די ערד האָט פריער בּאַלאַנגט צו די רייכע פּריצים, צו די גרויסע קולאַקעס, בּעלי־הגופים — פאַר זיי האָט מען געלאָזט וויפל זי קומט און דאָס איבּעריקע האָט מען אָפּגעשניטן און צעטיילט פאַר די, וואָס האָבּן געטריקנט אַרום די פּריצים. פון דער אייגענער ערד האָט מען אויסגעטיילט חלקים פאַר יידן. נו, בּרענט עס זיי ווי אַ פייער. עס פּאַטופּעט זיך עס זיי נישט אין קאָפּ, אַז די מלוכה זאָל נעמען זייער ערד און אַוועקגעבּן יידן. איר פאַרשטייט, זיי מיינען נאָך אַלץ, אַז דאָס איז זייערס — בּרענט עס זיי, שרפּעט עס זיי. וואָלטן זיי נאָר האָבּן די אַמאָליקע מאַכט, דעם אַמאָליקן קוראַזש — פאַרשטייט איר דאָך, חבר, אַז מיר וואָלטן דאָ קיין נאַכט נישט איבּערגענעכטיקט אויף אונזערע ערד־חלקים; וואָלטן מיר נישט געזעסן אויף דער ערד — מיר וואָלטן שוין איצטער געלעגן טיף אין דער ערד. נאָר די ראַטנמאַכט, אַז זי האָט געזאָגט — איז דאָס מיט אַ מעסער נישט אויסצושניידן און מיט קיין האַק נישט אויסצוהאַקן. געזאָגט — איז געזאָגט. האָט מען יידן אָנגעוויזן אויף קרימער ערד און געזאָגט צו זיי:

— אַקערט און זייט מיט אַלעמען צוגלייך — — — —

זאָלן די שונאי ישראל פון היינט אָן און ווייטער אַפילו זיך שטעלן אויפן קאָפּ — וועט עס זיי נישט העלפן. אָבּער אין דער-

שטיל, אַ נאָדעלע אַריינשטעכן, אַ שפּילקעלע אַריינשטעכן; אַ קניפּ טאָן, אַ בריקע טאָן—אויף דעם פּרוּווט מען זיך נאָך. איז קודם־כּל האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פּאַטראַוועס. איר ווייסט דאָך, וואָס דאָס מיינט? פּשוט, מען האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע, אַז אויף די יידישע פעלדער לאָזט מען אַרויף שאָף און בהמות; מען לאָזט אַריין אין ווייץ אַריין; כּען לאָזט אַריין אין דער קוקורוזע אַריין. צי וואָלטן מיר דען נישט געהאַט אַ בעסערע גערעטעניש, ווען זיי זעצן זיך נישט אָן אויף אונזערע פעלדער — איך מיין, ווען די נישט־יידישע דערפער, טאַקע די אַמאָליקע בעל־הגופים לאָזן נישט אַריין אין אונזערע ווייצן זייערע שאָף? עס האָט גאָר קיין שיעור נישט צו די הזיקות וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן די יידישע איבערוואַנדערער. תחילת האָט מען מורא געהאַט. מען איז געווען אַליין. קיין הייזער נאָך נישט גע־ווען. מען האָט זיך געוואַלגערט אין סטעפּ. מען איז פרעמד. האָט זיך געדאַכט: וואו איז די מאַכט און וואו זיינען מיר?

שפּעטער אַ ביסל האָט מען זיך אַרומגעזען — סטייטש?! די מלוכה האָט געגעבן ערד; די מלוכה האָט אונז אַהער אַראָפּגעבראַכט; געמאַכט מיט מענטשן צוגלייך; די מלוכה האָט זיי אָנגעוויזן וואו זייער אָרט איז — צום סוף גאָר, באשר די איבערוואַנדערער זיינען יידן, נעמט מען און מען קריכט זיי אויפן קאָפּ. ביי יידן שיינע ווייץ — קדחת וועלן מיר זיי לאָזן הנאה האָבן! געקומען ביינאַכט און אַרויסגעלאָזן אַ סטאַדע שאָף און אַ זאָג געטאָן:

— איר מעגט; עסט וויפל איר ווילט — ס'איז יידישע...

האָט מען זיך אָנגענומען מיט האַרץ. איר פאַרשטייט, אַז סוף־כל־סוף איז דאָס שוין נישט אַמאָל. ניקאָלאַי ליגט אין דרערד. האָט מען זיך אָנגענומען מיט כּוחות; חברה יונגען האָבן זיך אַרויס־געלאָזן און פאַרנומען די פרעמדע פרעסערס פון יידישער תבואה. אַז פאַרנומען, איז פאַרנומען. קען מען קיין חזיר נישט זיין. קומט מען שוין צום יידן זיך בעטן:

— לאָז אַרויס, מער וועט מען שוין נישט טאָן קיין שאָדן.

נעמט מען און מען מאַכט אַ פּראָטאָקאָל. מען שרייבט אָן: „אַזוי און אַזוי. אַזויפיל שאָף געווען אין מיין פעלד, שוין נישט

דעם ערשטן מאָל. מען מאַכט חרוב אונזער פּראַצע"... און פאַר אַזאַ זאַך ווי פּאָטראַוועס — באַשטראָפט די מאַכט. מען שיקט דעם פּראָטאָקאָל אַוועק אין דאָרפסראַט און מען וואַרט אויף גערעכטיקייט.

און וואָס מיינט איר, חבר? אַ נעכטיקער טאָג! זיצט זיך אין דאָרפסראַט אַ שטיק אַנטיסעמיט. אַז עס קומט אָן אַ ייִדישע קלאָג, פאַררוקט ער עס אונטערן מחילה, איך בעט אײַך איבער אײַער כבוד, און גיי — שריי חי-וקים. איר פאַרשטייט, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן? אַזאַ מין גאָרנישט; מען נעמט און מען קלײַבט דיך אויס פאַר דעם עלטסטן פון דאָרפסראַט און דו ביסט נאָך אַ פאַרטעישער דערצו — נעמסטו גאָר, פּאַסקודניאַק איינער, און שטעלסט זיך אַוועק אויף דער זייט פון די שונאי ישראל, פון די קולאַקעס, וואָס מיינען, אַז היינט-מאָרגן טרײַבט מען אַרויס ייִדן פון קרים; היינט-מאָרגן וועט מען אַראָפּוואַרפן די ראַטנמאַכט; היינט-מאָרגן וועט מען זיי צוריק אָפּגעבן קרים און די באַטראַקעס, די אָרעמע פּויערים וועלן אײַנבויגן די פּלייצע... און ווידער פּאָגראָמעלעך, ווידער נגישות...

און דאָס איז דאָך נישט אַלץ, חבר. ווען דאָס וואָלט נאָך געווען אַלץ. איך וויל, אַז איר זאָלט עס נאָר גוט צעקייען, וואָס ער האָט געפּועלט בײַ זיך, אָט דער צורר היהודים:

אַז דער דין איז אַזוי: אויב אַ ייִד, לאָמיר זאָגן אַפילו אַ נעפּמאַן, וואָס איז די שוואַרצע שאָף בײַ אונז — איז אַפילו אַ נעפּמאַן, אויב ער זאָגט זיך אָפּ פון זײַן קרעמל און גייט ווערן אַ האָרעפּאַשניק; ווערט אַ איבערוואַנדערער — איז דער דין, אַז ער ווערט שוין פון זיך אַליין אַ חשובער מענטש. אַ פּויער — אײַן קלייניקייט! האָט ער שוין רעכט צו זאָגן זײַן וואָרט. האָט ער שוין שטימרעכט. ער קלײַבט שוין. ער איז שוין אַ שרײַבעלע אין אַפּאַראַט. אַ קינד ווייסט עס דאָ אין לאַנד. און דער עלטסטער פון דאָרפסראַט מעג אוודאי אַזעלכעס וויסן... נו, שטעלט אײַך פאָר, חבר, אַז סע נעמט און סע קומט צו אים אַ ייִדישער איבערוואַנדערער און שטעלט זיך פאָר:

— איך, דער און דער, בין איך איצטער אויף דעם דאָזיקן ערד־חלק; איך בין געוואָרן אַ פּויער — דעריבער פאַרשרייב מיך ווי אַ פּויער און גיב מיר מיין שטימרעכט.

שטייט עס אים, דעם פריץ, נישט אָן. מאַכט ער זיך געפגרט און פרעגט:

— פונוואַנען ווייס איך איצטער, אַז דו ביסט אַן ערנטלעכער מענטש?

— וואָס הייסט, פון וואַנען דו ווייסט? בין איך דען נישט אין קרים? אַקער איך נישט מיין פעלד? זעסטו מיך נישט מיט מיינע אָקסן דאָ, ווי איך ווער אויסגעריסן? בין איך דען נישט פאַרצייכנט ביים קאָמענדאַנט און ביי געזערד און ביים אַגראָדזשאָינט, אַז איך בין אַ איבערוואַנדערער? פאַרוואָס קומט עס מיר נישט קיין שטימרעכט? פאַרוואָס בין איך נאָך ביי דיר אַליין קיין חבר נישט?

אָט, דעריבער האָט עס געהאַלטן. ס'האָט געטויגט אויף כפרות. דאָס האָט געמיינט, אַז דער אַפּאַראַט איז פאַרפאַטשקעט; דער אַפּאַראַט איז פאַרזשאַווערט. עס האָט דערשפּירט דאָס אייבערשטע רעדעלע, אַז דאָס אונטערשטע איז נישט ריין. עפּעס איז אין די ציינדלעך אַריינגעקראָכן. מען האָט פון אויבן מכריז ומודיע געווען:

— חברים, דער אַפּאַראַט איז אומריין. מיר שיקן צו אייך אַ קאָמיסיע. זי וועט אַראָפּקומען צו אייך אין דאָרף. און זאָל זיך די גאַנצע אָרעמקייט צונויפנעמען. דערביי זאָל דער גאַנצער דאָרף זיין. דעם גאַנצן אַפּאַראַט אייערן אין דאָרפסראַט — פונאַנדערנעמען, פונאַנדערגלידערן און וואו אַ שטיקעלע בלאָטע, אַרויסשלעפּן און באַווייזן פאַר דער גאַנצער וועלט...

מילא, איך באַדאַרף דאָך אייך נישט צעקייען און אַריינלייגן אין מויל אַריין. איר זייט דאָך נעכטן אויך געזעסן אין דאָרפסקלוב. איר האָט דאָך געזען, ווי דאָס פאָלק איז אַראָפּגעקומען. איר האָט דאָך געזען און געהערט ווי מען האָט געשלעפּט די בלאָטע פון יעדן ווינקעלע. און איר האָט דאָך געזען אונזערע איבערוואַנדערער — זיי זיינען אַראָפּגעקומען! אַז מען רופט, קומט מען. און איר האָט דאָך געהערט, וואָס אונזערער אַ יינגל, דאַכט זיך,

גאָר אַ שנעק, האָט אים אַריינגעזאָגט פאַר די קאָמיסיע, וואָס איז געזעסן אויף דער טריבונע...

אוודאי, נאָר דאָ אין לאַנד קען אַזאַ זאַך פּאַסירן, אַז פאַר אַ גאַנצן דאָרף נישט יידן שטעלט זיך אַוועק אַ יידישער בחור און זאָגט אַרויס וואָס ביי אים האָט זיך אָנגעקליבן אויפן האַרצן און שעמט זיך נישט און זאָגט צו דעם עלטסטן פון דאָרפסראַט:

— דו ביסט אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, ווייל דו ביסט אַ אַנטיסעמיט. דו ביסט אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, ווייל דו נעמסט זיך נישט אָן פאַר דער קריוודע פון די איבערוואַנדערער.

און ער וואַרפט אים טאַקע אַרויס דעם גאַנצן צעטל חטאים און טאַקע — די אייגענע חטאים, וואָס ער איז באַגאַנגען צוליב דעם, וואָס ער קען נישט זען, אַז אין קרים זאָלן יידן זיין פּויערים; אַז אין קרים זאָלן יידן האָבן אַ שטיקעלע ערד; אַז אין קרים זאָלן יידן עסן זייער אייגן שטיקל ברויט. און איך האָב, אַז איר, חבר, האָט געזען, אַז מען האָט טאַקע נאָר געזוכט די גערעכטיקייט. איר האָט דאָך געהערט, אַז די אָרעמע פּויערים האָבן אויך אונטערגעהאָלפן; האָבן אויך צוגעלייגט אַ קנייטל.

איר האָט דאָך מסתמא היינט געהערט דעם פּסק־דין? ניין, איר האָט נישט געהערט? טאָ וועל איך אייך דערציילן, אַז די קאָמיסיע האָט אים גענומען שפּעטער אויף אַ פאַרהער און ער האָט זיך נישט געקענט אויסדרייען. ער האָט פאַרפאַטשקעט דעם אַפּאַראַט און מען האָט באַדאַרפט דעם אַפּאַראַט אויסריייניקן. איין קלייניקייט... פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט ביי אים זיין פּאַרטיי־ביכל צוגענומען; אַרויסגערייניקט אים פון דער פּאַרטיי — זאָל נישט זשאַווערן! און מען וועט אים אויף צוויי שפּענער אַרויסוואַרפן פון דאָרפסראַט.

מען דערציילט, אַז ער האָט געקלאָגט:

— דאָס האָבן יידעלעך אַזוי מיך אַרומגעפּוצט...

אַבי ער ווייסט. אַבי דאָס איז אים איצטער אַריין אין נאָז אַריין. זאָל ער וויסן, אַז ער איז נישט אַן אַמאָליקער טשינאָווניק, וואָס זיין עובדה איז געווען אָנצוטאָן נגישות יידן. אַזאַ איינעם וואָלט מען אַמאָל,

בּיי ניקאָלאַיען, פּאַר אַזעטיקע נגישות נאָך דערהויבּן און בּיי אונז, אין ראַטנפאַרבּאַנד — וואַרפט מען אָט אַזאַ איינעם אַרויס אויף צוויי שפּענער...

און עס טוט מיר הנאה, וואָס איר, חבר הירשבּיין, האָט געהאַט דעם נחת צו זען ווי יידן רייניקן דעם אַפּאַראַט. מען וועט זיך בּיי אַייך, אין אַמעריקע, ניט קענען אָפּחידושן, אַז איר וועט עס דערציילן...

---

# אַ בן־שמונים

(מאָנאָלאָג)

...האַ — וואָס... איר פרעגט: וואָס מען מאַכט?... ווי אויף דער עלטער. אַז מען האָט ווי ס'איז דערפּויזעט צו שמונים, וואָלט מען שוין ניט באַדאַרפט מורא האָבן טאָמער כאַפּט זיך אַרויס אַ צ'צה פון אונטער דער קאַמעזעלקע און פאַרברענט חלילה דאָס גאַנצע דאָרף. נו, מילא. וואָס האָב איך שוין איצטער אײַנצורייסן מיטן אַרבע כנפות? איך זע אַרויס, אַז סע גייט, גייט עס בײַ אַלעמען, און אויב סע גייט נישט — איז קיין פעולה נישט.

איר זייט דאָך פון אַמעריקע, שמועסט מען דאָך, אַז יידעלעך האָבן דאָרטן צוליב פרנסה אַרויסגעוואָרפן גאָט פון האַרצן; אויסגעשפּיגן אין ים אַריין. שמועסט מען דאָך, אַז יידן פעלט דאָרט גאָרנישט. האָבן פון כל־טוב. אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס דאָרטן איז מען כולו חייב.

זיינען דאָרטן אויך פאַראַן קאָמסאָמאָלן? וואָס טוט מען דאָרטן מיט די שולן אַ גאַנץ יאָר? דאָרטן איז דאָך פאַראַן גענוג געלט, מסתּמא סטייעט פאַרוואָס צו בויען שטיבלעך פאַר ייעדע זאַכן. און דאָ... וואָלט מען געהאַט פאַרוואָס, וואָלט מען די בתי־מדרשים אָפּגעראַטעוועט. וואָלט מען זיי געגעבן געלט, די קאָמסאָמאָלן, און זאָלן זיי זיך בויען פאַר זיך אייגענע שטיבלעך. וואָלטן זיי נישט געהאַט קיין תירוץ:

— הלמאי האָט מען צען בתי־מדרשים צום דאַוונען און איין שטיבל אויף צו פאַרזאָרגן די וועלט איז נישטאָ.

ווי הייסט איר דאָ? אוודאי אויך חבר... זאָל זיין חבר. כל ישראל חברים. כע־כע־כע... זעט מען עס טאַקע אַרויס. איך האָב אין לעבן אַ סך געזען. האָב אויף קיינעם נישט פאַריבל. וואָרעם וואָס—

די פּאָר אויגן וואָס מיר איז געשענקט געוואָרן, האָבן שוין ברוך־השם באַלד אויסגעקוקט און געזען אַלץ וואָס פאַר זיי איז באַשערט געווען. באַשערט געווען צו זען, ווי מען האָט מיין זון אָפּגעהאַקט פריער אַ האַנט און דערנאָכדעם דעם קאָפּ... באַשערט געווען צו זען נאָך פרעמדע צרות געגוג. נו, אַז מען שמועסט — „כל ישראל חברים“, האָט עס פאַר דורן און פאַר זרחן אויך גוט געקלעמט ביים האַרצן... יאָ, אַנטקעגן דעם וואָס מען שמועסט, אַז אויגן קענען נישט זען מער וויפל פאַר זיי איז געגעבן געוואָרן צו זען. דאַכט מיר דעריבער, אַז אויב מען דערציט אין די דאָזיקע יאָרן ביז שמונים — באַדאַרף מען נישט זיין געפאַלן ביי זיך...

בין איך עס נישט... ניין. אַרט מיך נישט, וואָס די ציצית באַהאַלט איך אין די הויזן אַריין. אַרט מיך נישט, וואָס אין דעם דאָזיקן דאָרף האָט מען שוין אויסגעבויט אַ שול פאַר די קינדער, אַ קלוב פאַר די קאָמסאָמאָלן. און אַ מרחץ, שמועסט מען, וועט מען אויך בויען און קיין שול צום דאַווענען — וועגן דעם שמועסט מען דערווייל נישט. נאָר בנוגע דעם וואָס איך זאָג, אַז די אויגן איז געגעבן געוואָרן צו זען אַזויפיל און מער נישט, האָב איך נישט צו זינדיקן. ניין, וועל איך נישט זינדיקן מיט מיינע רייד, ווען איך וועל אַפילו זאָגן, אַז איך צעטייל אַלץ אויף צווייען. ניסים — זיינען ניסים; און וואָס מען קען ממש בידים אָנטאַפּן — דאָס טאָר מען דאָך אוודאי נישט פאַרלייקענען...

איך טראַכט מיר מיינס, כאָטש פאַר אַ היגן וואָלט איך דאָס נישט אַרויסגעזאָגט. דאָ באַדאַרף מען וויסן, אַז הזהר והזהר. צו נכשל ווערן איז דאָ גרינג. און נכשל ווערט מען דאָ נישט מיט קיין מעשים, נאָר מיט גאָלע רייד. אוודאי קען מען אויף קלאָר נישט וויסן צי מיר לעבן אָפּטמאָל נישט אין אַ צייט וואָס די עקבתא דמשיחא דערנענטערן זיך. איך האָב אַ סך מאָל איבערגעטראַכט: די חכמים האָבן געזאָגט, אַז משיח קען קומען נאָר אין אַ דור וואָס איז — אָדער כולו זכאי, אָדער אין אַ דור וואָס איז — כולו חייב. תחילת האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס גייט טאַקע צו כולו חייב. און מיט אַמאָל האָט קביכול חרטה געהאַט. און הלמאי טאַקע זאָל ער חרוב מאַכן זיינע אייגענע וועלטן? הלמאי זאָל ער טאַקע נעמען דעם

מענטשן, דעם בּחיר היצורים און מאַכן פון אים אַ נבזה, אַזאַ וואָס האַלט, אַז לית דין ולית דיינא? קביכול בּאַדענקט זיך אויך. דאָס איז דאָך ידוע.

אָט צוליב וואָס זאָל איך זוכן ווייט?

געווען בּיי אונז אין שטעטל אַ קאָניוך, אַזאַ וואָס האַנדלט מיט פערד. און ס'איז דאָך ידוע, אַז אַ פערדהענדלער איז אויך אַ פערד-גנב; האָט צו טאָן מיט ציגיינער. ווערט פאַרפאַלן אויף יאַרידן. און אַז עמעצער האָט געגנבעט אַ פערד — האָט ער דאָך ממילא בּאַדאַרפט אַריינפאַלן צו אַ פערדהענדלער, ער זאָל אים אַוועקפירן אין מרחקים אויף אַ יאַריד; איבּערבּייטן מיט ציגיינער און גאָר נישט. גיי זוך אים איצטער. מע האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ פערד-גנב.

אין דער היים דווקא איז ער אַ גאַנצע וואָך געגאַנגען אין אַ שבּתדיקן סורדוט. שטענדיק, גלייך ווי ער וואָלט געוואַרט אויף מחותנים. גערופן האָט מען אים בּיי אונז כאַצקל טרעלבּאַך. ווי קומט צו אים אַזאַ צונאָמען? — וועט איר פרעגן — קומט עס צוליב דעם, וואָס דער מענטש האָט נישט אַנדערש ליב געהאַט, אַז דאָס ווייב זאָל אים מאַכן אַ קוגל אין אַ קעלבּערנעם מאָגן. און בּכבודו ובעצמו האָט ער אויפגעגעסן דעם גאַנצן קוגל. נאָר עס האָט דאָך אים געקענט פאַרשאַטן פון אַזאַ מין אכילה. האָט ער אָנגעזאָגט זיין ווייב, אַז זי זאָל אים דעם קוגל מאַכן אויף גאָלע ריצנאייל. ער האָט עס מסבּיר געווען אַזוי:

— איך וויל, מיין ווייב, אַז די רפואה מיט דער מכּה זאָלן קומען אינאיינעם.

דעריבּער האָט מען אים גערופן כאַצקל טרעלבּאַך. איז האָט דער דאָזיקער פאַרשוין געהאַט דריי זין. האָבּן זיי זיך תּחילת אַלע געשניטן אויף פערד-גנבים. דער טאַטע, אפנים, האָט זיי אויף דעם דאָזיקן דרך געפירט; האָט אויפגעזעצט זיינע בּנים אויף פערדלעך און אַוועקגעשיקט אין אַ פרעמד פעלד אַריין פאַשען.

לאָזט זיך אָבּער אויס דווקא קאַפויר. אָבּער ווי קאַפויר — אירט אייך חידושן, אַז איך וועל עס אייך דערציילן:

נעמט דער עלטערער, אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף, און אַנטלויפט פון דער היים און מען ווייסט ניט וואוהין ער איז אַהינגעקומען.

גייט אַוועק אַ צייט און ער נעמט און קומט אַראָפּ מיט סמיכות אויף רבנות. אַ ביסל שפּעטער נעמט און אַנטלויפט דער אַנדערער, אויך שוין אַ דרייצן־יאָריקער יינגל און מען ווייסט נישט וואוהין ער איז נעלם געוואָרן. גייען אַוועק יאָרן און ער קערט זיך אום אַהיים אַ דאָקטאָר. אַפילו נאָך נישט קיין פולער דאָקטאָר — נאָר שוין מיט מעשענע קנעפּ, מיט אַ בלויער היטל. מען האָט געשמועסט, אַז אָט, אָט — ווערט ער אַ דאָקטאָר. אין שטעטל איז מען צו אים געגאַנגען, ווייבער האָבן געבראַכט צו אים קראַנקע קינדער און מען האָט געשמועסט, אַז ער האָט שוין יעמאָלט פאַרשטאַנען מער פון אַ דאָקטאָר... ער איז טאַקע געוואָרן אַ פּראָפעסאָר, נישט נאָר קיין דאָקטאָר.

ווערט איר דאָך פרעגן, וואָס איז געוואָרן מיטן יינגסטן, מיטן דריטן?

אָט וועגן דעם דריטן וויל איך גאָרנישט זאָגן... וועגן דעם דריטן טראַכט איך מער ווי פון די צוויי ערשטע. און פון דעם טאַטן זייערן איז נישטאָ וואָס צו ריידן. אין צייט פון פּאָגראָמען האָט ער דאָך געוואָלט ווייזן, אַז ער איז כאַצקל און אַרויס אַנטקעגן די פּאָגראָמ־שטשיקעס דווקא אויף פערד, מיט אַ רידל אין האַנט... און זאָל עס אויסגיין צו די ווילדע פעלדער וואָס פון אים איז געוואָרן. ער איז דער ערשטער געפאַלן אינמיטן מאַרק. מען האָט אים פון פערד אַראָפּגעשלעפּט און דערשטאָכן ווי מען שטעכט אַ חזיר.

דעריבער, אַז איר פרעגט מיך, פאַרוואָס איך באַהאַלט די ציצית און האָב מורא זיי אַרויסצוּווייזן, איז דאָס נישט צוליב דעם טאַטע, אַז דאָס פעלד זאָל זיך חלילה נישט אָנצינדן. די אייגענע מעשה: די אויגן קענען נישט זען מער וויפל פאַר זיי איז באַשערט צו זען. און דאָס מויל רעדט אויך נישט מער וויפל עס איז אָנגעוויזן געוואָרן צו ריידן.

מען קען נישט זאָגן, אַז זיי קריכן מיר אין די אויגן אַריין; די קאָמסאָמאָלן אין דאָרף. דאָס נישט. מיין אייניקל האָט פאַר מיר אָפּשיי. פונדעסטוועגן, אַז ער שטעלט זיך אַנידער פאַר אַן עדה יידן און באַווייזט מיט אותות ומופתים, אַז קיין גאָט איז נישטאָ און לאַכט אָפּ פון שבת און פון וואָס דען נישט? מילא, ער לאַכט אָפּ פון ארץ־ישראל... נעם איך עס אָן פאַר גוט. האָבן דאָך די חכמים

געזאָגט, אַז אין משיחס צייטן וועט די חוצפּה אויסוואַקסן גאָר מי יודע, ממש אין די אויגן אַריין. און נאָך עפּעס האָבן די חכמים געזאָגט, אַז מיט דער צייט וועט ארץ־ישראל זיך פאַרשפּרייטן איבער גאָר דער וועלט. גלויב איך, אַז דאָ קען ווערן ארץ־ישראל... אַז ער רעדט פאַר אַן עדה יידן און לאַכט פון גאָט און אַן עדה יידן שווייגט, איז דאָך אוודאי און אוודאי ביטער און פינסטער.

ער קומט אַמאָל צו מיר און מאַכט צו מיר אַזוי:

— זיידע, פאַרוואָס קריגסטו זיך נישט מיט מיר?

— און אַז איך וועל זיך מיט דיר קריגן, וועט אַ רעגן אַרויס־פאַלן? וועלן די פעלדער געראָטן?

— אוודאי — זאָגט ער — וועט אַ רעגן אַרויספאַלן און די פעלדער וועלן געראָטן.

— ווייסט וואָס, מיין אייניקל — זאָג איך צו אים — זאָל נאָר אַ רעגן אַרויספאַלן, ווערסטו זען, אַז אויף מיין פעלד און אויף דעם פעלד פון דיינע לייט וועט אויף איין אופן געראָטן. ווייל דער וואָס אין הימל פאַרבויגט אויף זיינס.

אַנומאָלט האָב איך אים פאַרן אויער אַרויסגעשלעפּט פון בעט, ביינאַכט דרויסן און באַוויזן אים:

— זע, וואָס פאַר אַ הימל און ווי אַזוי די שטערן, אַלע, איעדער אויף זיין אָרט.

עס איז טאַקע געווען אַרום האַלבן חודש, די לבנה האָט באַלויכטן ווי בייטאָג דעם גאַנצן דאָרף. האַלט איך אים ביים אויער און טענה צו אים:

— שייגעץ איינער, ווער האָט דאָס באַשאַפן? דיין לענין האָט עס באַשאַפן? איך האָב זיך פאַרכאַפּט, פאַרשטייט זיך. אויף אים רייד איך נישט קיין בייז. ער איז אוודאי אין ליכטיקן גן־עדן... — נאָר — זאָג איך צו אים און האַלט אים באַרן אויער — די קאָמ־סאָמאָלן אייערע האָבן דאָס באַשאַפן, אַז איעדער שטערן זאָל וויסן זיין אָרט און וויסן זיין שפּאַציר־גאַנג?

איר פאַרשטייט, צוליב וואָס האָב איך עס באַדאַרפט טאָן? מען האָט דאָך פון מיר חוזק געמאַכט. מען האָט מיר אונטערגעשיקט

מײַן אוראײניקל, אַ פיאָנער, און ער נעמט אויף מאָרגן אין טוט מיך אַ פרעג:

— זיידע, אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט אין זעקס טעג, טאָ פאַרוואָס האָט ער נאָך ביז איצטער קיין צייט נישט אַ קוק צו טאָן אין קרים און זען, פאַרוואָס די סוסליקעס עסן אויף אונזערע באַשטאַנעס?

ענטפער איך אים:

— ווייסט זאָגן דײַן ברודער, אַז די וועלט האָט גאָט באַשאַפן און זי איבערגעגעבן דעם מענטשן, ער זאָל זי פירן. נו, איז אָך און ווי ווי ער פירט די וועלט...

האָט שוין דער קלײנער אויך שכל און, תוך כדי דבור, טוט ער מיך אַ פרעג:

— האָט חבר לענין שלעכט געפירט? ער האָט דאָך געהייסן געבן ייִדן ערד. און ער האָט געזען, אַז אַלע אָרעמעלייט זאָלן האָבן אַ שטיקל ערד...

איך פאַרשטיי, ווי סע קומט צו לענינען, פאַרשטאָפן זיי מיר דאָס מויל. דאָ ווייס איך אַליין נישט. דאָ בין איך בבחינת בלינדער מענטש און קען עס נישט תופס זײַן. איך קען עס נישט משיג זײַן, צי פון אַזויפיל רשעות קען אַרויסקומען אַ טובה. אמת, זיי זאָגן, אַז די רשעות האָט ער אָפּגעשטעלט; די רשעות האָט זיך אָנגעהייבן פון דער מלחמה און ווען נישט ער, לענין, ז"ל, וואָלט רוסלאַנד הרוב געוואָרן; פּשוט און פּראָסט: איינער וואָלט דעם אַנדערן אַרײַנגערוקט אַ מעסער אין האַרצן. אפשר וואָלט נאָך איבערגעבליבן איין רוצח און נישט מער... אָט, אַז סע קומט צו דעם, בלײַב איך שטיין. בלײַב איך שטום; בלײַב איך בלינד. זאָג איך, אַז אַ מענטשן איז געגעבן געוואָרן אַ פּאָר אויגן און אַ פּנים מער וויפל סע איז באַשערט די אויגן צו זען — קומט זיי שוין נישט אים צו זען. אפשר זעען זיי און דער מוח איז נישט משיג דאָס געזעענע... און וואָס ווען זיי, די קאָמסאָמאָלן, אַרויסקומען, אַז איך צו דער עלטער זאָל ווערן אַ כופר בעיקר? וואָס? צוליב וואָס, פרעג איך, האָט מען זיך אָנגעזעצט דווקא אויף מיר, דעם בעל־שמונים? מען האָט שוין געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל זיך שעמען מיט די ציצית, טאָמער

כאַפּן זיי זיך אַרויס אויף דרויסן. איך זאָג מיר מיינס, אַז גאָט — איז גאָט און זייער חבר לעניין — איז זיך חבר לעניין. וואָס האָט עס מיט דעם גוף עניין צו טאָן?

אַמאָל וואָלט איך געזאָגט, אַז צוליב זיי, צוליב די קאָמסאָמאָלן און צוליב די פּיאָנערן, איז די טריקעניש. די אומגערעטעניש. אַ סך זאָגן דאָס נאָך איצטער אויך. וואָרעם הלמאי האָט מען גענומען און אַריינגעבראַכט אַ חזיר אין דאָרף אַריין? אַ חזיר ממש ווי אין פּסוק שטייט. נו, פאַרשטייט איר דאָך, ווי ס'איז געוואָרן אויפן האַרצן. איר האָט אַזעלכעס געזען אויף דער וועלט, אַז אין אַ יידישן דאָרף, יידיש טאַקע מרחם ומליוה — נעמט מען און מען ברענגט אַראָפּ אַ חזיר, טפו זאָל עס ווערן!... וועט איר פרעגן, וואָס מיט אים איז געוואָרן? מען האָט אים געפּאַטערט... ווי אַזוי? מען האָט פּשוט און פּראָסט געזאָגט תהילים אין דער שטיל... איך און נאָך אַ פּאָר פרומע יידן האָבן געזאָגט אַזוי לאַנג תהילים, ביז דער חזיר איז אַוועקגעפאַלן. אויפגעשטאַנען אינדערפרי — ער ליגט אויסגעצויגן אין סאַמע מיטן דאָרף! די קאָמסאָמאָלן האָבן געמענדעט, אַז מען האָט אים אַוועקגעסמט און האָבן דערפון געוואָלט מאַכן אַ דיעלע און געוואָלט דווקא אויפזוכן דעם בעל-דבר. אַז מען איז געקומען צו מיר, האָב איך זיי אָנגעוויזן מיטן מיטלסטן פינגער צום הימל. האָבן זיי אויסגעגלאָצט די אויגן, די קאָמסאָמאָלן טאַקע, און געפרעגט, וואָס איך בין מכוון מיט דעם? האָב איך געזאָגט, אַז טענות זאָל מען האָבן צו אים, צום רבונו-של-עולם; ער האָט עס געטאָן. ער קען נישט פאַרטראָגן, אַז אין אַ יידישן דאָרף זאָל זיין אַ חזיר... דערווייל האָלט עס דערביי, אַז אין יידישן דאָרף זאָל קיין חזיר נישט זיין. נאָר בכלל איז דאָך שוין אָך און ווי, אַז מע באַדאַרף וועגן דעם ריידן. און ריידן טאָר מען נישט אין דער הויך. חס-וחלילה. איצטער, אַז אַ טאַטע איז קיין טאַטע נישט — איז אַ פּשיטא שוין, אַז אַ זיידע איז קיין זיידע נישט. מען לאָזט ווי עס איז זשיפּען. איך טו מיר מיינס — זאָלן זיי טאָן זייערס. איך גיי מיר אַרויס אין פעלד באַגינען און זאָג מיר אָפּ אין דער שטיל אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים. שאַטן, שאַדט עס נישט. זיי וועט אוודאי דערפון דער קאָפּ נישט וויי טאָן.

נאָר וואָס קען מען טאָן? אַ צייט אַזאַ. דעריבער האָב איך אייך דערציילט פון כאַצקל טרעלבאַך און זיינע דריי זין, אַז מען ווייסט נישט וואָס פון וועמען קען אַרויסקומען. די אַלטע יונגוואַרג ווי זיי הייסן דאָרטן, די קאָמסאָמאָלן, די פּיאָנערן, זיינען דאָך טאַקע יוצאי ירך, פון אייגענער מאַמעס בויך אַרויסגעקומען. איז עס דאָך אַליין אַ חידוש: אַרויס פון מאַמעס בויך און שוין אויפן הויכן קול; — „עס איז קיין גאָט נישטאָ אויף דער וועלט!"... און פון דער אַנדערער זייט דערלאָזן זיי טאַקע נישט, אַז מען זאָל ווידער אָנטאָן נגישות יידן. זיי דערלאָזן ניט. גאָר אַן אַנדער דור. און יוצאי ירך. טאַקע ווי ביי כאַצקל טרעלבאַך... עס איז אַ סוד. שווייגן באַדאַרף מען. און אַז די ציצית קריכן אַרויס פון די הויזן—באַדאַרף מען זיי באַהאַלטן... כע־כע־כע — וואָרעם עס קען זיך טאַקע חלילה דאָס פּעלד אָנצינדן...

---

# ז אָ ר ג

פֿרילינג־זאָרג און פֿרילינג־פֿרייד; זומער־פֿרייד און זומער־זאָרג. האַרבסטיקע זאָרגן און... ווינטער־זאָרג. אַלערליי מאָמענטן האָב איך איבערגעלעבט מיט די יידישע איבערוואַנדערער אין קרים.

דער זומער איז געווען געמישט — פֿרייד און זאָרג אינאיינעם. דער ניט־דערפֿאַרענער יידישער פּויער האָט געזען, אַז זיין ווייצנפֿעלד אַנטוויקלט זיך; זאַנגען קומען אויף; אין די זאַנגען קערנער; דאָס ערשטע מאָל אין לעבן — אַ גדולה, אַ פֿרייד! ער האָט נישט געוואוסט ווי אָפּצושאַצן זיין גערעטעניש. ער האָט נישט געוואוסט אויב זיין ווייצנפֿעלד, צי זיין גערשטן און האָבער וועט אים ברענגען עשירות אָדער דלות... דעם ווינטער האָט ער נאָך אין זיין דמיון שלעכט געזען. דעם ערשטן יאָר אין קרים. עס איז דאָך קרים. וואַרעם. מען קען אויסגיין באָרוועס. אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער, אויב נאָר אין צייט, קען מען שוין אַ טאָג מיט דעם אָפּנאַרן דעם מאָגן.

מען האָט די פֿעלדער אָפּגעשניטן. און פֿון פֿויערס גאַנצער שפֿע, פֿון די זעקס העקטאַר ווייצנפֿעלד, האָט דער פּויער קוים אַ הונדערט, הונדערט־פֿופֿציק פּודלעך ווייץ; אַ הייפֿעלע גערשטן, און נאָך ווינציקער האָבער. ער דערוויסט זיך, אַז דאָס איז אַ אומגערעטעניש. דער ניט־דערפֿאַרענער פֿאַלט איצטער אַריין אין אַ מרה־שחורה אַריין. עס ווערט אים אומעטיק. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער ייד, וואָס מען איז אים חושד פֿאַר דעם גאָר גרויסן קרעמער; משמעות, אַז ער איז אוודאי אַ גרויסער בעל־חשבון — דער אייגענער ייד האָט אָנגעוואָרן די הכמה אויסצוחשבונען זיינע באַדערפֿענישן. דער ייד האָט גאָרנישט די פֿעיִקייטן אויסצוחשבונען זיין הכנסה. עס פּלאָנטערט זיך אים אין קאָפּ אַ נייער פּלאָנטער: „אַזויפֿיל בין איך שולדיק און אַזויפֿיל האָב איך. שולדיק בין איך דער מלוכה. שולדיק דעם אַגראָדזשאָינט.

קען מען עס רעכענען פאַר חובות, וואָס מען מוז צאָלן, צי ניין? צי וועט מען מאָגען האַרב, צי ניין? חובות, חובות... שאַ, און וואָס וועט מען עסן דעם גאַנצן ווינטער?"

— און פאַרוואָס וועט מען קויפן אַ וואַרעמען בגד, פאַר דער ווייב, פאַר די קינדער?

— און מיט וואָס וועט מען באַשוכן דאָס גאַנצע געזינדל?

— און מיט וואָס וועט מען... עפּעס אַ קלייניקייט וואָס אַ מענטש באַדאַרף האָבן!...

איצטער, קוקנדיק אויף דער שפע פון אַ קאַרגן יאָר, איצטער זעט ער "דאָס ווייצעלע", "דאָס גערשטענדל". און גיי לייג זיך אָן אויף דעם! עס וואָלט נאָך אפשר אַזוי שלעכט ניט געווען. דער יידישער איבערוואַנדערער איז דאָך אָבער געוואָרן אַ פּויער, און דאָס מיינט אַ שותפות געמאַכט מיט מאַמע-ערד און מיט אירע קאַפּריזן; איצטער באַדאַרף איך איר געבן. שפּעטער, אויב זי וועט האָבן רעגן אין צייט, זונשיין ניט איבער דער מאָס; הייסע ווינטן זאָלן דאָס פעלד מיידן — יעמאָלט וועט זי געבן כופל כפלים..." נו, ווי היינטיקס יאָר, די ווינטער-זריעה האָט געפעלשט; די פרילינג-זריעה האָט געהאַט ווינציק רעגן... עס האָט אָבער איינס מיטן אַנדערן ניט צו טאָן. מען באַדאַרף ווידער זייען. מען באַדאַרף זיך ממש צעטיילן מיט מאַמע-ערד אויף דער העלפט. און אַנדערע פּויערים באַדאַרפן איר ווידער אַוועקגעבן מער ווי אַ העלפט.

אוי, איז דאָס געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן, ווען דער האַרבסט האָט זיך דערנענטערט! דאָס אויפגעאַקערטע פעלד האָט געוואַרט אויף דער ווינטער-זריעה און דער יידישער פּויער האָט זיך ניט געקענט שיידן מיט זיין ביסל ווייץ, וואָס ער האָט עס אין דמיון שוין צען מאָל פאַרקויפט און צען מאָל שוין געבויט אויף דעם הרים וגבעות. ערשט איצטער האָט ער דערשפּירט, אַז צו זיין אַ פּויער — מיינט פאָרלויפיק צו באַקענען זיך מיט אַ גאָר נייער אָרעמקייט, וואָס ביז איצטער איז זי געווען אומבאַקאַנט. דער ווייסרוסישער, צי דער אוקראַינער ייד האָט געוואוסט פון אַזאַ דלות, וואָס האָט געפייפט פון אַלע ווינקעלעך; אַ דלות, וואָס איז געקומען פון "גאָר נישט האָבן", פון "גאָר נישט פאַרמעגן". אין דאָ האָט ער, דאַכט

זיך, פון אַלצדינג. ער האָט אייגן לאַנד, אַ צוואַנציק העקטאַר. האָט אָקסן. האָט פערד. האָט קי. מאַשינען. און האָט אויך אַראָפּגענומען פון זיין פעלד זיין ווייץ, זיין גערשטן, זיין האָבער, זיין קוקורוזע. און פונדעסטוועגן זעט ער ווי דער האַרבסט רוקט זיך אָן. נאָכן האַרבסט קומט אַ ווינטער און עס קאָן גאָר געמאָלט זיין, אַז ניט נאָר וועלן בלייבן די שטובלייט נאַקעט און באָרוועס — אַפילו קיין שטיקל ברויט וועט צומאָל ניט זיין אין שטוב...

---

זאָרג האַרבסטיקע. אַ זאָרג אַ נאָגנדיקע. אַ זלידנע זאָרג, ווי די זלידנע פליגן, וואָס לאָזן די פערד ניט רוען. זלידנע זאָרגן, וואָס קריכן דעם איבערוואַנדערער אין סאַמע לייב אַריין.

אַ סך איבערוואַנדערער האָבן אַ גאַנצן זומער געשלעפּט מיט די אָקסן שטיינער, כּדי דער אַגראָדזשאָינט זאָל העלפן אַ הויז אויפשטעלן צום ווינטער. דאָס הויז האָט מען ווי עס איז אויפגעשטעלט און עס פעלן זאַוועסעס צו די פענסטער, קליאַמקעס צו די טירן און עס פעלן טירלעך צו די אויוונס און די שטוב איז קיין שטוב ניט.

און איינער האָט זיך אין דער לעצטער מינוט מיישב געווען, אַז ער וועט גאָר בעסער פאָרן אַהיים צו ווייב און קינד אין שטעטל אַריין, איידער ער זאָל די משפּחה אַריבערברענגען און ניט געפינען קיין ברויט אין שטוב.

אַן אַנדערער, פאַרקערט, האָט שוין די משפּחה אַראָפּגעבראַכט און מען האָט אים קיין קו ניט אַרויסגעגעבן.

און ביי יענעם איז שוין אַלץ טאַקע ווי עס באַדאַרף צו זיין; ער האָט אָנגעפירט אויף אַ שטוב; און די שטוב איז אַ פאַרטיקע. ער האָט די משפּחה און האָט די קו אויך, נאָר ער האָט ניט אָנגעפירט קיין מאַטעריאַל אויף אַ שטאַל און ער וועט מוזן די קו זיינע „האַלטן אונטערן בעט".

און אַן אַנדערער האָט שוין אַ שטאַל אויך צו דער שטוב, נאָר עס פעלט אים אַ שטעלכעלע פאַר די הינער.

און דער ווינטער וועט קומען...

אוי, ווי די פריערשע זאָרג האָט אַרומגערינגלט דעם יידישן איבערוואַנדערער ווען דער זומער איז אַוועק. אַלערליי זאָרגן האָבן

איִם אַרומגענומען, אָבער אינדערמיט פון אַלע זאַכן איז געווען די זאָרג פון זריעה.

אין האַרץ פון זייערע זאַכן האָבן די איבערוואַנדערער אויך מיך אַריינגעצויגן.

---

עס איז די טבע פון דעם, וואָס איז אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע, צו פרעגן עצות ביי וועמען נאָר עס לאָזט זיך. אַן אַמעריקאַנער, אַ יידישער שרייבער — אויך אַזאַ איינעם ווי איך, וואָס קאַלאַטשעט זיך שוין אַרום חדשים־לאַנג אין ראַיאָן פון דער איבערוואַנדערונג, האָט מען שוין אָנגעהויבן צו קוקן ווי אויף אַ פאַרמיטלער צווישן זייער שווערער לאַגע און אַמעריקע; צווישן אַמעריקע און אַגראָ־דזשאָינט.

— זאָגט, חבר, איז טאַקע אמת, וואָס מען זאָגט, אַז אַמעריקע איז אָרעם געוואָרן?

— וואו האָט איר עס געהערט?

— אוודאי, מען שמועסט אַזוי ביי אונז. וואָרעם הלמאי דער אַגראָדזשאָינט ווערט וואָס אַ יאָר אָרעמער...

אַנדערע מיינען, אַז דער אַגראָדזשאָינט ווערט קאַרגער. די קאַרגע גערעטעניש האָט דעם איבערוואַנדערער אָפטמאָל פאַרבונדן ניט נאָר מיט נאַטורס קאַפריזן, נאָר מיט די קאַפריזן פון דער מלוכה און אַגראָדזשאָינט. געטראָפן, אַז מען האָט פאַר מיר אָנגעקלאָגט דעם אַגראָדזשאָינט, פאַרוואָס זיינע אַגראָנאָמען פאָרן אין אַווי־טאָמאָבילן:

— דאָס וואָס דער אַוטאָמאָביל קאָסט אָפּ, האָט אַ גאַנצער דאָרף געקענט דערמיט לעבן.

— ייד איינער, וואָס רעדט איר? ווי אַזוי קאָן דער אַגראָנאָם באַווייזן אַכטונג צו געבן אויף אַזאַ גרויסן ראַיאָן, אויב ער וועט אומגיין צופוס?

— נו, איז וואָס קומט אונז אַרויס, אַז ער טראָגט זיך אום ווי אַ רוח אין זיין אַוטאָמאָביל? האָט ער אונז אין אַוטאָמאָביל געבראַכט אַ גערעטעניש?

אַז די האַרבּסטיקע זאַנגען זיינען געוואָרן ווי זלידנע פליגן, וואָס מען קען פון זיך ניט פאַרטרייבן און אַז איך בין געקומען אין קרייז פון די איבערוואַנדערער, האָט מען פאַר מיר אויסגעקלאָגט דאָס וואָס מען וואָלט אין אַ גוטער צייט אַריינגעיאָמערט אין אַמעריקע גופא.

אַז מען קומט צום אַגראָנאָם אין קאַנטאָר און מען באַקומט ניט קיין באַפרידיקונג — פריוּוט מען אויסריידן דאָס האַרץ פאַר ייִדישן שרייבער:

— איר פאַרשטייט, חבר, אַז איך בין אַ זומער לאַנג געשוואָלן געוואָרן פון הונגער — און איך באַדאַרף דאָך צייך ניט מאָלן קרימער היץ — אַז איך האָב טאָג איין, טאָג אויס, פון באַגינען ביז נאַכט און אָפט דורך נאַכט געשלעפּט די שטיינער און געהילצן, כּדי איך זאָל אין אָסיען האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ. און אַז די שטוב איז שוין בּרוך־השם אויפגעבויט — נעמט מען און מען גיט מיר ניט אַרויס קיין ציגל. איך קען קיין אויוון ניט מאַכן. און וואָס איז מיר די שטוב אָן אַן אויוון? ווינטער וועט מען דערפראָרן ווערן...

און אַן אַנדערער קומט:

— איך וויל, חבר, איר זאָלט דערציילן אין אַמעריקע ווי מען דריקט דעם איבערוואַנדערער. אָט, אדרבּה, איך פרעג אייך, ווי איז דער דין, אַז ביים אַגראָדזשאָינט, וואָס באַדאַרף מיר אויסבויען אַ שטוב, האָט אויסגעפעלט אויף זאַוועסעס און קליאַמקעס און טירלעך צום אויוון און איך, נאַר, האָב געטאָן און אויסגעלייגט פון מיין קעשענע פּיראונצוואַנציק רובל און געקויפט; וואָרעם איך וואָלט דאָך, נאָך אַלע מאַטערנישן, ניט געהאַט קיין שטוב. אַז מען קען קיין טיר ניט צומאַכן — איז אַ שטוב גאָרנישט ניט ווערט. נו, האָב איך גענומען און אויסגעלייגט מיין אייגן געלט. איצטער טענהט די קאַנטאָר, אַז זי באַדאַרף מיר די פּיראונצוואַנציק רובל ניט אומקערן.

— סיי ווי גיט מען דאָך אייך אויף קרעדיט. אַז איר האָט אויסגעלייט פון אייער קעשענע די פּיראונצוואַנציק רובל, וועט איר פאַרשפּאָרן צאָלן דעם אַגראָדזשאָינט.

— ניין, חבר, דאָס איז גראָבעזש, עס פּאַסט ניט פאַר אַמעריקע. אַמעריקע באַדאַרף ניט האַנדלען אַזוי... דערציילט אין אַמעריקע, זאָל מען וויסן ווי דער דזשאָינט באַהאַנדלט די איבערוואַנדערער.

---

און אַז די זאָרג האָט דערגרייכט צו דער ווינטער־זריעה, דאָ האָט שוין ניט געערדט דער געוועזענער מלמד אָדער קרעמער, וואָס האָט באַקומען אַ מלמדישע השגה; דאָ איז דער איבערוואַנדערער געוואָרן אַ פּויער, וואָס זאָרגט פאַר זיין פעלד; אַ פּויער, וואָס איז אין פאַרצווייפלטער לאַגע.

די ווינטער־זריעה האָט באַדאַרפט קומען דורך צווייערליי קאַנאַלן. ערשטנס האָט מען געוואַרט, אַז די רעגירונג זאָל אַרויסגעבן איצטער תבואה צו פאַרזייען, בתנאי דער פּויער זאָל זיך פאַרקאָנטראַקטירן אומצוקערן פון דער גערעטעניש דאָפּלט די וואָג וואָס ער האָט גענומען און די רעגירונג וועט אים צאָלן איר פעסטן פּרייז. (היינטיקס יאָר האָט די רעגירונג געצאָלט פאַר תבואה אַ סך ווינציקער ווי דער פּריוואַטער אויסקויפער). דאָס האָט מען ניט געהאַט קיין חשק צו טאָן. אַגב האָט די אַגראַר־באַנק געפאָדערט ביי די פאַראַיאָריקע פּויערים, אַז זיי זאָלן פריער באַצאָלן די אַלטע חובות, יעמאָלט וועט מען זיי אַרויסגעבן ניע קרעדיטן. און בכלל איז די רעגירונג ניט געווען בכוח צו באַזאָרגן מיט דער פולער האַנט זריעה דעם ראַיאָן.

עס האָט זיך אויך געהאַנדלט, אַז דער אַגראָדזשאָינט זאָל אַרויסהעלפן און געבן זריעה אויף די זעקס העקטאַר, אַ מינימום, וואָס איעדערער האָט באַדאַרפט זייען. פון אַגראָדזשאָינט האָט מען תחילת מודיע געווען, אַז מען וועט הייער קיין זריעה ניט געבן; זאָל זיך יעדערער זייען וויפל ער קאָן. אין אַ שלעכטער לאַגע וואָלטן תיכף נאָך דער זריעה געבליבן אַ גרויסע צאָל איבערוואַנדערער, וואָרעם זיי וואָלט אויסגעקומען צו פאַרזייען דאָס לעצטע ביסל ווייץ זייערס.

דערנאָכדעם האָט מען מודיע געווען, אַז כדי מען זאָל נישט פאַרשפּעטיקן מיט דער זריעה, ווייל תבואה קען אָנקומען צו שפּעט, דעריבער זאָל יעדער פּויער אויסלייגן זיין תבואה און שפּעטער,

ווינטער צו וועט מען אים אומקערן, ווען תּבואה וועט אָנקומען אין ראַיאָן. אוי, ווי עס האָט זיך דעם ערשטלינג־פּויער ניט גע־גלוסט שיידן מיט זיין בּיסל ווייץ, ניט האָבּנדיק קיין אויסזיכט אויפן ווינטער!

— וואָס וועט זיין, חבר הירשבּיין? אויב אַזוי שווער איז אונז די ערשטע צייט, טאָ ווי אַזוי וועלן מיר דערלעבּן בּעסערע טעג?

— איך וועל פון דאַנען לויפן, אויב מיין פעלד וועט בּלייבּן ניט פאַרזייט. אַזוי שווער און בּיטער איז מיר אָנגעקומען בּיז איך האָבּ מיט מיינע שוואַכע עקסלעך צוגעגרייט דאָס פעלד. אין פרילינג אויפגעריסן דעם שוואַרצבּרוך. און איצטער איינמאָל איבּערגעאַקערט דעם גרונט... נו גוט, איך וואָלט פאַרזייט מיין בּיסל ווייץ. וואָס וועט מען טאָן ווינטער מיט די קישקעס? אַרויסנעמען זיי און אַוועקגעבּן די הינט, ניט אַנדערש...

— וואָס וועט זיין מיט זריעה, חבר אַגראָנאָם?

— וואָס הערט מען עפּעס מכּוח זריעה, חבר הירשבּיין?

עס איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז דער אַגראָדזשאָינט וועט אַרויס־געבּן געלט און די איבּערוואַנדערער וועלן אַליין בּאַדאַרפן פאָרן אין מאַרק זוכן תּבואה.

איז ווידער געוואָרן אַ גערודער:

— וואָס הייסט, מיר זאָלן פאָרן אויפן מאַרק זוכן תּבואה? מען וויל אונז ווידער שיקן אויפן יאַריד?

— אוים מיטן מאַרק — איז אוים מיטן מאַרק! איך וויל קיין געלט ניט. זריעה בּאַדאַרף איך...

— איך וויל זיך צום געלט ניט צורירן!

— סטייטש — פרעג איך — מיט אַמאָל האָט איר אָנגעוואָרן דעם טעם אין מאַרק? אַ דאגה האָט איר, נעמט דאָס געלט, כאַפּט זיך אַריבּער אויפן מאַרק און קריגט ווייץ צום פאַרזייען.

— מען זעט, אַז איר זייט אַ שרייבּער און אַן אַמעריקאַנער דערצו. צי ווייסט איר ניט, אַז אין מאַרק איז דער פוד ווייץ פיר רובּל און די רעגירונג צאָלט עפּעס אַריבּער אַ רובּל. טאָ ווי קען מען איינקויפן זריעה אין מאַרק?

דאָ האָט זיך דער „יונגער פּויער“ מיט דעם „אַלטן סוחר“ צונויפֿגעטראָפֿן. דער חשבון האָט ניט געשטימט. כאָטש אָך און וויי דערווײלע צו די חשבונות. אַרום שטיקל ברויט גייט דער גאַנצער חשבון. יאָ פֿאַרזייען — וועט ווינטער ניט זיין קיין ברויט אין שטוב. ניט פֿאַרזייען און עסן די זריעה — וועט זומער און איבעראַיאָר ווינטער קיין ברויט ניט זיין. מער ווי ברויט הערט מען דערווייל ניט צווישן די איבערוואַנדערער. אויף צען מאָל ברויט קען מען הערן דערמאָנען אַ שוך, אַ וואַרעמען בגד... גאַנץ אומגעריכט האָט זיך אָנגערוקט די אומרויִקע צייט. אין פֿאַרלויף פֿון אַ פּאָר וואָכן — פֿון שניטצייט ביז צו דער זאָרג פֿון דער ווינטער־זריעה — האָט זיך אַנטוויקלט אַ אמתע פּאַניק, גלייך ווי דער הונגער וואָלט שוין קלאַפּן אין די טירן, גלייך ווי אַלע האָפֿענונגען ווי עס איז אַרויסצוקריכן צו אַ שטיקל ברעג, האָבן זיך אויסגעלאָזן.

---

די גוטע ידיעה, מען וועט באַוואָרענען דעם עולם איבערוואַנדערער מיט ווינטער־זריעה, איז אָנגעקומען אין צייט. אַז די רעגירונג וועט אַנטקעגנקומען מיט אַ געוויסן פּראָצענט, איז נאָך פֿריער געווען באַוואוסט. די פּויערים האָבן באַדאַרפֿט אַליין פֿאָרן קיין יעווּפּאַטאָריע נאָך די תבואה, וואָס איז אָנגעקומען פֿון צפֿון. עס איז געווען אַן אויסטערלישע באַוועגונג. די שורות אָקסן־געשפּאַנען און פֿערד־געשפּאַנען האָבן זיך געצויגן מיטן שליאַך. אַז מען האָט מיך באַגעגנט אויפֿן וועג, האָט מען אָנגעזאָגט די שמחה:

— מיר זיינען געראַטעוועט! זריעה, חבר, איז דאָ, זאָל נאָר די קומענדיקע געראַטעניש זיין אַ בעסערע ווי הייעריקע.

— כאַפּט זיך אַרויף, חבר הירשביין, מען פֿאָרט אין שטאָט אַריין נאָך תבואה.

— איר זייט גערעכט געווען, ווען איר האָט אונדז אונטערגעגעבן מוט.

— איר ווייסט דאָך, אַז מען איז ביי זיך געפֿאַלן, גלויבט מען שוין ניט.

— אוודאי זאָרגט מען צוביסלעך, אַז דער איבערוואַנדערער זאָל ניט פֿאַלן פֿון די פֿיס...

איך האָב שפּעטער פֿאַרבלאָנדזשעט דאָ און דאָרטן אויף די איבערוואַנדערערס פֿעלדער. געטראָפֿן די ניט־דערפֿאַרענע, וואָס האָבן דעם ערשטן יאָר צום ערשטן מאָל געזייט. האָבן אַריינגעשיט די ווייץ אין זיי־מאַשין. אין לאַנגן קעסטל איבער די רערן, וואָס פֿירן די קערנער צו די פֿינף שמאָלע אַקערלעך. נאָכגעגאַנגען נאָכן בוקער און געזען, ווי די אויסגעווייניטע, אויסגעקלאָגטע תּבֿואה רינט אַריין אין דער אומבאַקאַנטער ערד אַריין:

— גיי טרעף צי דו טוסט גוט, צי דו טוסט שלעכט. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין אמונה אין דעם, וואָס מען באַגראָבט אין דער ערד. וואָס, מישטיינסגעזאָגט, האָט מיר די ערד היינטיקס יאָר געגעבן?... חלילה, איבעראַיאָר ווידער אַ אומגערעטעניש — וועט שוין אויסקומען ווי מיין ווייב זאָגט: — „מען ריעט מיט דער נשמה די ערד און מען עסט ערד“. קען טאַקע אויסקומען צו עסן די ערד.

— און וואָס זאָגט איר, חבר אַמעריקאַנער, איך זע, אַז איר ווילט ווערן אַ יידישער איבערוואַנדערער. אָט זייען מיר שוין ברוך השם. אויסגעקלאָגט דאָס ביסעלע ווייץ און איצטער לייגט מען עס אַריין שלאָפֿן אין דער ערד אַריין. אַ שאָד, וואָס ביי יידן איז ניטאָ קיין ברכה אויף דער מלאכה פֿון זייען.

— אַ שיינע זאַך, ווי דאָס קערנדל לייגט זיך אַוועק און איך שיט עס צו. מען מוז האָבן אמונה, אַז דאָס איז איצטער אונזער תּכלית.

— פֿאַראַיאָרן איז מיין ווייץ אַריין אין דער ערד אַריין און ניט באַוויזן אַרויסצוקריכן. אוודאי וועט שוין איבעראַיאָר זיין אַ גערעטעניש, בפֿרט וואָס פֿאַראַיאָרן האָט מען פֿאַר מיר געזייט און היינטיקס יאָר זיי איך מיט מיינע אייגענע הענט.

---

איך בין נאָכגעגאַנגען די מחשבֿות פֿון די איבערוואַנדערער אין די האַרבסטיקע טעג. אַ סך פֿון זיי זיינען געווען געווענדט צוריק צום שטעטל. אַ סך איבערוואַנדערער, וואָס האָבן ניט באַוויזן אויסצוביען אַ הויז און אַראָפּצובריינגען די פֿאַמיליע, האָבן אַ ביסל פֿון זיך

אַראָפּגעשטויבט דעם שטויב; אַרויסגעצויגן די אָנגעוואָרענע שיך; אַ ביסל אַרומגעוואַשן זיך און מיט אַ ליעגאַטנעם, ביליק בילעט אַוועקפאָרן צוריק צו זיך אין שטעטל. איינער האָט דעם אַנדערן מקנא גע־ווען. די איבערגעבליבענע האָבן מקנא געווען די וואָס האָבן זיך גע־פּוצט אין וועג אַריין:

— אַט וועסטו ווידער זיין אין שטעטל. וועסטו ווידער ריידן מיט מענטשן. און אפשר גאָר אַ נעם טאָן און בלייבן אין שטעטל.

און דער וואָס איז געשטאַנען אין וועג, האָט געמונטערט דעם געבליבענעם:

— איך בין דיר מקנא, אַט האָסטו אַ היים, אַן אייגענעם דאַך. און איך האָב געלאָזן ביי קרימער ערד מיין ביסל תבואה, און טאָמער געראָט ניט, בלייב איך מיטן בייטשל...

ווען עס איז בעסער אויפן האַרצן איז ניט שווער צו זאָגן. היינטיקס יאָר איז קיינעם ניט גרינג. עס איז נאָר געווענדט געווען מיט וואָס פאַר אַ כוונה איינער איז אַוועקגעפאָרן און מיט וואָס פאַר אַ געפילן דער אַנדערער איז געבליבן. געווים איז גרינגער גע־ווען צו באַגעגענען דעם האַרבסט פאַר די, וואָס האָבן איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך געזעגנט מיט דער שטאָט, צי מיטן שטעטל און האָבן אַהער אַריבערגעטראָגן דאָס מזל זייערס און צו דער אומבאַ־קאַנטער ערד געקראָגן צוטרוי אַפילו אין דער שווערער צייט.

אַז איך האָב געזען די יידישע פּויערים נאָכגייענדיק נאָך דעם זיי־אַקער, בין איך נאָכגעגאַנגען זייערע זאָרגן און זייערע מחשבות. נאָכדעם ווי מען האָט דאָס ציטעריקע ביסל קערנער פאַרזייט אין דער ערד אַריין — זיינען אויפגעשוואומען אַנדערע זאָרגן, וואָס האָבן שוין אָנגעוויזן צום ווינטער וואָס דערנענטערט זיך. מען האָט באַדאַרפט זיך אַוועקגעלאָזן איבער די פעלדער און אויפשאַרן דעם שטעכעדיקן קוראַי, עס זאָל זיין מיט וואָס די שטוב דערוואַרעמען; עס זאָל זיין מיט וואָס אַ לעפל געקעכץ אָפּקאָכן. די קרימער הייסע טעג האָבן זיך אָפּגעקילט און קירצער געוואָרן און אויף די נעכט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן קאַלטע פרעסטלעך און אַפילו די שטיפערס, וואָס האָבן אַ זומערלאַנג אומגעלאָפן באָרוועס און צוגעוויינט די

פּיאַטעס צום שטעכעדיקן קראַי — זיי האָבן זיך באַקלאָגט פאַר דער מאַמען, צי פאַרן טאַטן:

— אוי, ס'איז קאַלט אין די פיס...

בּיי אַסך האָט זיך באַצייטנס אויסגעלאָזן דאָס ביסל ווייַן, אָדער מען האָט געמוזט די עטלעכע פודלעך ווייץ פאַרקויפן און קויפן עפּעס בילכערעס אין שטיב אַריין און מען האָט צום ערשטן מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון גערשטענעם ברויט. ניט געשמאַק איז דער גערשטענער ברויט, כאָטש פון אייגענעם פעלד.

מען האָט אין אַסך הייזער אָנגעהויבן צו מאַכן פּלענער ווי אַזוי דעם ווינטער אָפּצוגאַרן.

און ניט בּיי אַלעמען איז געווען גענוג פּאַשע פאַר די בהמות. און ניט בּיי אַלעמען איז פאַראַן מיט וואָס דעם מאָגן אָפּצונאַרן.

זאָרגן... די האַרבּסטיקע זאָרגן האָבן אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו די ווינטערדיקע זאָרגן. זעלטן וואו איינער איז זאַט געווען מיט דעם אייגענעם ווינקל, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל מי אויסגעשטעלט.

מיין אָפּטימיסט האָט מיר פאַרטייטשט אַ פּסוק:

— שווער, חבר הירשביין. עס גייט צו ווינטער און „אין בית אשר אין שם מת": בּיי קיינעם איז קיין קאָפּיקע אַפילו ניטאָ בּיי דער נשמה, מיט וואָס דעם ווינטער צו באַגעגענען...

דער גאָר שלימזלדיקער איז נאָך געקומען צום אַגראָנאָם:

— מילא, חבר אַגראָנאָם, עסן וועט מען שוין קדחת מיט רביעית. אָבער זעט כאָטש, אַז וואַרעם זאָל זיין, און מיין אייוון פעלן די יושקעס — אפשר וועט איר טעלעגראַפירן צום דזשאָינט אין אַמעריקע...

יידן קענען זיך וויצלען אויך אין אַ ביטערער צייט. מען האָט געקרעכצט און מען האָט די ווייץ אַריינגעזייט אין דער ערד אַריין. בּיי אַלעמען זיינען די פעלדער פאַרזייט. איצטער איז שווערער ווינטער און מען האָפט אויף אַ פרילינג.

---

# אַ פּויערים־קאָנפערענץ

דער קרימער סטעפּ, וואָס איז אַ זומערלאַנג געווען פאַרהאַרטעוועט ווי קופּער, וואָס האָט נאָר דעם ווינט זיך אונטערגעגעבן, בשעת ער האָט פון אים געריסן דעם שטויב — דער דאָזיקער סטעפּ איז נאָך די עטלעכע האַרבסטיקע רעגנס צעווייקט געוואָרן און זיך געקלעפּט צו די פיס גאַנצע קילעטשנווייז — כמעט שלעפּ אים אַוועק מיט די פיס.

עס האָט אָנגעהויבן צו שמעקן מיט ווינטער. צייט געווען אָנצוטאָן שיך אָדער שטיוול און ניט ביי אַלע איבערוואַנדערער זיינען די פיס געווען באַוואָרנט מיט אַזאַ ליקסים. די דערפער האָבן זיך צונויפגעקאָרטשעט און אויף זיי קיקנדיק — די איבערוואַנדערער. פאַר אַ סך האָט מיט דעם אָנקומען פון ווינטער — דער ערשטער ווינטער אין סטעפּ — אויסגעזען, ווי די זון הייבט אָן צו פאַרגיין אויף חדשים־לאַנג. די אָפּטע רעגנס און די שאַרפע ווינטן האָבן קרום געגעבן אַן אומפריינדלעכן פּנים. אין אַזאַ כמאַרנע צייט איז אויסגעפאַלן די צווייטע יידישע פּויערים־קאָנפערענץ פון יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן, וואָס די רעגירונג האָט צונויפגערופן אין יעווּפּאַטאָריע אויפן פופצנטן דעצעמבער.

דער היינטיקער יאָר אין ראַטנפאַרבאַנד באַדאַרף פאַרצייכנט ווערן פאַר אַ יאָר פון זעלבסטקריטיק; פאַר אַ יאָר, וואָס מען איז חוקר־ודורש אין אַיעדן ווינקל, ווי צו בדיקת־חמץ. מען מעג און מען באַדאַרף זוכן חטאים אויפן רבין אַליין. מען האָט אויסגעגראָבן איינגעוואָרצלטע פעלערן און קאָרופּציע. עס איז אַ יאָר, וואָס מען אַטאַקירט דעם אַנטיסעמיטיזם; „מען רייניקט דעם אַפּאַראַט" און אַ גאַנץ באַדייטנדיקער פּראָצענט פּאַרטיי־לייט זיינען פאַר אַלערליי חטאים אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי.

צוליב דעם דאָזיקן צוועק האָט די רעגירונג פֿון יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן צונויפֿגערופֿן די קאָנפֿערענץ פֿון די ייִדישע פּויערים פֿון דעם אייגענעם ראַיאָן, כּדי אויסצוהערן, וואָס די פֿאָרשטייער פֿון די ייִדישע דערפֿער האָבן צו דערציילן, צו קלאָגן און אָנקלאָגן. העכער צוואַנציק ייִדישע דערפֿער האָט דער יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן אין קרים, וואָס ווערן באַדינט פֿון אַגראָדזשאָינט און געזערד אונטער דער השגחה פֿון קאָמערד. דריי יאָר, אַז די אַרבעט אײַנצואָרדענען די ייִדישע איבערוואַנדערער גייט דאָרט אָן. אַ סך ביטערקייט האָט זיך אָנגעקליבן בײַ די ייִדישע פּויערים. מען באַדאַרף זי אויסהערן. אין פֿאַר די נײַע, אַלגעמיינע וואַלן איז אויך נייטיק געווען צו באַגעגענען די פֿאָרשטייער פֿון נײַעם, ייִדישן דאָרף און אָפּגעבן חשבון פֿאַר די, אין וועמענס נאָמען די סאָוועטנמאַכט רעגירט. דאָס זײַנען וויכטיקע מאָמענטן, וואָס דערהייבן די איבערוואַנדערער פֿון זייער זערווייליקער, אָרעמער און געבראָכענער לאַגע. דאָס איז פֿאַר די ייִדישע מאַסן די טרייבקראַפֿט, וואָס העלפֿט אַריבערטראָגן אַ סך שווערע צייטן, אַ סך לײַדן און פֿאַרצווייפֿלונגען.

דער שלעכטער וועג האָט געשטערט די באַוועגונג. מיט קיין וואָגן האָט מען פֿון קרימער פֿעטער בלאָטע ניט געקענט אַרויסקריכן. אַ סך פּויערים זײַנען געקומען צופֿוס, ווײַל צופֿוס איז גרינגער געווען דורכצוקריכן די צוואַנציק, דרייסיק קילאָמעטער, ווי מיט אָקסן אָדער פֿערד. אַנדערע פּויערים האָבן זיך „צונויפֿגעשפּאַנט" און מיט פֿיר, צי מיט זעקס פֿערד — די רעדער ביז צו די אַקסן אין בלאָטע — האָט מען זיך ווי עס איז דערשלאָגן קיין יעווּפּאַטאָריע.

---

דריי טעג און דריי נעכט האָט געדויערט די קאָנפֿערענץ. צו די קרוב פֿון הונדערט דעלעגאַטן זײַנען צוגעקומען אַ סך געסט פֿון שטאָט און דער פּראָווינץ. דאָס זײַנען געווען דריי מעת־לעת, וואָס האָבן פֿאַר מיר אויפֿגעעפֿנט אַ טירעלע צו דער צוקונפֿט פֿון די ייִדישע פּויערים, וואָס האָבן פֿאַרבונדן זייער גורל מיטן קרימער סטעפּ.

די קאָנפֿערענץ האָט זיך געעפֿנט אַרום דאַלבן טאָג. נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעקליבן דעם פּרעזידיום, זײַנען געקומען אַ שורה

באַגריסונגען. אין נאָמען פֿון קרימער צענטראַלן קאָמיטעט האָט גערעדט אַ יונגערמאַן, אַ קרימער טאָטער, מיט אַ סך אָפּהאַרציקייט. ער האָט געמאָלן די שווערקייטן, וואָס די פּאַרטיי האָט געהאַט, ביים דורכפֿירן דעם פּלאַן פֿון דער יידישער איבערוואַנדערונג קיין קרים, ווייל אין קרים האָבן לענגער ווי אומעטום געהערשט די „ווייסע״. ער האָט דערמאָנט איבראַהימאָוון, וואָס איז געווען דער ראש פֿון קרימער רעגירונג און וואָס האָט געשטערט, אַז יידן זאָלן באַקומען ערד אין קרים. ער האָט איבראַהימאָוון און זיינע חסידים צוגעשריבן דעם אַנטיסעמיטיזם אין קרים. איבראַהימאָוו האָט מיט זיין לעבן באַצאָלט פֿאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מעשׂים. אונז אין אויסלאַנד איז גאָר אומבאַקאַנט, אַז אין קרים איז אַ צייט אָנגעגאַנגען אַ אינערלעכער קאַמף מצד די רייכע טאָטערן, אַז מען זאָל יידן ניט דערלאָזן צו ערד־אַרבעט אין קרים. איצטער איז פּאַקטיש פֿאַר ניט־יידן די איבערוואַנדערונג צו ערד־אַרבעט פֿון אַנדערע פּראָווינצן קיין קרים — דער וועג פֿאַרשלאָסן. און אַז אַ קרימער טאָטער באַגריסט די דאָזיקע דערשיינונג אינאיינעם מיט דעם נצחון פֿון דער רעגירונג — איז דאָס אַ סימן פֿון דער נייער צייט, וואָס האָט זיך פֿאַקליבן אויף דעם שטעג פֿון גערעכטיקייט בנוגע יידן.

דער פֿאָרזיצער פֿון אויספֿיר־קאָמיטעט פֿון יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן האָט ניט פֿאַרלאָזן די קאָנפֿערענץ די גאַנצע דריי טעג. ער האָט דער ערשטער אָפּגעגעבן אַ באַריכט פֿאַר די יידישע פּויערים וועגן דעם צושטאַנד פֿון דער ווירטשאַפֿט אין זיין ראַיאָן. ער האָט גערעדט ווי צו אייגענע און די יידישע איבערוואַנדערער, וואָס האָבן באַקומען אַ פּנים פֿון פֿאַרפֿייערטער גרויסשטעטישקייט, האָבן צוגעלייגט אַן אויער; אַנדערע האָבן ביי זיך געצייכנט אין אַ ביכעלע די ציפֿערן, וואָס זייער גובערנאַטאָר האָט דערמאָנט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די רעגירונג לייגט אַ סך געוויכט אויף די יידישע איבערוואַנדערער, וואָס וועלן מיט דער צייט אויפֿהייבן די לאַנדווירטשאַפֿט צו אַ העכערער מדרגה. צום סוף האָט ער דערמאָנט, אַז איצטער קומען פֿאָר די הכנות צו די נייע וואַלן און דעריבער פֿאָדערט ער ביי די יידישע פּויערים, וואָס זיינען דאָך געווים פֿריינט פֿון דער מאַכט, זיי זאָלן עס דערוויזן מיט דעם, וואָס זיי וועלן זיך באַטיי-

ליקן אין די דאָרפס־ראַטן. ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף די מאָס־מיטלען, וואָס די רעגירונג האָט אָנגענומען צו באַקעמפן דעם אַנטי־סעמיטיזם אין קרים. און צום סוף בעט ער, אַז די יידישע פויערים זאָלן אָפנהאַרציק קריטיקירן זיין באַריכט, וואָרעם די רעגירונג איז זייערע...

נאָך אים האָט אָפּגעגעבן זיין באַריכט אין נאָמען פון קאָמערד דער פאָרשטייער פון קרימער ראַיאָן. ער האָט באַהאַרפט אַכטונג געבן אויף דער ערד־פאַרטיילונג און אויף דער טעטיקייט פון געזערד און אַגראָדזשאָינט, זיי זאָלן באַדינען די יידישע פויערים, לויט דעם אָפּמאַך מיט דער רעגירונג און אין דעם גייסט פון דער ראַטנמאַכט. ער האָט ניט פאַרפעלט צו זאָגן אַ ביסל מוסר די איבערוואַנדערער, וואָס בענקען נאָך צוריק אין שטעטל אַריין; בענקען נאָכן האַנדל; און מען איילט זיך ניט איבערצוגיין פון אינדיווידועלער צו קאָלעקטיווער ווירטשאַפט.

עס האָט גערעדט דער געזערדישער פאָרשטייער אין יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן. ער האָט גערעדט לאַנג, און אַ פאָלקסטימלעכן יידיש. אין זיינע רייד האָט מען געשפירט, אַז ער ריכט זיך צו קריגן אַ פיינעם חלק פון די איבערוואַנדערער פאַר די שלעכטע געזערדישע הייזער, מיט די ליימענע דעכער. מען האָט אים אַ סך מאָל איבערגעריסן און ער האָט אַלץ געוואָלט אַרויפוואַרפן אויפן דלות. מען האָט אַ סך מאָל געלאַכט מיט יאַשמישערקעס. די איבערוואַנדערער האָבן געשאַרפט די ציין אויף אים.

אין נאָמען פון אַגראָדזשאָינט האָט אָפּגעגעבן זיין באַריכט דער אַגראָנאָם פון יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן און זיך באַמיט צו פאַרגלעטן דעם איינדרוק, וואָס דער קאָמערד־פאָרשטייער האָט באַשאַפן אין זיין באַריכט, אַז דער אַגראָדזשאָינט איז קעגן קאָלעקטיוון, דערקלערנדיק, אַז דער אַגראָדזשאָינט האָט פינאַנדערגעלאָזן די כלומ שטיקע קאָלעקטיוון, וואָס מען האָט אויף אַ געקינצלטן אופן באַשאַפן אין די שטעטלעך, איידער דער איבערוואַנדערער האָט זיך געלאָזט קיין קרים — כדי צו מאַכן אַ פּלאַץ פאַר געזונטע קאָלעקטיוון. ער האָט זיך אויך פאַרענטפערט פאַר די חטאים, וואָס ער האָט אויף זיך, מיט דעם, וואָס ער האָט ניט אין צייט אַרויסגעגעבן מאַטעריאַלן

אויף די בּנינים און ניט געגעבן אין צייט די צוגעזאָגטע קן אָדער אָקסן. אויך ער האָט געשפּירט, אַז מען וועט אים ניט אָנעווען. די באַריכטן האָבן זיך געענדיקט. דער עולם איבערוואַנדערער האָט זיך גענומען צום וואָרט. וויפל דעלעגאַטן — אַזויפיל רעדנער. די קאָנפערענץ האָט זיך ערשט אָנגעצונדן און באַקומען אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן.

---

אויף דער קאָנפערענץ האָט ניט געוועלטיקט די רוסישע שפּראַך, נאָר מען האָט פאַרגוואַלטיקט די רוסישע שפּראַך. מעגלעך, אַז אַ ביסל האָט מען געוואָלט און אפשר באַדאַרפט יוצא-זיין פאַר די פאָרשטייער פון דער רעגירונג, וואָס זיינען געזעסן אויף דער טריבונע, און וואָס האָבן קיין יידיש ניט פאַרשטאַנען. דער עיקר — האָט מען אין יידיש פאַרגעסן. ווייל אַנשי-שלומנו דאַכט זיך נאָך אַלץ אויס פאַר אַ וויסטן חלום דאָס, וואָס די מלוכה האָט גענומען און אָנגעהאַנגען זיי די יידישע שפּראַך. איך מאָל מיר אויס, ווי מען וואָלט געבראָכן די צונג און גערעדט עברית, ווען די מלוכה טוט אָפּ אַ שפּיצל און הייסט ריידן העבּרעיש. אָט פּונקט, ווי מען האָט גערעדט רוסיש... עס האָבן די איבערוואַנדערער אַליין ניט געוואוסט, ווי זייערע אָנקלאָגעס האָבן געהאַט אַלע מעלות, סיי געפּעפּערט און סיי געזאַלצן, ווען זיי האָבן גערעדט מאַמע-לשון. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, האָט זיך אַ שאָט געטאָן דאָס גאַנצע ביסל תּרעומות, דער גאַנצער באַרג צרות, יסורים און פּלאָגענישן, וואָס ביים איבערוואַנדערער האָט זיך אָנגעקליבן פאַר דער קורצער צייט, זינט ער האָט זיך באַקענט מיט קרימער סטעפּ.

דער פאָרזיצער פון איכפּיר-קאָמיטעט האָט דער ערשטער געכאַפּט אַ הלך. אין זיין געשטאַלט האָט מען געזען די מאַכט און מען האָט געטענהט, הלמאַי ביז איצטער האָט מען נאָך ניט דערשטיקט אינגאַנצן דעם אַנטיסעמיטיזם... הלמאַי אין די דאָרפס-ראַטן באַהאַנדלט מען דעם יידישן פויער, ווי אַ שטיפקינד. כאָטש דער „טאָוואַרישטש פאָרזיצער“ האָט אַליין אויפגעפאָדערט די איבערוואַנדערער און געהייסן, וואָס פרייער אַריין אין די דאָרפס-ראַטן און כאָטש ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז נאָך קומענדיקן יאָר וועלן אין זייער ראַיאָן

צוקומען עטלעכע יידישע דאָרפס־ראַטן — עס האָט ניט געהאָלפן. דאָ האָבן זיך יידעלעך געפּיעשטשעט פאַר אַלע צייטן, ביז דער סאָוועטנמאַכט, בשעת מען האָט קיין מ"ל ניט געקענט עפענען; בשעת עס איז ניט געווען אַפילו פאַר וועמען צו קלאָגן זיך:

— צי לעבן מיר אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, צי ניין? — האָט אַ היימישער ייד געשריען — צי האָבן מיר דאָ אַ ראַטנמאַכט, צי ניין? צייט געווען אַ סוף צו מאַכן מיט די שונאי־ישראל. אונזערע פעלדער פאַשעט מען אויס, ווייל מיר זיינען יידן, און וואָס טוט די מאַכט, אַז אונזער פּראַצע זאָל ניט זיין אַרויסגעוואָרפן? אַ חרפה און אַ שאַנד, טאָוואַרישטש, אַז אין עלפטן יאָר נאָך דער רעוואָלוציע זאָל אַזוינס געהערט ווערן...

אַ צווייטער האָט טענות, פאַרוואָס מען פאַרריכט ניט דעם וועג, און אַז צווישן די דערפער ווערט מען פאַרטרונקען אין בלאָטע.

— איר האָט נאָר אין זינען די שטאָט. נאָר פאַר דער שטאָט דאַגהט איר... קיין סימפעראָפּאָל וועט איר מאַכן אַ שאָסיי און צווישן די דערפער, פאַר דעם פויער — אים לאָזט איר זינקען אין בלאָטע.

די מעשה מיטן אויספּאַשען די פעלדער, אָדער „פּאָטראַווע", ווי מען רופט עס דאָ, האָט מען צעלייגט אויף טעלערלעך. דאָ האָט כמעט איטלעכער דערלעגט געהאַט, וואָס צו דערציילן. עס איז אַ מכה, וואָס איז שווער פאַרלויפיק פון איר לויז צו ווערן. די אַרומיקע, ניט־יידישע דערפער, ביי וועמען מען האָט ערד אָפּגע־שניטן פאַר יידן, זיי קענען ניט מסכים זיין אין האַרצן, אַז די ערד האָט מען ניט אויף קאַטאָוועס אָפּגעגעבן צו די יידישע איבערוואַנ־דערער. אַז עס הייבט אָן צו גרינען אויף די יידישע פעלדער, נעמט מען און מען לאָזט ביינאַכט אַרויף אַ סטאַדע שעפסן. די יידישע פויערים האָבן זיך אַפילו אויסגעלערנט צו פאַרנעמען פרעמדע בהמות, ווען זיי כאַפּן זיי ביי זיך אין פעלד. פירט עס אָבער ניט צו קיין רעזולטאַטן. עס האָט זיך נאָך אַרויסגעוויזן, אַז אויף איין ערד־חלק, וואו די יידישע איבערוואַנדערער האָבן פאַרנומען פרעמדע בערד, האָט דער מיליציאַנט פון יענעם ראַיאָן געצוואונגען אומצוקערן צוריק די פאַרנומענע פערד און ער האָט זיך נאָך געוואָרפן שלאָגן

די יידישע איבערוואַנדערער. די דאָזיקע מעשה האָט געווירקט אויף דער קאָנפערענץ, ווי מען וואָלט אויסגעריסן פולווער.

עס איז אַראָפּגעקומען דער מיליציע־שעף, אונטער וועמעס השגחה עס געפינען זיך די מיליציאַנטן אין ראַיאָן און מען האָט פון אים געפאָדערט אַ דערקלערונג. ניט דער פאָרזיצער פון אויספיר־קאָמי־טעט האָט ביי אים די דאָזיקע דערקלערונג געפאָדערט — נאָר די יידישע פויערים גופא. דער שעף פון דער מיליציע, אַ יונגער, שלאַנקער, בלאָנדער און בלוי־אויגיקער, גרויס־רוסישער טיפּ, אין זיין לאַנגען שינעל און גרין־געראַמטער היטל — ער האָט זיך פאַרלאָרן, ווען מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו אים. עס איז געווען אַן אויס־טערליש בילד, ווי ער איז געשטאַנען אָן אַ היטל, מיט אַ געוויסער אונטערטעניקייט.

אַנטקעגן אים איז געשטאַנען אַ איבערוואַנדערער פון „פּע־רעצפעלד", — דער פאָרשטייער פון דאָרף, וואָס האָט ביז צו חליטות געטאַנצט אויפן טיש דעמאָלט, ווען מען האָט זיין דאָרף געגעבן אַ נאָמען — איצטער איז ער געשטאַנען, מיט זיין געל בערדל פאַרריסן אַנטקעגן דעם שעף פון דער מיליציע און געטייטש מיט דער האַנט אים אין פּנים אַריין:

— וואו זיינען דיינע אויגן, טאָוואַרישטש, אַז דו דערזעסט ניט, וואָס ביי אונז אין ראַיאָן טוט זיך אָפּ? וואו זיינען אַלע פּראָטאָקאָלן, וואָס מיר האָבן דורכן דאָרפס־ראַט צו דיר געשיקט? וואָס פאַר אַ אַ אינסטרוקציעס האָסטו געגעבן די מיליציאַנטן? האָסטו זיי גע־הייסן, זיי זאָלן באַשיצן די אַנטיסעמיטן, די בעל־הגופים, אָט די אַלע, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויפן יידישן איבערוואַנדערער און דערלאָזן ניט, אַז די פאַרשריפטן פון דער ראַטנמאַכט זאָלן האָבן אין לעבן אַ ממשות?

עס האָט אויסגעזען, אַז דער יונגער שעף וועט באַלד אָפּוויישן אַ טרער. ער האָט זיך געפרווט פאַרענטפערן. ער האָט צוגעזאָגט, אַז נאָך היינט טרעט ער צו אויסצופאָרשן דעם גאַנצן ענין; דעם מיליציאַנט, וואָס האָט אַזוי פאַרברעכעריש געהאַנדלט, וועט מען תיכף אַראָפּנעמען פון זיין פּאָסטן.

די געמיטער האָבּן זיך בּאַרויִקט אויף אַ ווײַלע און מען איז איבּערגעגאַנגען צו בּאַהאַנדלען דעם בּאַריכט פֿון געזעמד. דאָ האָבּן די דעלעגאַטן פֿון די געזעמדישע דערפֿער געזאָגט וואָס אויפֿצו־וואַרפֿן.

---

די צײַט האָט געלערנט. די פּראַקטיק האָט אָנגעוויזן אויף די פֿעלערן, וואָס די טעאָריע האָט פֿאַרזען אין סאַמע אָנהייבּ. תּחילת האָט מען זיך שטאַרק פֿאַררעכנט, ווען מען האָט געמיינט, אַז נע־מען און אַוועקזעצן יידן בּײַ דער ערד, אַרויסגעבּן זיי אָקסן, צי־טראַקטאָרס אַפֿילו און אויסלערנען צו אַקערן און זייען — דאָס וועט זײַן אַ קנאַפּער תּכלית. מען האָט פֿאַרזען, אַז פֿייערים ניט ווייניק ערד זײַנען שטענדיק אָרעם. אויבּ זיי קומט אים צו ציִען חיונה בּלויז פֿון דער ערד — פֿון אַ תּבואה־ווירטשאַפֿט. צו בּרענגען די איבּערוואַנדערער צו דער לאַגע פֿון אָרעמען פּויער, איז ניט קיין גרויסער אויפֿטו און קיין טובֿה געווים ניט. די איבּערוואַנדערער אַליין האָבּן זיך אויך תּחילת אָפּגענאַרט מיטן חשבּון. זיי האָט זיך געחלומט גרויסע גערעטענישן; זיי האָבּן קיינמאָל ניט אַ קלער געטאָן, ווי עס לעבּט אין אמתן דער פּויער, וואָס בּרענגט אין שטאָט אַרײַן זײַן בּיסל אָפּגעשפּאָרטע תּבואה צו פֿאַרקויפֿן. דער הענדלער האָט שטענ־דיק בּאַטראַכט דעם פּויער פֿאַר אַ רײַכערן פֿון זיך — אַ סימן ער בּרענגט שפּע אין שטאָט אַרײַן צו פֿאַרקויפֿן; לייזט אָפּ געלט און פֿאָרט אַ צופֿרידענער אַהיים. איצטער, אַז די שטאָטשע יידן האָבּן בּאַדאַרפֿט נעמען אַליין ווי עס גייט און אויספּרוּוון אויף דער אייגענער פֿעל — האָבּן זיי דערשפּירט, אַז דעם פּויער, פֿון וועמען זיי האָבּן געקויפֿט און פֿאַרקויפֿט; פֿון וועמען זיי האָבּן געצויגן חיונה — אים איז קיינמאָל ניט געווען, וואָס מקנא צו זײַן. איצ־טער, ווען אַליין שוין פּויער און בּײַ אומגערעטענישן, האָט מען שנעל אויפֿגעכאַפּט די אייגענע לאַגע און די פֿעלערן פֿון דער אָפּעראַטיווער זײַט, וואָס האָבּן דערפֿירט צו אַ צײַטווײַליקן קריזיס.

ווי געזאָגט, איז מיט אַמאָל שווער געווען צו בּאַשאַפֿן בּײַ די איבּערוואַנדערער אַ מוסטער־ווירטשאַפֿט פֿאַרן ערשטן יאָר. ווײַ־טרײַבּן פּלאַנצן — דויערט פֿיר יאָר בּיז דער ווײַנגאָרטן גיט זײַנע

ווינטריבן. א מילכווירטשאַפט — איז שווער מיטאַמאָל אַזױפיל קרע=
דיטן אַרױסצוגעבן, אַז דער יידישער פויער זאָל זיך לכתחילה אײַנשאַפן
עטלעכע קי. אגב, איז די פראַגע וועגן פאַשע פאַר די בהמות נאָך
ניט געלייזט געוואָרן. מען האָט נאָך ניט אויסגעפאָרשט, וואָס
פאַר אַ קולטורן עס קענען וואַקסן אַרום די דערפער. כמעט איע=
דער ראַיאָן באַדאַרף אַנדערע עקספּערימענטן. און דעם ענין האָט
מען פאַרנאַכלעסיקט ביז איצטער. שאָף גענבן די איבערוואַנדערער —
קען מען ניט אַלעמען געבן. דאָס איז נאָר מעגלעך אַרום די דער=
פער, וואו עס איז פאַראַן ספּעציעלע ערד=שטחים, וואָס טויגן ניט
פאַר זריעה און וואו מען קען דאָרט פאַשען שאָף. עס קומט נאָך
צו עופות=צוכט, וואָס עס וואָלט געקענט געבן הכנסה גלייך די
ערשטע צייט.

צוביסלעך האָבן געזערד און אַגראָדזשאָינט אָנגעהויבן מאַכן
עקספּערימענטן. צוביסלעך האָט מען אַרײַנגעפירט שאָף אין געוויסע
דערפער. צוביסלעך אַנטוויקלט מען מילכווירטשאַפטן. דאָס גייט אָבער
צו זייער פּאַמעלעך. און דער יידישער פויער וויזט אַרויס דעם
מינימום געדולד. מען קען צו אים גאָרניט האָבן. די לאַגע איז אַ
שווערע. קיין געראָטעניש איז היי=יאָר נישט געווען. דער דריטער
ווינטער דערנענטערט זיך און עס וועט אויספעלן ברויט; עס וועט
אויספעלן פאַשע פאַר די בהמות. ניטאָ מיט וואָס צוצודעקן די נאַ=
קעטקייט פון די קינדער, די אָפּגעריסנקייט פון די דערוואַקסענע. און
יעל=כולם — די געזערדישע הייזער, וואוהין עס רינט אַרײַן. די
קאָנפערענץ איז אויסגעפאַלן פונקט אין דער צייט, ווען פון דער
סטעליע האָט גערונען און אויף די ווענט זײַנען אויסגעוואַקסן שוואָ=
מען. מעגלעך, אַז אַ סך פון די איבערוואַנדערער האָבן אין שטאָט,
צי אין שטעטל גאָר קיין אייגן ווינקל ניט געהאַט; האָבן זיך
געוואַלגערט אין שטאַלן, צי אין קעלערס. דאָ איז אָבער די פּסיכאָ=
לאָגיע פון איבערוואַנדערער אַן אַנדערע. אַז ער האָט באַשטימט אי=
בערצורייסן מיט זיין אַלטן לעבנסשטייגער, אויף שטענדיק זיך געזע=
גענען מיט דער שטאָט, וואו ער איז געווען „אין דער לופטן“ און
האָט באַשטימט צו זוכן אַ באָדן אונטער די פיס — ווען ער האָט
אַזאַ באָדן געפונען — וויל ער דערשפירן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

דער איבּערוואַנדערער קומט מיד. חובות און התחייבותן האָט ער אויף זיך אָנגענומען. און אַז ער בּריט שוין איינמאָל אין לעבּן, איוף אַ גאַנץ לעבּן, אַ היים פאַר זיך — פאַרוואָס זאָל דער דאַך קיין דאַך ניט זיין? פאַרוואָס זאָל צו אים גלייך דעם ערשטן יאָר אַריינרינען און די ווענט זאָלן גרינען פון ווילגאָטש? וואָלט מען געלעגן אין אַ זעמליאַנקע, מיט דער האָפענונג, ווען עס איז צו דערלעבּן אַ אמתע שטוב — איז עפּעס אַנדערש. דאָ האָט מען דאַך אויפגעשטעלט אמתע הייזער, „פּאַלאַצן” און צוגעדעקט מיט אַ ליימענעם דאַך, דורך וואַנען עס רינט אַריין. אָן אַ סטעליע, אָן אַ דיל. חושך, קאַלט און נאַס.

עס האָט ניט געפעלט קיין הומאָר, ווען די איבּערוואַנדערער האָבּן זיך אַ נעם געטאָן צום געזערד־פאָרשטייער, נאָכדעם ווי ער האָט זיין בּאַריכט אָפּגעגעבּן. אַן עלטערער פריער, אַ היימישער תלמיד-חכם, אַ פעסט־געבּויטער ייד, מיט שוואַרצע פינקלדיקע אויגן, ער רעדט מיט אַ ניגון פון אַ מגיד:

— אַ פויער בּין איך געוואָרן... אַ גליק איז מיר געשען... קום איך צו די שעפּסן און זאָג צו זיי: שעפּסעלעך מיינע, גיט מיר צו עסן... ענטפערן מיר די שעפּסן: גיי צו דער קו, איר גיסטו קלייען, זאָל זי דיר געבּן צו עסן... קום איך צו דער קו און זאָג: קו מיינע, קועלע, גיב מיר צו עסן... ענטפערט די קו: גיי צו די שעפּסן, זאָלן זיי דיר געבּן צו עסן; זיי שטייען אין אַ שטאַל, דאָ איז וואַרעם און איך שטיי אויפן רעגן און מיר איז קאַלט. אָדער גיי צום גאַלאַנאַנער האָן, וואָס דו האָדעוועסט, זאָל ער דיר געבּן צו עסן... קום איך צום גאַלאַנאַנער האָן און זאָג צו אים: האָן מיינער, הענדעלע, גיב מיר צו עסן... ענטפערט דער האָן: איך קריי און קריי און קריג אַליין ניט צו עסן; גיי דיר צו דער קו, זאָל זי דיר געבּן צו עסן...”

דער עולם לאַכט פון זיין דרשה און מען וויקלט פונאַנדער די מעשה מיט די גאַלאַנאַנער הענער, אָדער ווי מען רופט זיי „לעגהאָרנס”. כּדי צו אַנטוויקלען אַ בּעסערע עופות־צוכט בּיי די יידישע איבּערוואַנדערער און כּדי עס זאָל קאָסטן ניט טייער, איז געבּליבּן, אַז מען זאָל די איבּערוואַנדערער אַרויסגעבּן בּלויז „גע-

הויבענע" הענער. די הענער וועלן שוין ווי עס איז אויסקומען מיט די פּשוטע הינער — אַזוי וועט ווערן מיט דער צייט אַ נייער דור גוטע עופות. איז אָבער די צרה, אַז מען האָט געבראַכט דעם ערשטן צענדליק הענער איז פאַר זיי איז ניט געווען צוגעגרייט, ניט קיין הינער און ניט קיין שטאַל — „האָבן די הענער אָנגעהויבן אויסצוגיין פאַר בענקשאַפט..."

— אַוודאי — שרייט אַ איבערוואַנדערקע, אַ פּאָלקסטימלעכע מאַמע, אַ פּיקחית — אַוודאי, די הענער וועלן אַלע צעשטאַרבן פאַר אומעט אָן הינער. עס איז מיר אַ ביטערער רחמנות אויף זיי. און קיין עסן צו געבן איז זיי אויך ניטאָ וואָס — און זי איז מוסיף — אַז אָך־און־ווי איז צו די איבערוואַנדערער מיט די גאַנצע לאַגאַנער הענער אינאיינעם. ביי מיין שכן איז מען נעכטן אין שטוב אַרומגעשוואומען אין אַ שיסל און ביי מיר איז אין דער ערדענער, צעווייקטער פּאָדלאָגע די בעט אײַנגעזונקען. אַזוי האָט אונז געזערד אַרונטערגעזעצט אונטער אַ קבר־דאַך; מען זשאַווערט אין פאַרזשאַווערטע בעטן...

דער עולם לאַכט. מען אַפּלאָדירט איר. זי ווערט ערנסט און וויקלט פונאַנדער אַ פּלאַן פון אַ גוטערווירטשאַפט. זי ווייסט, וואָס זי רעדט. די ביטערע צייט האָט איר אָנגעוויזן, וואָס מען דאַרף טאָן, כּדי צו דערהויבן די ווירטשאַפט. עס פעלט ניט קיין קריטיק, בשעת מען דערמאָנט זיך אָן די אַגראָנאָמען. אַפילו ביים געזערד, וואו אויסערן פּאַרוואַלטער, וואָס איז אַן אַגראָנאָם, זיינען אויף די צען דערפער פאַראַן נאָך צוויי אַגראָנאָמען — פונדעסטוועגן זיינען זיי ניט מער, ווי אַדמיניסטראַטאָרס און די יידישע פּויערים — זיינען טאַקע פּויערים; זיינען ניט קליגער געוואָרן אויף אַ האָר דורך דעם זכות פון די אַגראָנאָמען.

איינער שרייט:

— וואָס זאָל איך טאָן אַליין? מען הייסט מיר שפּרינגען איבער אַ „סאָבאָר", וועט מיר אַריינפאַלן אַ פרישער קוילעטש מיט פּוטער אין מויל אַריין — אָט דאָס איז די איבערוואַנדערונג...

דער פאָרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט, ער זיצט אויף דער טריבונע און וויל זיך דורכקלייבן, וואָס מען רעדט און פון וואָס דער

עולם לאַכט. ער בּויגט זיך אַריבּער צו מיר און בּעט, איך זאָל אים איבּערדערציילן. איך טו עס, און וואַרט, וואָס וועט ער זאָגן אויף דעם. אינדערשטיל בּאַמערקט ער מיר:

— זיי איז ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. די רעגירונג ווייסט, ווי שווער זיי איז. ניטיק וואָס גיכער זיי צו שטעלן אויף די פיס. אַוודאי וועט מ׳זן אַריבּערגיין אַ עטלעכע יאָר, בּיז זייער לאַגע וועט ווערן נאָרמאַל און בּיז די שטאָט־מענטשן וועלן שלום מאַכן מיט דעם נייעם לעבּן.

---

עס זיינען געקומען צום וואָרט איבּערוואַנדערער פון אַגראָ־דזשאָינטישע ערד־חלקים. אַיי, האָט מען פאַסן געריסן! דאָ האָט מען ניט געהאַט, וואָס צו בּאַקלאָגן זיך אויף די דעכער. די דזשאָינ־טישע דעכער מיט די הייטע קאַכלעס האָבּן די געזערדישע איבּער־וואַנדערער דערמאָנט בּיים טאַדלען דעם געזערד. דאָ האָט מען אויסגעמאָלן די פאַרשלעפענישן בּיים בּויען אַ שטוב און פונאַנדערגע־וויקלט דעם דלות, וואָס הערשט שטענדיק אין דער קאָנטאָר בּיים אַגראָדזשאָינט:

— צען מאָל בּין איך מיט מיינע אָקסן געפאָרן אין קאָנטאָר אַריין, געשלעפט זיך צען ווערסט הין־און־צוריק — און דאָס בּיסל מאַטעריאַל ניט געקראָגן.

— הייזער אויפגעשטעלט און קיין ציגל איז ניטאָ אַן אויוון צו מאַכן.

— טירן אָן קליאַמקעס.

— פענסטער אָן זאַווועסעס.

געזינדן מיט קינדער אין מען טריקנט אָן אַ טראָפּן מילך, כּאַשר בּיים אַגראָדזשאָינט זיינען נאָך די קי ניט געבּירן געוואָרן און קיין געלט צו קויפן פאַרמאָגט ניט אַמעריקע...

און ווידער די אַלטע מעשה: איין אַגראָנאָם אויף צען דערפער און מען זעט אים קיינמאָל ניט אָן אין די אויגן.

— מען האָט דעם איבּערוואַנדערער אַרויסגעוואָרפן אויפן סטעפּ, אויפגעבּויט אים אַ שטוב און שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַנט.

— פֿון קיין ווייַנגערטנער טראַכט מען ניט.
— קיין מילכווירטשאַפֿט אַנטוויקלט מען ניט.
— קיין פּאַשע איז ניטאָ.
— דעם ווינטער וועט מען הונגערן.

די גזערדישע איבערוואַנדערער, וואָס האָבן שוין די ידיעה, אַז קומענדיקן פֿרילינג גייען זיי איבער צום אַגראָדזשאָינט, טרייסטן זיך מיט דער האָפֿענונג, אַז דער „רייַכער" אַמעריקאַנער פֿעטער וועט איבערבויען די הייזער. מען וועט זיי געבן אַ דאַך מיט אַ סטעליע. און אַגב, זעען זיי אין חלום, אַז אין דער קאַסע פֿון אַגראָדזשאָינט איז פֿאָרט פֿאַראַן אַ ביסל מער געלט.

די שול־פֿראַגע שווימט אַרויף. אין אַ סך דערפֿער גייען אום די קינדער פּוסט־און־פּאַס. אַנדערע זייַנען ניט צופֿרידן מיט דער שול, וואָס זיי האָבן, ווייל פֿון דאָרט וועט קיין קינד צו קיין תּכלית זיך ניט דערשלאָגן. איין טאָג אַוועק. שוין באַלד אַ צווייטער אַוועק, און כּסדר ציט זיך דער שנור תּרעומות. כּמעט ניטאָ קיין איינער, וואָס זאָל אַרויסקומען און איפּווייזן, אַז אומזיסט פֿאַלן יידן אַריין אין אַזאַ יאוש; אַז גאָר אומזיסט באַטראַכטן זיי דעם מצב פֿון אַזאַ פֿינסטערן ווינקל.

אָבער שטימונגען בייַטן זיך בייַ מענטשן. צו נעילה איז די שטימונג שוין געווען אַ גאָר געהויבענע. אין דער אייגענער צייַט האָבן אין יעווּפּאַטאָריע אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפֿערענץ די קרימער קאָמסאָמאָלן, צוקונפֿטיקע קאָמוניסטן. זיי האָבן צוגעשיקט אַ דעלעגאַציע צו דער יידישער פּויערים־קאָנפֿערענץ, באַגריסן די יידישע איבערוואַנדערער. אַ גרופּע פֿון אַ צען יונגען און מיידלעך, פֿאַבריק־אַרבעטער, מעטאַליסטן און מעטאַליסטקעס מיט שווערע הענט זייַנען אַרויף אויף דער טריבונע און אין נאָמען פֿון קרימער קאָמסאָמאָלן, און נאָמען פֿון די פֿאַבריק־אַרבעטער האָבן זיי באַגריסט די יידישע פּויערים, געוואונטשן זיי דערפֿאָלג און צוגעזאָגט, אַז די אַרבעטער וועלן שטענדיק שטיין אויף דער וואַך און מיט אַלצדינג, וואָס נאָר מעגלעך, העלפֿן די יידישע איבערוואַנדערער.

דאָס זייַנען ניט קיין פֿראַזן. דער אַרבעטער אינטערעסירט זיך מיטן יידישן איבערוואַנדערער. אַרבעטער־דעלעגאַציעס קומען אַראָפּ

אין דעם יידישן דאָרף און פּאַרשן, צי אַליץ, וואָס סע איז דעם יידישן פּייער צוגעזאָגט געוואָרן, ווערט אויסגעפּילט. איך וויס, אַז דאָ ניט לאַנג האָבן די מאַטראָסן פון סאָוועטישן פלאָט געבראַכט אַ מתנה די יידישע איבערוואַנדערער פון דזשאַנקאָיער ראַיאָן, קרים, עטלעכע צענדליק אַפּטייקלעך גוט־אײַנגעאָרדנטע און אײַנגעשטעלט אין יעדן דאָרף אַזאַ אַפּטייקל. אַזעלכע דערשיינונגען ווירקן:

דער אייגענער איבערוואַנדערער, וואָס האָט געהאַלטן די דרשה, ווי מען קומט צו די שעפּסעלעך בעטן ברויט, דער אייגענער שוין גרויער ייד האָט אַרײַנגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז די קאָנפערענץ פון די יידישע פּויערים זאָל שיקן אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע דער רויטער אַרמיי, ווייל זי, די רויטע אַרמיי, פאַרטיידיקט די ראַטנמאַכט. און זאָל מען אין דער טעלעגראַמע אַרײַנשטעלן, אַז „ווען נאָר די אַרמיי וועט רופן דעם יידישן פּויער — וועט ער זיין גרייט..“

---

# ווינטער

— שלעכט, אַז חזירים שפּאַצירן איבער די דעכער אין טרעפּן שוין אַזש ביז צום קוימען — האָט פֿאַר מיר אָפּגעקרעכצט דער אַלטער טשאַבאַן, אַליין אַן אוקראַינער, וואָס פּאַשעט די שאָף אין דײַטשע דערפֿער שוין אַ יאָר פֿערציק — שלעכט... אָנגעקומען די יידישע איבערוואַנדערער, זעסטו, האָבן זיי תּחילת געבראַכט די טריקעניש קיין קרים; געבראַכט די פֿעלדמייז און איצטער — דעם שווערן ווינטער מיט די זאַווערוכעס... שלעכט... וואו האָט קרים געוואוסט פֿון שנייען, וואָס זאָלן ליגן חדשים-לאַנג? וואו האָט קרים געזען, אַז שנייען זאָלן פֿאַרווייען הייזער ביז צום קוימען? אָט, קוק, חזירים שפּאַצירן דאָרטן איבער די דעכער... שלעכט, שלעכט... — האָט געזיפֿצט דער טשאַבאַן.

יאָ, קרים האָט שוין לאַנג ניט געוואוסט פֿון אַזעלכע זאַווערוכעס. זקנים דערמאָנען יאָ עפּעס, אַז קינדווייז נאָך... מענטשן פֿאַרפֿרוירן געוואָרן... אָבער פֿאַרשנייען אַ דאָרף איבער די דעכער — דאָס געדענקט מען ניט. די יידישע וואַנדערער פֿון די צפֿון-גובערניעס האָבן אוודאי אין חלום ניט געזען קרים אין שפּיל פֿון שניי-ציקלאָנען; אַ זאַווערוכע, וואָס זאָל דרייען טאָג און נאַכט און פֿאַרוואַנדלען דעם קרימער סטעפּ אין אַ צעבושעוועטן אָקעאַן. ס'איז געווען אויסטערליש און אימהדיק. דער דרייסיק-גראַדיקער פֿראָסט, דער ציקלאָנישער ווינט מיט דעם אומענדלעכן שניי-שטויב האָבן דעם אָטעם פֿאַרשלאָגן, דעם וועג פֿאַרשטעלט. אַ סכּנה געווען די שוועל אַריבערצוגיין. מענטשן און פֿערד זיינען אין דער דאָזיקער זאַווערוכע אומגעקומען אַרום די אייגענע דערפֿער, ניט טרעפֿנדיק דעם וועג אַהיים — כאָטש די היים איז געווען אַ עטלעכע טריט ווייט.

מען האָט געוואוסט, אַז ביי אַ סך איבערוואַנדערער איז קיין ברויט ניטאָ. בהמות געבליבן אָן פֿוראַזש. איידער די פֿרעסט האָבן זיך

אָנגעהויבּן איז דער וועג געווען אַ צעווירענער, אַ זומפּיקער, און איצטער אַ סכנה פון אָרט זיך צו רירן. מען האָט איבּערגעקלערט פון ווייטנס: קרבּנות... אוודאי הונגער און קראַנקהייטן. אוודאי וועט די איבּערוואַנדערונג ליידן אַ שרעקלעכן קלאַפּ.

און דער שניי־ציקלאָן דרייט. דער שטורעם בּרעכט בּיימער פון געפרוירענעם גרונט. דער שטורעם רייסט די ערד און טראָגט זי אינאיינעם מיטן שניי. פייגל פאַלן, פעלד־ושאַוורעָנקעס, מיט די דזשובּיקלעך אויפן קאָפּ, קלאַפּן מיט די פליגל אין די שויבּן, בּעטן זיך אין שטוב אַריין... קלאַפּן מיט די פליגל אין די שויבּן און פאַלן פאַרגליווערט. די בּהמות שרייען אין שטאַלן; די פערד קלאַפּן אין טויער... מו — הוקען די קי און אָקסן; בּלעקען די שעפּסן, ווילן טרינקען און מען קען זיי צום בּרונעם ניט טרייבּן. מען קען פאַר זיי קיין וואַסער ניט בּרענגען.

— אויבּ דער שטורעם וועט ניט אַנטשווייגן ווערן צום מעת־לעת — וועט ער דריי מעת־לעת אָנהאַלטן — דערקלערן די ידענים.

דריי מעת־לעת געמיטן. דער שטורעם ווערט ניט אַנטשוויגן.

— אויבּ דער שטורעם וועט ניט אַנטשוויגן ווערן צו דריי מעת־לעת — וועט ער שוין זעקס מעת־לעת געדויערן — דערקלערן די ידענים.

זעקס מעת־לעת געמיטן. דער שטורעם ווערט ניט אַנטשוויגן.

— אויבּ דער שטורעם וועט ניט אַנטשוויגן ווערן צו זעקס מעת־לעת — וועט ער שוין גאַנצע ניין רייסן — דערקלערן די ידענים

און דאָסמאָל האָבּן זיי געטראָפן... אויפן צענטן מעת־לעת, פאַרנאַכט, האָט דער שטורעם נאָכגעלאָזן. דער שטעכעדיקער צפון־מזרח־ווינט, וואָס איז די גאַנצע צייט אַזש צעפּלאַצט געוואָרן בּלאָזנדיק, ער האָט אָנגעוואָרן די קראַפט; פאַרנייגט זיך צו מזרח־דרום. לינדער איז געוואָרן.

אויף מאָרגן, דעם צווייאונצוואַנציקסטן פעבּרואַר, האָבּ איך מיר געלאָזן מיט אַ פּאָר שטאַרקע פערד געשפּאַנט אין אַ שליטעלע, אויפצוזוכן יידישע דערפער.

ניט קיין וועג און ניט קיין שטעג. די זון האָט שוין אַ בּיסל געשמאָלצן און דער פראָסט האָט אונטערגעכאַפּט. דער צעבּושע־

ווערטער שניי־אָקעאַן איז פֿאַרגליווערט געוואָרן. די כוואַליע־רוקנס זיינען שאַרף ווי מעסערס. דער שטורעם האָט געטראָגן דעם שניי אינאיינעם מיט דער ערד און אַזוי אים געהורבעט. בלוילעך־גרוי, געלב און ווייס די שאַרפֿע קאָנטורן. באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ האָט זיך קאַלט געוויגט דער פֿאַרגליווערטער סטעפּ. ניטאָ קיין וועג און ניטאָ קיין שטעג. „מען פֿאָרט מיטן שכל". די פֿערד שלעפּן דעם ליידיקן שליטן: אַ סכנה אין אים צו זיצן. די ברוינע פֿערד זעען אויס אויסטערליש, קלעטערנדיק איבער דער פֿאַרגליווערטער געגנט.

אָט באַווייזן זיך סימנים פֿון דערפֿער. ווינטמילן מיט צעבראָכענע און אָפּגעבראָכענע פֿליגל. באַווייזן זיך מענטשן־סילועטן, טרעטן פֿאָרזיכטיק און באַטראַכטן די וועלט. און אָט באַווייזן זיך אַ פּאָר יידישע דערפֿער: רעכטס — דער 44; לינקס — 45. זייערע לייט זיינען דעם ערשטן יאָר אין סטעפּ. מיט אַ חודש צוריק דאָרט געווען. זייערע הייזער — צום גרעסטן טייל זיינען נאָך ניט קיין הייזער. געראָטענע... האָבן פֿריער אויפֿגעבויט שטאַלן. די שטאַלן איבערגעצאַמט. אַ ווינקעלע בלויז פֿאַר זיך ביזן קומענדיקן יאָר: ניט באַוויזן קיין גאַנצע הייזער אויפֿצושטעלן. איך זוך מיט די בליקן די דאָזיקע צוויי שורות הייזער — קוים וואָס מען זעט זיי אַרויס. צי לעבן זיי? און ווי אַזוי וועלן זיי מיך איצטער באַגעגענען? איך מאָל מיר די פּנימער פֿון די מענטשן, וואָס איך קען און געדענק... אינאיינעם מיט דעם אַגראָדזשאָינט־פֿאָרשטייער, וואָס באַגלייט מיך, ספּעקולירט מען: בהמות זיינען געפֿאַלן; מענטשן ליגן קראַנק...

און דאָס לעבן...

דווקא אין אַזעלכע מאָמענטן לאַכט זיך דאָס לעבן אויס פֿון אַלע שווערע מחשבות. ווי גרויס איז דער חשק צום לעבן אין צייט פֿון סכנה! און ווי ווייניק באַדאַרף אַ לעבעדיקע באַשעפֿעניש אין צייט פֿון סכנה, אַבי זיך דערהאַלטן ביים לעבן. ווי אָפּטימיסטיש מענטשן זיינען אין דעם ערשטן מאָמענט ווען די סכנה איז אַריבער! ווען די געפֿאַר רירט אָן אַ גאַנצע געזעלשאַפֿט, ווייזט זיך יעמאָלט אַרויס דעם מענטשנס כאַראַקטער; דעקן זיך אָפּ, סיי די גוטע און סיי די שלעכטע כאַראַקטער־שטריכן. די ניין טעג זיינען געווען אַ פּרוּוו־שטיין פֿאַר די איבערוואַנדערער, וואָס פֿלעגן ביי איעדער געלעגנהייט

מסרן איינס אויפן אַנדערן, גערעדט פון ענגהאַרציקייט, פון ניט־פאַרגינערישקייט... אַזויפיל האָט מען געקרעכצט און געקלאָגט פאַר מיר בלויז מיט אַ חודש צוריק, ערב ווינטער, ווען די נויט האָט אַרויס־געבליקט. און איצטער, ווען די סכנה האָט געמיטן, אַז איך האָב זיך דערשלאָגן צו זייערע דערפער, צו זייערע פאַרשנייטע און פאַרווייטע היימען, בשעת איך האָב געוואַרט צו באַגעגענען יאָמער און קלאָג — איז מיר נאָר אַרויסגעקומען אַנטקעגן דאָס לעבן אַליין, כאָטש מיט אַ בלאַסן, אָבער פריידיקן פנים. האַלב־געפרווירענע, פאַרהונגערטע — נאָר מיט דעם פולן חשק צום לעבן:

— חבר, מיר לעבן!

— חבר, איצטער וועלן מיר שוין לעבן...

אַ פרוי ווישט די טרערן און דער טרוקענער מויל שמייכלט:

— ווער האָט געקענט גלויבן, אַז מיר וועלן שוין זען די ליכטיקע וועלט? האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר וועלן שוין באַגראָבן ווערן אונטערן שניי, און ערשט וועסנע־צייט, ווען דער ווינטער וועט לאָזן, וועט מען אונזער געפרוירענעם געביין געפינען.

און אַ צווייטע פרוי, וואָס מיט אַ חודש צוריק, אַז איך האָב איר הויז באַזוכט, האָט זי מיר שטיל געפרעגט: „איך בעט אייך, זאָגט מיר, וואָס וועט פון אונז דאָ ווערן?" — איצטער האָט זי מיך באַגעגנט, דאָס פנים לויטער פאַר שמחה:

— ניין, איך וועל זיך מער ניט קלאָגן פאַר אייך. איצטער זע איך, אַז דער מענטש איז שטאַרקער פון אייזן. וואָס זאָג איך, אייזן? האַרטער פון האַרטסטן שטאָל... ניטאָ אַזאַ שטאַרקע זאַך אויף דער וועלט ווי דער מענטש.

— חבר, אַז דאָס האָבן מיר איבערגעלעבט, וועט אונז שוין דער רוח ניט נעמען — האָט מיר דער אָפּטימיסט אַריינגעלאַכט אין פנים אַריין.

איך האָב מיך אָנגעהייבן דערקלייבן צו די הייזער. ווי מוילוואורפן האָט דער עולם זיך אַרויסגעגראָבן פון די טירן; געמאַכט טונעלן דורך דעם שניי. ווער ס'איז אינדערפרי אַרויס פון שטוב, האָט זיך געלאָזן צום שכן אָפּגראָבן די טיר, געהאָלפן דעם שכן אַרויס אויף

דער ליכטיקער וועלט. אין נאָך אַ צײַט איז מען דאָ און דאָרטן דורך שניי־טונעלן צוגעקומען צום שטאַל אָדער צום שטוב. אַרום און אַרום האָט דאָס בילד געשטשימעט בײַם האַרצן.

---

שווערער ווינטער אין קרים. פרעסט איבער דרײַסיק גראַד אין קרים. קאַלטע ווינטן. איבערוואַנדערער האָבן פון דעם ניט געחלומט, כאָטש כיי־ווי וואָלט זיי געווען קאַלט. אין די פריערדיקע צײַטן, ווען אַ פויער האָט געהאַט אַ סך לאַנד, געשניטן אַ סך תבואה — האָט ער געהאַט אַרום שטוב סטויגעס שטרוי און מיט דעם געהייצט. מען האָט געשטאָפּט דעם שטרוי אין אויוון. פײַער, איז פײַער. געווען וואַרעם. די סטעפּישע קרים האָט ניט קיין וועלדער. די טאָטערן האָבן פון קדמונים זיך באַנוצט מיט קיזיאַק — ציגל פון שאָפענע מיסט. דאָס ברענט פּאַמעלעך, גיט היץ און טשאַד. פון אַזאַ טשאַד בין איך אַליין שיר ניט אומגעקומען היינטיקן ווינטער. קרים פאַרמאָגט נאָך דעם קוראַי. סוף־זומער ווערט דער סטעפּ באַדעקט מיט דעם דאָזיקן קרימער „דעמב"... אַ שטעכעדיקער, דאַרנדיקער געוויקס, וואָס קומט אויף אין קײַלעכדיקע קוסטעס. שפּעט אין האַרבסט איז דער קוראַי טרוקן און טײַלט זיך גרינג אָפּ פון איבערגעבליבענעם וואָרצל. ניט שטענדיק געראָט ער שטאַרק, אָבער הײַ־יאָר איז קוראַי געווען גענוג. שווער געווען צו באַוועגן די איבערוואַנדערער, זיי זאָלן מיט דער בראָנע אַרויספאָרן אין סטעפּ און צונויפשאַרן דעם דאָזיקן קרימער דעמב. ער ברענט זייער גוט, נאָר מען באַדאַרף האָבן געדולד צו אים. איז שטעכעדיק און פלאַקערט שנעל. און כדי צו פאַרזאָרגן זיך מיט אים אויף אַ גאַנצן ווינטער איז נייטיק אָנצופירן גאַנצע בערג. אויפן קוק זעט אַ סקירדע קוראַי אויס אַ סך, אָבער ער איז ניט שפּאָרעוודיק און אונזערע איבערוואַנדערער נאַרן זיך די ערשטע צײַט אָפּ אויפן קוק. פונדעסטוועגן האָבן די איבערוואַנדערער אַ ביסל יאָ אָנגעגרייט פון דעם דאָזיקן דעמב. די זאַווערוכע האָט אים פאַרטראָגן מיט שניי און ס'איז געווען כמעט אוממעגלעך צו אים צוצוקומען.

נאָר אַז מענטשן זײַנען „שטאַרקער פון האַרטסטן שטאָל" — איז דאָך גיט שייך. האָט מען זיך אײַנגעוויקלט אין וואָס מען האָט

פֿאָר געקענט און געהאַט און מען איז געלעגן אין די בעטן. געלעגן אונטער איבערבעטן, אויב איבערבעטן זיינען געווען און דעם „האַרטן שטאָל" ווי עס איז דערהאַלטן ביי דער נשמה. וואו מען האָט מיט מיט עפּעס יאָ געהאַט צו דערהייצן דעם אויוון, איז געווים גוט געווען; איז מען געלעגן מיט קינד און קייט אויפֿן אויוון. אַז דער שטורעם האָט אויף אַ רגע נאָכגעלאָזן, האָט מען זיך גענומען פֿאַר די הענט און דערשלאָגן צו אַ הויז, וואו ס׳איז יאָ געווען מיט וואָס צו דערהייצן און אַלע אינאיינעם האָבן זיך געוואַרעמט. מען האָט געברענט שטיקלעך מעבל, מען האָט פֿאַרברענט בוי־מאַטעריאַלן. אַלץ איז געווען כּשר און ניחה, אַבי דאָס לעבן צו דערהאַלטן. דורך די ניט באַוואָרנטע טיר־און־טויער האָט די זאַווערוכע געטריבן דעם ווינטער אין שטוב אַריין; אין שטאַל אַריין. ווענט באַדעקט אינעווייניק מיט שניי און פֿראָסט. אַז מען האָט גענומען הייצן, האָט געקאַפּעט אין גערונען פֿון די ווענט און פֿון דער סטעליע. דערווייל האָבן דאָ און דאָרטן קי געבוירן קעלבעלעך — האָט מען די קי מיט די קעלבער אַריינגענומען אין שטוב אַריין. די עטלעכע עופֿות אַריינגענומען אין שטוב אַריין. ווער עס האָט געהאַט עטלעכע שעפּסן, האָט זיי אויך פֿאַרנומען אין שטוב. אַיעדנס שטיבל איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נוחס תּיבה...

הויז אויף הויז איז ניט ענלעך; שטאַל אין שטאַל איז ניט געראָטן. דאָ האָבן די ענערגישע די גאַנצע ניין טעג געקעמפּט מיט דער זאַווערוכע; זיך מוסר נפֿש געווען און געבראַכט וואַסער פֿאַר די בהמות, געבראַכט פֿאַשע פֿון די סקירדעס הינטערן שטוב, אָפּגעפֿרוירן פֿינגער, צוגעפֿרוירן פֿיס, צוגעפֿרוירן די נאָז — אַבי דיווירטשאַפֿט איז געבליבן, איז מען לעבעדיק. מען פֿירט אין שטאַל באַווייזן ווי עס זעען די בהמות גוט אויס.

און וואו עס האָט די ענערגיע זיך אונטערגעגעבן; די זאַווערוכע האָט זיך פֿאַרקליבן אין שטאַל אַריין, אין שטוב אַריין. די מענטשן, וואָס זיינען „האַרטער פֿון דעם האַרטסטן שטאָל", האָבן זיך פֿאַררוקט אונטער די איבערבעטן, באַהאַלטן אונטער די שמאַטעס און זיך צוגעהערט מיט שרעק צום געוואָי פֿון שטורעם; געקוקט

מיט שויעק צו די שטאַרע, פאַרשנייטע פענסטער און געטראַכט פון אַ נס.

— וואו נעמט כוחות אַזויפיל שניי אָפּצוראַמען? ווי קען מען זיך שלאָגן מיט אַזאַ שטורעמווינט... אַ דאַנק גאָט, אַבי מען איז לעבן געבליבן...

מדרגות, מדרגות אין צייט פון שפע און אַלדאָס גוטס. מדרגות, מדרגות אין צייט פון אומגליק, אין צייט, ווען אַ סטיכיע בושעוועט אַרום. איינער דעם אַנדערן האָט געהאָלפן אין צייט פון נויט. מיט ברויט האָט מען זיך געטיילט. די גוטע מידות האָבן זיך אַרויסגעוויזן; דער אַלגעמיינער אָפּטימיזם איז אויך געווען אַ צייכן, אַז פון קריגער סטעפּ וועט מען קיין יידישע דערפער אַזוי גרינג ניט אַראָפּבלאָזן.

---

אַ שטיבעלע אַ קליינס, אָפּגעצאַמט פון שטאַל. אַ צייטווייליקע הרובע. פון די ווענט רינט און די שטוב איז פול מיט לעבן. אַ יונגע מאַמע, אַן ערשטלינג, מיט אַ האַלב־יאָריק קינד אויפן האַנט. ס׳קינד מיט רויט געפרוירענע פיסעלעך און סע לאַכט. די מאַמע באָרוועס, די הענט ביז די אָרעמס פאַרקאַשערט, אין איין דין קליידל און מיט די גאָלע הענט שטאָפּט זי דעם שטעכעדיקן קוראַי אין הרובע אַריין און זי איז גליקלעך:

— מען איז דאָך לעבן געבליבן...

טאַטע־מאַמע אין שטיבעלע. יינגערע שוועסטער. שכנים האָבן זיך צונויפגענומען. אַ רויט קעלבעלע, דריי טעג אַלט, בריקעוועט אַרום און מאַכט אַלעמען וואַרעם.

באַדאַרף מען נאָך עפּעס ביי זיי פרעגן?

— ווען נאָך ברויט וואָלט געווען... ווען אַ גרויס וואָלט געווען... מילך איז פאַראַנען און לעבן איז מען געבליבן... מען זאָגט, ס׳איז שוין די לעצטע זאַווערוכע — וואָס זאָגן עפּעס די וואָס קענען קרים, איז דאָס טאַקע די לעצטע זאַווערוכע?

יידן האָבן בטחון און יידן האָבן קיין געדולד ניט, נאָר אַז מען שרעקט אַ יידן איבער — קריגט ער ביידע זאַכן: סיי בטחון און סיי געדולד.

מען איז מודיע, אַז מען וועט זיך באַדאַרפֿן צונויפֿשפּאַנען; צוגרייטן שליטנס און פֿאָרן אין שטאָט אַריין. אין שטאָט וואַרט מען. פֿוראַזש איז דאָרט צוגעגרייט. ווען נאָר דער וועג זאָל האַלטן; ווען נאָר דער שניי זאָל ליגן. אָבער קרים האָט גאָר קיין שליטנס ניט. ווען ליגט אַ שניי לאַנג אין קרים, אַז מען זאָל זיך קענען אָנשליטלען געגוג? און וואו נעמט מען איצטער שליטנס?

כאַפּן זיך אַרויס די בעריאַקעס, מיט די גילדערנע הענט:

— גיט מאַטעריאַל, וועט מען מאַכן שליטנס.

— שיט אָן זאַלץ דעם ווינטער אויפֿן עק, ער זאָל אַזוי גיך ניט אַנטלויפֿן, ביז מען וועט מאַכן די שליטנס!...

---

— איז דיר ניט קאַלט אין די פֿיס?

פֿרעג איך דעם גרעאַטענעם, ניין-יאָריקן בלאָנדן זונעלע, אַריינקומענדיק אין אַ ד'-אמותדיק שטיבעלע. דאָס זונעלע זיצט ביים סאַמע טיר. הויזעלעך קורצע, די פֿיס ביז די קני באָרוועסע און רויטע. ער לערנט אויס אַ ליד פֿון אַ יידישער כרעסטאָמאַטיע.

— דיר איז קאַלט, חברל? — פֿרעג איך אים.

— ניין, מיר איז ניט קאַלט; גאָר ניט קאַלט. מיר איז גוט.

די מאַמע צעבלאָזט אַ פֿייערל אין הרובע און קלייבט נחת.

— איז דיר דאָ בעסער ווי דאָרטן? — פֿרעג איך ווידער איר זונעלע און איך ווייס אַפֿילו ניט וואו דער „דאָרטן“ איז.

— אוודאי איז מיר דאָ בעסער ווי דאָרטן. דאָ האָבן מיר אַזאַ שטוב... אונזערע אַ שטוב. און ערד האָבן מיר...

און ער צעפֿירט מיט די הענט און באַווייזט די שטוב און מיט די הענט מעסט ער פֿאַר מיר אָפּ זיין ערד.

די מאַמע וואָלט באמת געוואָלט וויינען. אירע באַקן אײנגעצויגן. מער ווי די פֿאָר גערשטענע פּלעצעלעך ניטאָ אין שטוב. נאָר, אַז דעם זון איז גוט, וואָס קען זי שוין איצטער מאַכן? קייקלען זיך די טרערן און דער פּאַרטריקנטער מויל שמייכלט. ווישט זי די טרערן און זאָגט שוין עפּעס אַנדערש. איז זי שוין מסכּים מיטן ניין-יאָריקן גרעאַטענעם זון אירן:

— אוודאי איז אים דאָ בעסער. עפּעס אַ קליינינקייט — מיטן לעבן איז מען זיכער. כאָטש אין סטעפּ, פונדעסטוועגן איז מען זיכער מיטן לעבן...

---

ביי די גאָר שלימזלניקעס איז די קו געפאַלן אויף די פיס. ליגט די קו אינמיטן שטוב און קען זיך ניט אויפהייבן. אַ קו ביי אַלע חושים. עסט און טרינקט. גיט אַפילו מילך; נאָר קען זיך ניט אויפהייבן. די באַלעבאַטים — געוועזענע קאַטערינשטשיקעס — צוויי משפחות. די קאַטערינקע דרייט זיך ניט. דרייט מען זיך איצטער אַליין אַרום דער אַנידערגעפאַלענער קו. די קו קוקט מיט קלוגע, פאַרשטענדלעכע אויגן צו מיר: „אָט אַזוי האָט מען מיך געלאָזן אַנידערפאַלן; אָט אַזוי דרייען זיך אַרום מיר די מענטשן, מעלקן מיך, טרינקען מיין מילך"...

און די מענטשן, וואָס דרייען זיך אַרום דער קו, זאָגן מיר:

— אַנידערגעפאַלן און פרעסן פרעסט זי מער פון אַ געזונטער קו. אפשר ווייסט איר אַזאַ מין שפּרוך, מע זאָל זאָל זי קענען אַוועקשטעלן אויף די פיס?

שכנים האָבן די קו אונטערגעהויבן אויף אַ שטריק, צוגעבונדן צום באַלקן. געמיינט, אויף אַזאַ מין אופן וועט מען זי קענען שטעלן אויף די פיס. אָבער דער עלטסטער פון דאָרף האָט מיר געזאָגט:

— ווען מען וואָלט געקענט די מענטשן שטעלן אויף די פיס... קאַטערינשטשיקעס, זיי דרייט זיך די קאַטערינקע אין קאָפּ.

---

און דאָך איז אין דאָרף פאַראַן איין שטוב. וואַרעם. טרוקן. די זאַווערוכע האָט די דאָזיקע שטוב ניט בייגעקומען. דער שטאַרקער פון דאָרף; ער האָט מיר און טויער פעסט געהאַלטן. אַהין קלייבט מען זיך איצטער צונויף. מען באַראַט פונדעסטוועגן אַראָפּריידן פון האַרצן. איצטער, אַז מען איז אינאיינעם — ווילן אַלע ריידן. אַלע ווילן דערציילן. אַריבער די ערשטע פרייד. געמוטן די סכנה. שוין אַ רגילע שפּעטער. די וועלט האָט שוין אָנגעקלאַפּט אין זייערע טירן... וויל מען זיך באַקלאָגן.

מען גיט איבּער די ידיעה, אַז ס'איז פאַראַן אַ געוויסע סומע געלט צו פאַרטיילן צווישן די איבּערוואַנדערער. הילף איז אָנגעקומען פון דער צענטראַלער קאַנטאָר. באַדאַרף מען נאָר וויסן, ווער עס איז נויטבּאַדערפטיק און ווער עס וועט זיך קענען דורכשלאָגן מיט זיינע אייגענע כּוחות...

דאָ איז געוואָרן שמאָל: איינער האָט גאָרניט; דער אַנדערער האָט אַ קלייניקייט; דער דריטער האָט אַ בּיסעלע מער — נאָר פון האָבּן, בּיז ניט האָבּן, איז גאָרניט קיין ווייטער מהלך. איך קען דעם דאָרף. איך קען דעם עולם. געקליבּענע, איינס אין איינס. איינער דעם אַנדערן ווינטשט נישט קיין בּייז. נאָר אַז ס'איז געקומען צו זאָגן, ווען מען זאָל געבּן און וועמען מען זאָל ניט געבּן — האָבּן זיך די געמיטער אַ רודער געטאָן. האָט מען פאַרקוקט צו אַיעדערן אין דלות אַריין. איינער ווייסט, וואָס בּיים אַנדערן אין טעפּל קאָכט זיך. מען האָט גענומען ציילן די גריפּן; וועגן דאָס בּיסל פּוראַזש; געמאָסטן די סקירדע קוראַי... און עס האָט ניט געטויגט. מען האָט זיך צעוואָרטלט. די נערוון צעשרויפטע — האָט מען זיך אָנגעהייבּן גאָר אומגעריכט פאַר זיך אַליין צו קריגן. דער שווערער ווינטער האָט ערגעץ געבּויערט, געקלעמט בּיים האַרצן, געשלעפּט בּיים צונג. און מען האָט זיך געקריגט און אָנגעהייבּן אויפצוּוואַרפן איינער דעם אַנדערנס חטאים. נאָר בּאַלד האָט מען זיך געכאַפּט... ניט שיין. האָט מען זיך פאַרשעמט.

און איינער נאָכן אַנדערן:

— איך וויל גאָרניט.

— ווי איך האָבּ געלעבּט בּיז איצטער, וועל איך לעבּן ווייטער.

— איך בּעט ניט קיין הילף.

און מען איז שטיל געוואָרן.

אַז מען איז געקומען צו זיך; די געמיטער האָבּן זיך בּאַרויקט—האָט מען זיך געכאַפּט, אַז די מעשה איז גאָרנישט שיין. סטייטש, אַ גאַסט פאַראַן; אַ גאַסט זאָל אַוועקטראָגן אַזאַ איינדרוק פון זייער דאָרף:

— נעמט ניט פאַר אומגוט, חבר, איר קענט מיינען, אַז דאָס איז אונזער עובדה. ס'איז ניט אַזוי. זאָל זיך די צייט פאַרבעסערן, וועט איר אונז ניט דערקענען.

— אין אומגליק האָט זיך איינער מיטן אַנדערן געטיילט, חבר. אין די גוטע צייטן וועלן מיר אויך איינער מיטן אַנדערן זיך טיילן.

— אָט, חבר, דערציילט קיינעם ניט און באַשרייבט עס ניט, אַז איר האָט אונז געטראָפן אין אַזאַ מצב... כ'מיין, אַז מע האָט זיך געקריגט איבער אַזאַ זאַך.

— דערציילט עס ניט און באַשרייבט עס ניט.

אָ, ניין, חברים, איך דערצייל עס איצטער אויך ניט. איך אַליין בין שפּעטער אַ נאַכט ניט געשלאָפן, ווען דורך מיר האָט געצויגן אייער צייטווייליקע נויט, ווען צו מיר האָט גערעדט אייער פרייד, וואָס איר זייט לעבן געבליבן, מיט האָפענונגען אויף גרינגערע צייטן... ווי קען איך איצטער גאָר דערציילן אויף אייך אַזאַ זאַך, אַז ווינטער, ניינאונצוואַנציקסטן יאָר האָט איר זיך אין מיין געגנוואַרט געקריגט, הלמאי גיט מען איינעם מער און דעם אַנדערן ווייניקער?... איך פאַרצייכן איצטער בלויז מיינע איינדרוקן פון דעם שווערן ווינטער פון 1929 און די שווערע ליידן פון די איבערוואַנדערער, וואָס האָבן נאָך זייער היים ווי געהעריק ניט געהאַט איינגעפונדעוועט אין קרימער סטעפּ.

---

צו מיר איז אויף מאָרגן געקומען דער איוב פון אַ שכנישן דאָרף 74; אַ דאָרף דריי יאָר אַלט און וואָס האָט ניט קיין מזל. אַ שטאַרקער ייד פון צפון. פאַר די פאָר וואָכן האָט ער זיך אַראָפּגערוקט. ער איז געזעסן אַ צייט און געשוויגן; געוואָלט, איך זאָל אים אויספרעגן, וועט ער מיר ענטפערן. האָבן מיר דעריבער ביידע אַ לאַנגע צייט געשוויגן. זיין היימיש פוטערל איז געווען אָפּגענוצט. די שטיוול אַרומגעוויקלט מיט זעק.

האָט ער זיך געשטאַרקט און אָנגעהויבן:

— איך בין פון צפון. אַ סטאָליער. מיר האָט גאָרניט געפעלט אינדערהיים. האָב איך געוואָלט זיין אין קרים און עסן ווייטרויבן... הלוואי וואָלטן מיך אין צייט פון די פּאָגראָמען די

באַנדיטן געקוילעט, מיך און מיין גאַנץ הויזגעזינד — וואָלט איך שוין איצטער געווען באַרויִקט. מע וועט דאָ אומקומען...

— איר זייט דאָך פֿון צפֿון—איז אײַך אַ נאָווינע פֿרעסט און זאַווערוכעס?

— אָבער קרים, דאָ זיינען מענטשן געפֿרוירן געוואָרן!...

— זעט איר דאָך, אַז אײַך איז באַשערט צו לעבן קעגן אײַער אייגענעם ווילן: פּאָגראָמען האָבן אײַך ניט גענומען און די זאַווערוכע אויך ניט...

האָט ער זיך צעלאַכט אויפֿן הויכן קול און האָט פֿאַר מיר אויסגעלייגט דעם פּלאַן ווי אַזוי ער גייט מאַכן זיין הויז איצטער. אַליין אַ סטאָליער, ווייסט ער ווי אַזוי... ער וועט דורכברעכן אַ טיר פֿון שטוב אין שטאַל; פֿון שטאַל — אין שטעלכעלע און פֿון שטעלכעלע — אין דעם הינער־שטעלכעלע. זאָלן קומען זאַ־ווערוכעס — וועט זיין פֿאַרשלאָגן טיר און טויער; וועט מען ניט באַדאַרפֿן אַרויסגיין דרויסן, אַז מע וועט באַדאַרפֿן מאַכן אַ שפּאַציר דורך די שטאַלן... און ווייטער האָט ער מיר דערציילט, אַז פּונקט אין דער זאַווערוכע האָבן זיך ביי אים ביידע קי אָפּגעקעלבט און ער ווערט ממש פֿאַרשוואומען מיט מילך:

אַז דער וועג וועט ווערן בעסער, קומט אַריבער צו אונז, וועט איר זיך אָנטרינקען מיט וואַרעמע מילך.

דאָס איז דער כוח פֿון לעבן.

---

# שוואַרצבּרוך

I

איך האָב זי צום ערשטן מאָל געטראָפן אינמיטן זומער, בשעת איר דאָרף אין צפון-קרים האָט ערשט געהאַט אָנגעצייכנט זײַנע קאָנטורן אויפן סטעפּ. באָרוועס, אין אַ דין קליידל און פאַרברוינטן בלאָנדן קאָפּ, האָט זי ניט אויסגעזען מער ווי זיבעצן-אַכצן יאָר. כאָטש ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז זי שוין אַלט געווען צוויי און צוואַנציק יאָר.

דאָס איז געווען בשעת איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט יענעם ראַיאָן. די ערשטע שלום-עליכמס האָב איך, ווי דער שטייגער, גע-קראָגן פון די באַיאָרנטע יידן, אָדער פון דעם יינגערן עולם מיט דער פּריצייטיקער פאַרזאָרגטקייט. געווייינטלעך זוכן יעמאָלט די אויגן צו קריגן אַן אָנהאַלט אין דער יוגנט וואָס שמייכלט נאָך און לאַכט. צו ערנסט און צו פיל פאַרדאגהט איז דער איבערוואַנדערער די ערשטע צייט. מען ווערט אָפט אַליין דערטרונקען אין זייערע שטימונגען ביז עס רוקט זיך ניט אונטער אַ ענערגישער שלום-עליכם, מיט אַ גוטן וואַרעמען האַנטדרוק.

אַזוי האָט עס געטראָפן בשעת מיין ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט איר. איר האַנט איז נאָך געווען מיידלש-ווייך און דער שלום-עליכם איז געקומען פון יונגן בלוט אַרויס, וואָס האָט אָנגעצינדן אירע, שוין אַזוי אויך פאַרברוינטע באַקן.

— מען קלאָגט, מען קלאָגט — האָט זי אַ זאָג געטאָן, אַריינלאַכנדיק דעם עלטערן עולם אין פנים אַריין.

און זי האָט צוגעגעבן:

— בויגט איר נאָר ניט אײַן אַזוי דעם קאָפּ ווי אונזערע איבער-וואַנדערער...

עס איז מיר אַ שאָד געווען אָפּצולאָזן איר וואַרעמע האַנט און ס'איז מיר דאָפּלט שווער געוואָרן די געזעגעלשאַפט פון דעם דערוואַקסענעם עולם, וואָס האָט געוואָלט לערנען פון מיין מינע, צי איך בין צופרידן מיט דער יידישער איבערוואַנדערונג, צי ניין. איך האָב נאָר אַ זאָג געטאָן צו איר, אַלע זאָלן הערן, נאָך האַלטנדיק איר האַנט:

— קרים האָט אייך האָלט. דער זומער האָט זיך באַזעצט אויף אַייערע באַקן.

האָט זי זיך צעלאַכט און נאָך אַמאָל אַ וואָרף געטאָן אויף דער זייט פון עולם מאַנסבּילן:

— חבר, זיי ווילן אייך אַיינריידן, אַז יידן האָבן אַראָפּגעבּראַכט די טריקעניש און די סוסליקעס האָבן אויך יידן אַהער פאַרנאַרט.

אַז איך האָב מיך אָנגעהערט און אָנגערעדט, ביז די איבערוואַנדערישע תרעומות האָבן זיך אויסגעוועבט — האָב איך מיר אַליין אַוועקגעלאָזט מיט דער לענג פון יונגן דאָרף און אומגעריכט בין איך צוגעקומען צו איר צוקונפטיקער היים. ס'איז געווען איינע פון די פיר הייזער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעהויבן פון צווישן זעמליאַנקעס און באַראַקן. מיט גליבעס אויסגעקנעטענע ליים אין בּיידע הענט האָט זי מיך באַגעגנט. זי האָט געשמידט די שטוב פון דרויסן. דער קרימער קאַלכשטיין איז אַזוי שיטער, אַז אויב מען שמירט דעם בנין ניט אויס פון אינעווייניק און אויסווייניק, איז ווינטער קאַלט.

— נו, וואָס האָבן אייך אונזערע איבערוואַנדערער דערציילט? — האָט זי מיט אַ טאָן פון אַ עלטערן מיך אַ פרעג געטאָן — איר וועט שוין פון אונז אַוועקפירן אַ גוטן פעקל צרות.

און באַלד האָט זי די צוויי גליבעס ליים אַראָפּגעוואָרפן, אָפּגעוואַשן די הענט אין דעם ביסל מוטנעם וואַסער, וואָס איז געשטאַנען דערביי אין אַ עמער, און האָט מיר ווידער געגעבן די האַנט און געדאַנקט, וואָס איך בין צוגעגאַנגען צו איר הויז. זי האָט מיך אַריינגעפירט אינעווייניק. פיר ווענט, קיין אויוון נאָך ניט געווען. אַ פּאָר אַלטע בעטן מיט אָנגעוואָרפענע בעטגעוואַנט. שטיקלעך מעבל. אַ ביסל תבואה אין אַ ווינקל. עס איז געווען אַ שטוב — אָבער נאָך ניט קיין היים. ווי צום ערשטן מאָל האָט זי איצטער אַליין באַטראַכט די ווענט

און אַליין באַגריפן ווי ווייט די דאָזיקע שטוב איז נאָך ניט יענער וואַרעמער ווינקל, פאַר וועלכן זי לייגט אוועק אַזויפיל כוחות. זי איז אַ ביסל אומעטיק געוואָרן און איך האָב באַמערקט אין איר אויף אַ ווײַלע דעם שפּור פון ווידערוואַקסונג — פון די זאַנגען, וואָס הייבן זיך אויף אַ ניט געאַקערט און ניט געזייט פעלד, פון פאַראַיאָריקע אָנגעוואָרענע קערנדלעך, וואָס זאַנגען האָבן אָנגעוואָרן אָן שניטערס וויסן.

זי האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז צו פרי האָט זי אַ פרעמדן מענטשן, נאָך אַ שרייבער דערצו, אײַנגעלאַדן אינעווייניק. מיט אַזאַ נאָענטקייט האָט זי מיך ווידער אָנגענומען פאַרן האַנט און געזאָגט:

— קומט דרויסן. די שטוב פון דרויסן איז מער ענלעך אויף אַ היים.

I

יאָ, ווידערוואַקסונג אויף אַ ניט געאַקערט פעלד. ווידערוואַקסונג, אויפגעקומענע פון פאַראַיאָרעדיקע, אָנגעוואָרענע קערנער און פון קיינעם ניט קיין געזאַנטע. זייער אָפט האָט מיר דער אָנהייב פון אַ נײַעם יידישן דאָרף אַזוי אויסגעזען. ווידערוואַקסונג. די עלטער באַזונדער; די יוגנט באַזונדער. בלוט פאַראייניקט זיי. אידעען צעטיילן זיי. דער טאַטע קוקט צום פעלד און טראַכט פון נעכטיקע טעג. דער זון קוקט צום פעלד און סע שרעקט אים ווען ער שפּירט, אַז זײַנע טריט ווערן דאָ שווערער. אויפן עלטערן דור ליגט דער יאָך פון דאגת פרנסה. אויף דער יוגנט האָט די רעוואָלוציע אַרויפגעלייגט דעם יאָך און הייסט איר צעאַקערן יונגערד, אַקערן ווייט און ברייט און זייען קערנער פון אַ העלער צוקונפט... הוילער סטעפּ. רויע ווירקלעכקייט. דאָרשט. הונגער. היץ. היכּע לאָזונגען. בײַ דעם נײַעם דאָרף. בײַ סאָציאַליזם אין דער אָפּגעשטאַנענער דאָרפישער געזעלשאַפט. די יוגנט ווערט רעקרוטירט. אויף איר לייגט מען אָן שווערע פליכטן. פון דער עלטער איז אַן עוולה, אויב... פון דער יוגנט איז אַ פאַרברעכן אויב... קאָמוניסטישע קעמערלעך אין דאָרף: דער אידישער אינזל. אין דאָרף ווערט אַלץ דערווײַלע אײַנגעשרומפּן. די צענטערס זײַנען ווייט. „ווען אַ ראַדיאָ וועט זײַן, וועט אַ וואָרט דערלויפן פון צענטער". „ווען דער דאָרף וועט שטיין

אויף זיין פונדאַמענט, צייט וועט זיין — וועט די יוגנט באַווייזן, אַז זי איז די יוגנט".

פונדעסטוועגן פאַרלויפט אָפט פון צענטער אַ באַפעל. אַ קאָמיסיע קומט און פאָרשט:

— וואָס טוט די יוגנט?

— פאַרוואָס איז די יוגנט איינגעשלאָפן?

— ניט אַנדערש די יוגנט בענקט אין שטאָט אַריין...

שמירנדיק די שטוב פון דרויסן, שמירנדיק איר אייגענע היים, כדי ווינטער זאָל זיין וואַרעם אין שטוב — האָט זי עס געטאָן מיט דעם יוגנטלעכן פייער און מיט דער איבערצייגונג, אַז דאָס וואָס זי טוט איז דאָס אַן אַרבעט פאַר דער העלער צוקונפט.

— מיינט איר ניט, חבר, אַז אָט דער דאָרף וועט שוין זיין דער נייער דאָרף? וואָס זאָגט איר, חבר?

די מלחמה געדענקט זי ניט אַזוי גוט. אָבער די פאָגראָמען און שפּעטער די רעוואָלוציע—דאָס געדענקט זי גוט. מיט דער רעוואָלוציע איז זי אויסגעוואַקסן. די אייגענע רעוואָלוציע, וואָס האָט איר, אַלס פרוי, געגעבן אַ נייע תורה, און איר געזאָגט הויך און קלאָר, אַז זי איז פריי. צו שנעל איז דאָס אַריבערגעלאָפן. צו יונג איז זי געווען דאָס אויפצונעמען. איצטער, אין נאָמען פון דער אייגענער רעוואָלוציע, וואָס האָט איינגעוואָרפן די אַלטע אָרדענונג און האָט דעקלאַסירט איר טאַטן דעם תבואה-הענדלער און געמאַכט אים פאַר דער צייט גרוי; דער מאַמען געמאַכט פאַר דער צייט אַלט און איינגעבויגן — די אייגענע רעוואָלוציע באַפעלט איר איצטער צו בויען אַ נייעם דאָרף. זי זעט אַ שטיק רעוואָלוציע אין דעם, וואָס איר פאָטער דער תבואה-הענדלער, וואָס האָט תמיד ביי פויערים צונויפגעקויפט תבואה — באַדאַרף איצטער אַליין אַקערן און זייען, וואָרעם פון אים פאָדערט איצטער די מלוכה, ער זאָל תבואה באַשאַפן. עס איז אַ רעוואָלוציע. אָבער דער פאָטער אירער, ווי אַ סך טאַטעס, שפּירט עס ניט. ער ווייסט נאָר, אַז אַמאָל, ווען דער ניט-יידישער פויער האָט געאַקערט און געזייט און באַקומען תבואה פון דער ערד, איז אים, דעם יידן, געווען גרינגער צו קויפן די תבואה און פאַרקויפן. דאָס איז דער פאָטער. דאָס איז דער אַלטער דור. זי איז דאָך אַ קינד פון דער רעוואָלוציע.

אפשר וועט עס די צייט אונטערשטרייכן, אַז דאָס וואָס זי אַליין שמירט די שטוב אירע און דינגט ניט קיין ניט־יידישע פּויערטעס, זיי זאָלן שמירן, ווי עס טוען אַ סך פון די יידישע איבערוואַנדערער, וואָס פילן זיך אַליין צו שמירן די הייזער — דאָס אַליין איז אַ טראָט נענטער צו אַ בעסערער צוקונפט. אין דעריבער איז דאָס אַזוי ליב צו טאָן, דעריבער איז אַזוי ליב צו קנעטן די ליים מיט די פיס.

— מיינט איר ניט, חבר, אַז ס'איז אַ פאַרברעכן אַנטקעגן דער רעוואָלוציע, וואָס אונזערע מיידלעך דרייען זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס איבערן דאָרף און פילן זיך צו טאָן דאָס וואָס איך טו? עס איז ניט רעכט אַזוי. די פרוי באַדאַרף דאָך באַווייזן, אַז זי העלפט בויען דעם נייעם יידישן דאָרף.

האָב איך מסכים געווען און צוגעגעבן:

— אוודאי אַזוי, חברטע, די פרוי אין נייעם יידישן דאָרף האָט דאָך שוין גאָר אַנדערע פליכטן. זי איז דאָך ניט מער די פרוי פון אַמאָליקן שטעטל.

איז זי אַ ווײַלע אומעטיק געוואָרן און ווי פאַר זיך אַליין, קוקנדיק אויף די פאַרליימיקטע פיס, געזאָגט:

— און אַמאָל ווערט עס טרויעריק. איך זוך די יוגנט; איר פאַרשטייט, חבר — די יוגנט, וואָס זאָל זיין אַזוי שיין, אַזוי פריש ווי אַ יונג פונאַנדערגעבליט ווייצנפעלד. טאַקע ניט ווי די טאַטעס, ווי די מאַמעס, נאָר מיט אַזאַ ווילן, אַז דער סטעפּ זאָל פאַלגן; אַז דער נאָך ניט־געבוירענער דאָרף האָט באַדאַרפט דערפילן די טריט בשעת די יוגנט איז אָנגעקומען אין סטעפּ אַריין.

און אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן:

— די רעוואָלוציע, חבר, זי האָט דאָך אונז געשיקט אַהער. ניט פאַרשיקט פאַר שווערע זינד — נאָר געשיקט ווי לעגיאָנערן אויפצואַקערן יונגערד. און איך שטיי און שמיר אַ שטוב גאָר. די אַנדערע חברטעס טוען דאָס אויך ניט. און די חברים — צי מיינט איר ניט, חבר, אַז זיי פעלט מוט?

דערווייל איז אונטערגעקומען אַ יונג שוועסטערל פון אַ יאָר אַכט, באָרוועס, אין אַ צעריסן קליידעלע, דורך וואַגן עס האָט זיך דורכגע־

לויכטן די בּלוילעך=ווייסע הויט פון אַן אָפּגעצערטן קערפּערל. די קליינע האָט געקוקט אַ ווײַלע צו דער עלטערער שוועסטער, איבּערגעטראָגן די בּלוילעך=גרויע אויגן אויף מיר און, ווייזט אויס, זי איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. די עלטערע שוועסטער האָט פאַרשטאַנען. האָט זיך אַנטשולדיקט, אַריינגעגאַנגען אין דער נייער שטוב און פון דאָרטן אַרויסגעבּראַכט אַ שטיקל שוואַרץ=גרויען בּרויט און דערלאַנגט דער שוועסטערל. די קליינע האָט עס גענומען און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן פריער געמאַכט אַ טלעכע פאַמעלעכע טריט, דערנאָכדעם איז זי אין איין געלויף אין ערגעץ אַוועק.

— דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען אַוועקגעפאָרן אין שטאָט ציגל בּרענגען אויף אַן אויוון — האָט זי ווייטער דערציילט — און דער עלטערער בּרודער איז אין סטעפּ. גוט וועט זיין, אַז דער גאַנצער דאָרף הייזער וועט שוין זיין. מען זאָגט, אַז מיר וועלן האָבּן פּיראָוגזעכציק הויפן... און דאָרטן, וואו עס ליגן שוין די שטיינער, די דריטע הויז פון דאַנען — דאָרטן בּויט אַ הויז מיין חבר... פעלן אים נאָך צוויי הונדערט שטיינער. און מיט די אָקסן אַוועקגעפאָרן. אַ וואוילער יאַט. אַ שאָד, וואָס ער האָט אייך ניט בּאַגעגנט. זיין טאַטן האָט איר היינט געזען.

זי האָט זיך פאַררויטלט, אַראָפּגעלאָזן די אויגן און אינסטינקטיוו האָט זי אָנגענומען צוויי גליבּעס אויסגעקנעטענע ליים.

— איך וועל זיך נאָך מיט אים בּאַקענען — האָבּ איך געזאָגט און געמאַכט אַ בּאַוועגונג ווי אַוועקצוגיין.

איז זי ווידער געוואָרן אומעטיק. איך האָבּ בּאַמערקט, אַז איר פאַרדריסט, וואָס גאָר אומגעריכט איז זי אַוועק פון דער טעמע: „רעוואָלוציע און נייער דאָרף“ און גאָר פאַרקראָכן אין אַ זייט. ווען זי האָט ווידער אָפּגעוואַשן די הענט, כדי מיט מיר זיך צו געזעגענען, האָט זי מיר אַריינגעקוקט אין פּנים און געזאָגט:

— מיר זיינען נאָך דערוויילע צו גרויסע עגאָיסטן. איך ווייס, ס'איז אַ פאַרבּרעכן פאַר דער רעוואָלוציע... נאָר ער איז אַ וואוילער יאַט. זעט, וויפל שטיינער ער האָט אָנגעפירט...

III

דאָרט וואו עס רעגנט ווינציק אין לויף פון זומער-סעזאָן, איז כדי דער גרונט וואָס באַדאַרף אויפנעמען די ווינטער-זריעה זאָל באַהאַלטן אין זיך פייכטקייטן, וואָס האָבן זיך אין אים אָנגעזאַמלט פון צעשמאָלצענעם שניי און פרילינג-רעגנס — אַקערט מען פונאַנדער אַזאַ גרונט נאָך אין פרילינג, כדי צו פונאַנדערברעכן די לופט-רערעלעך, וואָס די פייכטקייט מאַכט אַליין פאַר זיך, לאָזנדיק די זון זאָל זי אויסזויגן. רופט מען עס „שוואַרצברוך", אָדער: „שוואַרצער-פאַר". צוליב דעם טונקעלן אויסזען פון דעם צעאַקערטן און ניט פאַרזייטן פאַס ערד, וואָס שוואַרצט זיך צווישן די אויפגעגאַנגענע ווינטער-אָדער פרילינג-זריעה. דער גרונט וואַרט אויף ווינטער-זריעה.

יאָ, שוואַרצברוך רופט מען אַזאַ צוגעגרייט פעלד פאַר דער ווינטער-זריעה. ביסלעכווייז קומט עס צום יונגן און אומדערפאַרענעם יידישן פויער דער באַוואוסטזיין, אַז כדי די ווינטער-זריעה זאָל זיין אַ באַוואָרנטע, איז נייטיק צו אַקערן די ערד אַזוי פרי, אַזוי פרי — יעמאָלט בשעת עס גלוסט זיך גאָר רוען. עס ווייסן גאָר ניט אונזערע איבערוואַנדערער, ווי די צייט האָט אין זיי אויפגעאַקערט דעם שוואַרצברוך און גרייט זיי פאַר ווינטער-זריעה. די צייט אַקערט רויק אָבער זיכער; זי פאַרשאַפט פיזישן ווייטאָג. ווייל די רעוואָלוציע האָט איינעם צוגעגעבן אַ דאָזע פרישע ענערגיע; אַ דאָזע פריש בלוט און ביי דעם אַנדערן — האָט די אייגענע רעוואָלוציע אָפגעצאַפט ענערגיע; אָפגענומען בלוט. ערגעץ-וואו וועט זיך עס מוזן אויסגלייכן... איינער וועט דעם אַנדערן שטערן און אַליין ניט פילן ווי ער ווערט אין שפּאַן אַריינגעשלעפּט. פון שוואַרצברוך אין צייט, פון אַ אמתער זריעה אין צייט — קומט אַרויס די נאָרמאַלע גערעטעניש. פון ווידערוואַקסונג האָבן זיך דערנערט אָרעמעלייט אַמאָל אין יידישן לאַנד:

— „עס וועט קיינמאָל ניט פאַרשווינדן דער אָרעמאַן פון לאַנד".

און דעריבער זאָל דער זאַטער ניט אויפקלייבן דאָס, וואָס פאַלט פון זיינע הענט; דאָס וואָס סע גיסט זיך איבער זיינע ליפּן. פאַרן

אָרעמאַן זאָל עס בלייבן... טראַדיציע. יידישע טראַדיציע — אַלמענטשלעכע טראַדיציע. די פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ קראַנקער סאָציאַלער גערעכטיקייט. די סאָציאַלע רעוואָלוציע פֿאַרלייקנט די דאָזיקע פּסיכאָלאָגיע. און זי האָט דעם איינגעבאָרענעם אָרעמאַן און באַשאַפֿענעם אָרעמאַן — פֿון זיי ביידן באַשאַפֿן איין פֿאַרלאָזענעם און באַרוואַקסענעם סטעפּ און זי צעאַקערט דעם דאָזיקן סטעפּ און מישט איבער די עלעמענטן און פֿאַרשטעלט אַלע מעגלעכקייטן פֿאַר ווידערוואַקסונג. ווידערוואַקסונג פֿון פֿאַרלאָרענע תבואה־קערנדלעך און ווידערוואַקסונג פֿון פּאַראַזיטישע געוויקסן, וואָס קומען אויף אייגענעם באַראָט.

---

דער לעצטער ווינטער איז געווען אַ שווערער אין קרים. פֿריער קאַלטע רעגנס און געדיכטע, קלעפּיקע בלאָטעס, דערנאָכדעם זאַווערוכעס — די איבערוואַנדערער האָבן זיך איינגעקאָרטשעט, איינגעוויקלט אין די אויסגעריבענע אַמאָליקע פֿעלצן און אין הייגטיקע ניט באַצויגענע שאָפֿענע טולופּלעך. מען האָט שוין אָפּגעזיפֿצט; אין צוגעגרייטן שוואַרצבּרוך פֿאַרזייט די ציטעריקע זריעה. ניט צו אַיעדערן איז געקומען דער פֿרילינג, אָנגעקלאַפּט אין טיר און געזאָגט:

— ניט קיין ווידערוואַקסונג וועסטו האָבן. דיין שוואַרצבּרוך איז אַ געראָטענער. די זריעה איז אַ געראָטענע.

יאָ, דער ווינטער 29 איז געווען זייער אַ שווערער. די בלאָטעס און דערנאָכדעם די שניי־ציקלאָנען האָבן מיך אויך פֿאַרשמידט אין שטוב אַ צייט. איך בין גערן געווען, אַז עמעצער פֿון די יידישע איבערוואַנדערער זאָל פֿאַרבלאָנדזשען צו מיר. אין אַזאַ פֿאַרנאַכט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר. איך האָב געעפֿנט און ס׳איז אַריינגעקומען, איינגעוויקלט אין אַ שווערן, אַלטן מאַנסבילשן גרוי־שוואַרצן מאַנטל, אין שווערע, פֿאַרבלאָטיקטע שטיוול, מיט אַ פֿאַטשיילע אַרומגעוויקלט — אַ פֿרוי. דער האַלב־פֿאַרדעקטער פּנים האָט צו מיר געשמייכלט באַקאַנט. עס איז מיר תחילת שווער געווען צו דערמאָנען זיך, וואו איך האָב זי באַגעגנט. זי האָט פֿאַרשטאַנען מיין פֿאַרלעגנהייט. ווען זי האָט אַראָפּגענומען דאָס טיכל פֿון קאָפּ, האָט זי גאָר ניט געוואַרט ביז איך וועל טרעפֿן און אַליין געזאָגט:

— דאָס בין איך, די געוועזענע גוטשע הורוויטש און איצטער — גוטשע פרומקין. איר געדענקט אוודאי זומער — איר האָט מיך באַגעגנט בשעת איך האָב געשמירט אונזער שטוב...

כאָטש דער נאָמען גוטשע איז געבליבן (ניט מער וואָס פון הורוויטש איז געוואָרן פרומקין) — נאָר דער שווערער מאַנסבילשער מאַנטל און די שווערע פאַרבלאָטיקטע שטיוול, די פון קעלט רויט־געוואָרענע און אָנגעקוואָלענע הענט, האָבן געווירקט מער ווי דער נאָמען. ווייל אין אמתן האָב איך איצטער ערשט זיך דערוואוסט, אַז איר נאָמען איז יעמאָלט געווען גוטשע הורוויטש. זי האָט זיך כסדר באַמיט זיצנדיק, צונויפצובריינגען און האַלטן אירע ביידע פיס צוזאַמען. די צוויי מאַנסבילשע שטיוול, ווען זיי האָבן זיך אָפּגעשיידט איינס פון אַנדערן, האָט עס אויסגעזען גלייך ווי אַ רויע גרויסע כמעט וואָלט זי געבראַכט מיט זיך.

האָב איך געפרעגט:

— האָט איר פאַרזייט דעם גאַנצן שוואַרצברוך?

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט זי אומגעריכט אַ לאַך געטאָן — איר טראַכט אויך פון אונזער שוואַרצברוך... זע איך איצטער ניט אויס אַליין ווי אַ שטיק שוואַרצברוך?

זי האָט זיך ווידער צעלאַכט און דאָס בלוט איז אַריין אין פנים אַריין. איצטער האָב איך זי דערקענט. דאָס פנים האָט זיך צעוואַרעמט; דאָס אייגענע פנים, וואָס יעמאָלט זומער. נאָר מיר איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, אַז מיט פינף חדשים צוריק האָב איך זי באַגעגנט. ניט דער שטח צייט, וואָס ליגט צווישן איין סוף־זומער און איין אָנהייב־ווינטער האָט זיך איצטער געשפרייט צווישן מיין ערשטער באַגעגעניש מיט איר, יעמאָלט ווען אין איין קליידל, אַ באָרוועסע, האָט זי געשמירט איר שטוב און איצטער, ווי די זיצט אַזן איינגעוויקלטע אין אַ שווערן מאַנסבילשן מאַנטל און אין שווערע פאַרבלאָטיקטע שטיוול. זי האָט עס אַליין גאַנץ באַוואוסטזיניק קלאָר געמאַכט ווען זי האָט אַ לאַך געטאָן און געפרעגט:

— זע איך איצטער אַליין ניט אויס ווי אַ שטיק שוואַרצברוך?

דער שמועס, וואָס האָט זיך שפּעטער געצויגן, די דערציילונגען פון דער צייטווייליקער נויט צווישן די איבערוואַנדערער; די קאַלטע

הייזער, די הונגעריקע היימען — דאָס איז געווען אַ בייזאַך אין דעם מאָמענט. זי האָט מיר אינסטינקטיוו אויסגעדריקט איר פרייד מיט דעם, וואָס קומענדיקן זומער וועט זי באַדאַרפן שמירן איר אייגענע הויז און אַז איצטער, אינאיינעם מיט איר יאַט האָט זי אַן אַנדער קוק אויף דער גאַנצער זאַך...

זי האָט עס מיר דערקלערט מיט אירע אייגענע ווערטער:

— די רעוואָלוציע האָט די יידישע מאַסן פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק ניט-געאַקערט און פאַרווילדעוועט פעלד. איצטער גייט אַ שווערער טראַקטאָר איבער דעם דאָזיקן פעלד און ברעכט אויף דעם גרונט פאַר דער אמתער זריעה. עס טוט וויי. אָבער שוואַרצבּרוך האָב איך ליב, כאַ-כאַ-כאַ.

אַז זי האָט זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין, נאָכדעם ווי זי האָט מיר איבערגעגעבן אַ בריוול צו אירע קרובים קיין אַמעריקע, האָט זי באַמערקט, אַז מיט אירע שטיוול האָט זי אַריינגעטראָגן אַ שטיק סטעפּ אין שטוב אַריין און אויסגעשפּרייט אים אויפן געפּאַרבטן דיל... זי האָט איצטער דערפילט, אַז צווישן אונזער ערשטער באַגעגעניש זומער, ביז דער צווייטער באַגעגעניש איצטער, האָט דער אַקער פון דער נייער צייט דורכגעשניטן איר לעבן אויף.

האָט זי מיר באַוויזן ביידע רויטע, פון פרעסט געפרווירענע און אָנגעבלאָזענע הענט און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— איך ווינטש אַייך נאָר, אַז איר וועט קומען צו אונז אַ צווייטן מאָל, זאָל שוין אונזער שוואַרצבּרוך האָבן די איבּערלעבעניש פון דער ערשטער נאַטירלעכער געבורט...

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

## אַלע ווערק פון פּרץ הירשביין

אינדיע
ארץ־ישראל
פעלקער און לענדער
אַ פאַרוואָרפן ווינקל
ווען דאָס לעבן פאַרגייט
ווינטמילן
גרינע פעלדער
איינאַקטערס
שוואַרצברוך